וולאדימיר גראָסמאַן

# וועלט־יידנטום
# אין
# דער וועלט־פּאָליטיק

## 1973-1914

פּאַריז
1973

דאָס בוך איז געווידמעט
דעם אָנדענק פון מיינע עלטערן,
דעם גרויסן למדן ר׳ א ל י ה ו
און מיין טייערער מוטער ר ח ל.

## וולאַדימיר גראָסמאַן בוך־קאָמיטעט:

ד״ר מ. אוּוערבוך — פּאַריז

מאַקס בראודע — זשענעווע, גענעראַל־דירעקטאָר „אָרט״

פּרץ גוטערמאַן — פּאַריז, רעדאַקטאָר „אונזער שטימע״

אלאַן גראָסמאַן — לאָס אַנדזשעלעס, אַדוואָקאַט

ד״ר נח גריס — פּאַריז

ד״ר וולאַדימיר האַלפּערין — זשענעווע, דירעקטאָר „אָרט״

לעאָן לענעמאַן — פּאַריז, פּאָרזיצער פון יידישן שרייבער־ און זשורנאַליסטן־פּאַראיין

יוסף לעפּטוויטש — לאָנדאָן, שרייבער

פּראָפ. אַרטור לערמער — מאָנטרעאַל

מענדל מאַן — פּאַריז, רעדאַקטאָר „אונזער וואָרט״

ש. מילמאַן — ניו־יאָרק, „אָרט״

ד״ר עזריאל נאַקס — ניו־יאָרק, אַלוועלטלעכער יידישער קול־טור־קאָנגרעס

י. פּרעגער — ניו־יאָרק, רעד. „פרייע אַרבייטער שטימע״

מרדכי צאַנין — תל־אביב, רעד. „לעצטע נייעס״

ד״ר אליהו שולמאַן — ניו־יאָרק רעד. „דער וועקער״

עריק שיבער — פּאַריז, דיר. „אָרט״

פּ. שראַגער — פּאַריז, דיר. „אָרט״

# אַ דאַנק

דאָס בוך „וועלט־יידנטום אין דער וועלט־פּאָליטיק" וואָס איך פּרעזענטיר דאָ פאַר מיינע לייענערס איז אַ סך־הכל פון אַ גרויסער פאָרשונגס־אַרבעט: פון עטלעכע הונדערט אַרטיקלען געווידמעט דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק און יידישע אינטערעסן אין דער דאָזיקער פּאָליטיק האָט מיין פרוי יאָסי גראָסמאַן־גראַנדיצקי, צו־זאַמען מיט מיר, די וויכטיקסטע אויסגעקליבן.

ד"ר נח גריס און זיין פרוי ליזאַ האָבן רעדאַקטירט אויף אַ גאַנץ פּערפעקטן אופן דעם צוזאַמענגעבראַכטן מאַטעריאַל.

אונדזער דאַנק צו זיי פאַר דער מיטאַרבעטערשאַפט איז אוי־סערגעוויינטלעך גרויס און אויפריכטיק. קיין בעסערע מיטאַרבע־טער קאָן מען זיך ניט פאָרשטעלן.

קיינער פון אונדז האָט ניט געוואָלט איבערטרייבן די באַדיי־טונג און די וויכטיקייט פון די געשעענישן אין דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער פּאָליטיק און זייער דירעקטער אָדער אומדירעקטער באַציאונג צו יידישע אינטערעסן.

מיר דריקן אויס אונדזער דאַנקבאַרקייט די גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציעס: דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס, דעם וועלט־פאַר־באַנד „אָרט" און דעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, וועל־כע האָבן מעגלעך געמאַכט דאָס אַרויסגעבן פון בוך, בשעת די היינטיקע שוועריקייטן פאַר דער פּובליצירונג פון אַ יידישער שריפט.

אַ באַזונדערן דאַנק בין איך שולדיק די צוויי אומדערמידלעכע פירערס פון „אָרט", דעם גענעראַל־דירעקטאָר מאַקס בראַודע און דעם דירעקטאָר ד"ר וולאַדימיר האַלפּערין פון זשענעווע, ווי אויך פּראָפ. עזריאל נאַקס פאָרזיצער פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס און מיין נאָענטן פריינד ד"ר אליהו שולמאַן פון ניו־יאָרק.

## „צעזייט און צעשפּרייט"

מיר זענען צוגעוווינט צו זאָגן, אַז אונדזער פאָלק איז „צע־זייט און צעשפּרייט" איבער דער גאָרער וועלט, און פאַרגעסן דער־ביי, אַז אין דער ווירקלעכקייט מיינט דאָס, אַז מיר זענען היינט אַ וועלט־פאָלק און זענען דאָס שטענדיק געווען. טויזנטער יאָרן פאַר דעם געבוירן ווערן פון דער היינטיקער מדינת ישראל זענען מיר געווען אַ פאָלק מיט אינטערעסן אין דער גאַנצער וועלט. אומע־טום אַ מינדערהייט, אָבער אומעטום אַ פאָלק מיט אייגענע נאַציאָ־נאַלע יידישע אינטערעסן. עס איז קיין מאָל דערביי ניט געווען קיין פּראָבלעם פון דאָפּלטער אָדער דרייפאַכער לאָיאַליטעט. אפילו פאַר קעגנער, רעליגיעזע אָדער פּאָליטישע, אויב זיי זענען געווען פון אַ געוויסער קולטור־קוואַליטעט, האָט ניט עקסיסטירט דער פאָרוואורף פון דאָפּלטער לאָיאַליטעט ביי יידן.

עס איז געווען נאַטירלעך, אַז יידן, וואָס האָבן בייגעטראָגן צו דער אַלגעמיינער וויסנשאַפט, צו דער קונסט און ליטעראַטור אין פאַרשידענע שפּראַכן, יידן וואָס האָבן געקעמפט פאַר דער פריי־הייט פון די פעלקער צווישן וועלכע זיי האָבן געלעבט און געאַר־בעט, זענען געבליבן יידן, האָבן געהערט צום יידנטום. דער צו־שטאַנד האָט זיך קיין מאָל נישט געענדערט.

דערפאַר איז יידישע וואַנדערונג, אויסוואַנדערונג און איינ־וואַנדערונג, קיין מאָל ניט געווען ביי אונדז אַ דעסטרוקטיווער פּראָצעס, נאָר אַן עלעמענט פון בויען און איבערבויען. עס וואַנ־דערן געוויינטלעך נאָר די וואָס ווילן ניט אונטערגיין און וואָס זענען

גרייט צו זוכן אין דער וועלט אַ בעסער פּלאַץ מיט בעסערע לעבנס־באַדינגונגען. איך האָב געקענט אַ גרעסערע גרופּע פון ליטווישע יידן, וועלכע האָבן באַשלאָסן אויסצוואַנדערן פון רוסלאַנד קיין דרום־אַפריקע. זייענדיק אין ענגלאַנד אויפן וועג קיין דרום־אַפ־ריקע האָבן די עמיגראַנטן באַקומען צו וויסן, אַז קאַנאַדע האָט ערשט אָנגענומען אַ באַשלוס, דעם אַזוי גערופענעם „האָמסטעדט־געזעץ", וואָס גיט דאָס רעכט יעדן איינוואַנדערער, וואָס באַזעצט זיך אין לאַנד, צו באַקומען הונדערט און זעכציק אַקר ערד, בויען אַ הויז און פאַרנעמען זיך מיט אַגריקולטור. די גרופּע ליטווישע יידן האָט אויסגעדרייט דעם וואָגן, איז אַוועקגעפאָרן אנשטאט דרום־אַפריקע קיין קאַנאַדע, אָנגעקומען קיין וויניפּעג און דאָ אויסגעקליבן פאַר זיך לאַנד אין סאַמע צפון פון מערב־קאַנאַדע. איך האָב באַזוכט אין 1920 זייער קאָלאָניע עדענברידזש און געזען זייערע נייע היימען וואָס זיי האָבן זיך געבויט, די וועלדער וואָס זיי האָבן געדאַרפט אויסקארטשעווען כדי צו פאַרזייען די נייע, פרישע פעלדער, — אַ שווערע, זייער שווערע אַרבעט, וואָס זיי האָבן פריער קיין מאָל ניט געטאָן, — און זענען געווען צופרידן.

אַזוי זענען אַנטשטאַנען אַ סך נייע יידישע ישובים אין פאַ־ריקן און היינטיקן יאָרהונדערט. דאָס וויכטיקסטע דערביי איז געווען און איז געבליבן, אַז די אַלע נייע ישובים האָבן זיך ניט אָפּגעריסן פון דעם יידנטום, האָבן זיך ניט אַסימילירט, נאָר זיך צוגעפּאַסט צו די נייע פרעמדע לענדער און פעלקער און געבליבן יידן, טיילן פון דעם וואָס מיר רופן אָן מיטן וואָרט וועלט־יידנטום.

עס איז ניט געווען אונדזער „היסטאָרישע מיסיע" צו ווערן „צעזייט און צעשפּרייט", עס איז געווען אונדזער דראַנג צו לעבן פריי און פאַרבלייבן אַ גאַנץ פאָלק. יידן פון יאָהאַנעסבורג, דרום־אַפריקע, יידן פון בוענאָס איירעס, אַרגענטינע, יידן פון וויניפּעג און מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, יידן פון מינסק, פּינסק און אָדעס, רוס־לאַנד, זענען צווייגן פון דעם אַלטן בוים, וואָס הייסט יידנטום, צו וועלכן עס געהערן יידן פון פראַנקרייך, ענגלאַנד, איטאַליע, פאַר־אייניקטע שטאַטן. עס איז אַן אַלטער וויט פאַרצווייגטער בוים און

איז דעריבער נאַטירלעך פאַרבונדן מיט ווייט פאַרצווייגטע, אינ־טערנאַציאָנאַלע אינטערעסן, פּאָליטישע און קולטורעלע, עקאָנאָ־מישע און וויסנשאַפטלעכע. די פאַרבינדונג איז פּונקט אַזוי נאַ־טירלעך ווי די ספּעציעלע ראָלע פון מדינת ישראל און די אויסגע־ברייטערטע יידישע אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען אַלס אַ קאָנסע־קווענץ פון אונדזער „צעזייט און צעשפּרייט" זיין.

די אַרטיקלען וואָס ווערן פאָרגעלייגט אין דעם בוך דעם יידישן לייענער האָבן ניט שטענדיק אַ דירעקטע שייכות צו יידישע אינ־טערעסן, אָבער די געשעענישן וועלכע ווערן אין זיי באַרירט דאַרפן שטענדיק גענומען ווערן אין באַטראַכט ווען מיר רעדן וועגן אַלגעמיינע פּאָליטישע אינטערעסן. צי מיר ווילן אָדער ניט, צי די געשעענישן זענען גוט פאַר אונדז אָדער ניט גוט, צי די געשעענישן שפּילן זיך אָפּ אין נאָענטן אָריענט אָדער אין ווייטן מזרח פון אַזיע, זענען יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן ממילא באַ־רירט פון זיי און דאַרפן ניט איגנאָרירט ווערן...

מיר זענען אַ וויכטיקער עלעמענט אין די אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען, ווי מיר אַליין ווייסן דאָס און מיר מוזן וויסן דאָס אַזוי גוט ווי מעגלעך. די וועלט אין וועלכער מיר לעבן איז גרויס און פילפאַרביק. די אויפגעוועקטע פאַרגעסענע פעלקער פון אַפ־ריקע און אַזיע, די אָפּטע פּאָליטישע ערד־ציטערנישן אין די לענדער פון דרום־אַמעריקע און די אויסגעברייטערטע ראָלע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, — ווו עס געפינט זיך אויך דער גרעס־טער און איינפלוסרייכסטער יידישער ישוב, — פאַרלאַנגען פון אונדז אַ געוויסע מאָס פון קענטעניש כדי צו קאָנען זיך אָריענטירן.

אויב די אַרטיקלען און די אינפאָרמאַציעס אין זיי וועלן קאָנען אַרויסרופן ביי דעם יידישן לייענער אַ פאַראינטערעסירונג מיט די פּראָבלעמען פון דער וועלט־פּאָליטיק, וועט דער מחבר פון דער אַרבעט זיין זייער צופרידן. סיי פאַר מדינת ישראל און סיי פאַר דעם וועלט־יידנטום איז די וועלט־פּאָליטיק פון דער גרעס־טער באַדייטונג...

דערפאַר: וועלט־יידנטום אין וועלט־פּאָליטיק !...

**
*

דעם כלל האָב איך אַזוי אָפט ווי מעגלעך אונטערשטראָכן אין מיינע אַרטיקלען וועגן וויכטיקע אינטערנאַציאָנאַלע געשעענישן, אָבער איך ווער דאָך אָפט געפרעגט, וואָס מיינט אייגנטלעך „אין דער אמתן" דער דאָזיקער פּרינציפּ. וויל איך דאָ ברענגען איין קאָנקרעטן ביישפּיל, וואָס איך האָב קיין מאָל ביז איצט ניט באַנוצט, ווייל ער האָט געקאָנט מאַכן דעם איינדרוק פון פּערזענ־לעכער באַרימעריי.

— איך האָב פאַרלאָזט רוסלאַנד אויף שטענדיק אין 1913 בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָב געלעבט און געאַר־בעט ווי אַ פּובליציסט דער הויפּט אין קאָפּענהאַגען, דענעמאַרק.

בשעת עס האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה האָב איך שוין געלעבט יאָרנאַלנג אין קאַנאַדע און געוואָרן אַ בירגער פון דעם גרויסן און פרייען לאַנד.

דענעמאַרק איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון היטלערס אַרמייען. די קליינע יידישע באַפעלקערונג, אַן ערך דריי טויזנט מענטשן, זענען אַנטלאָפן קיין שוועדן. ביי אַ פינף הונדערט מענטשן האָבן די דייטשן פאַרשיקט אין דעם לאַגער פון טערעזיענשטאַדט.

אין דער אייגענער צייט, ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אָנגעגאַנגען און די פאַרבינדעטע האָבן געדאַרפט שיקן אַמוניציע און בפרט אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען פאַר דער רוסישער אַרמיי, וועלכע איז געטריבן געוואָרן ביז צו דער וואָלגאַ, האָט דאָס גע־קאָנט געשען נאָר איבער צפון־קאַנאַדע, דורך דעם האַלבאינדזל לאַבראַדאָר און דעם אינדזל גרענלאַנד, וואָס האָט געהערט צו דע־נעמאַרק און איז געווען אָקופּירט דורך די דייטשן. דער דענישער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן דע־קאַופמאַן, אַ פּערזענלעכער פריינד פון פּרעזידענט רוזוועלט, האָט געוואָלט אונטערשרייבן אַן אָפּמאַך, וואָס דערלויבט צו באַנוצן גרענלאַנד פאַר אַמעריקאַנער מיליטער־רישע צוועקן. אַזוי ווי קאָפּענהאַגען איז געווען אין די דייטשע הענט און די דענישע רעגירונג האָט ניט געקאָנט אונטערשרייבן אַזאַ אָפּמאַך מיט די פאַרבינדעטע, האָט דער דענישער אַמבאַסאַ־

דאָר אין וואַשינגטאָן זיך געמוזט אָפּזאָגן פון וועלכער עס איז לע־גאַלער פאַרבינדונג מיט זיין אייגענער רעגירונג אין קאָפּענהאַגען און אַליין אונטערשרייבן דעם אָפּמאַך מיט די פאַרבינדעטע.

עס האָבן זיך אין יענער צייט פאַרשפּרייט קלאַנגען, זיכער פון בערלינער קוואַלן, אַז די דענישע רעגירונג האָט אין אַ שטילן אָפּמאַך מיט דער היטלער־רעגירונג, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס דער דענישער ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן איז געווען זייער שטאַרק. די קלאַנגען אָבער זענען געוואָרן זייער פּיינלעך פאַר דע־נעמאַרק און ניט צום האַרצן. קיין שום אָפּלייקענען האָט ניט געהאָלפן.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט צו יענער צייט געשריבן זייער אַ סך אין דער עלטסטער ענגלישער צייטונג פון מאָנטרעאַל „מאָנטרעאַל גאַזעטטע” אַלס „ספּעציעלער מיטאַרבע־טער פאַר אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק”. די רעדאַקציע האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט צו דרוקן אַרטיקלען, וואָס האָבן אַ שייכות צו די קלאַנגען וועגן דייטש־דענישן אָפּמאַך. קיין צענזור איז אין קאַנאַדע ניט געווען, עס זענען אָבער געווען שטרענגע „אינסטרוקציעס”. עס האָט געדויערט אַ סך חדשים איידער איך האָב באַקומען אַ דערלויבעניש צו דרוקן אַ סעריע גרויסע אַרטיקלען וועגן דער געשיכטע פון פּרייסן און דייטשלאַנד און זייער פיינדשאַפט צו דענעמאַרק און וועגן אומזין פון די קלאַנגען, וואָס קאָמפּראָמיטירן דענעמאַרק. כ'האָב באַקומען אַן אָפיציעלן דאַנק פון אַמבאַסאַדאָר דע־קאַופמאַן.

די דערמאָנטע סעריע אַרטיקלען האָט אין גאַנצן געענדערט דעם פּאָליטישן אַספּעקט פון דאָזיקן פּראָבלעם. דער פאַרלאַג פון מאַק־מיללאַן אין קאַנאַדע האָט געדרוקט מיין בוך „דאָס פאַן־גער־מאַנישע שפּינגעוועב”. דאָס בוך האָט געבראַכט דאָקומענטן און אַ רייכן מאַטעריאַל, וואָס האָט אויף אַ גאַנץ נאַטירלעכן אופן אָפּגע־ווישט יעדן פלעק פון דענישן נאָמען.

נאָך דער מלחמה איז דאָס בוך דערשינען אין קאָפּענהאַגען אויף דעניש. עס איז אויך דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן דער אָרדן

„קאנג כריסטיאן דען טיענדעס פריהערסמעדאיללע" (קעניג קריס־טיאן דעם צענטנס פרייהייטס־מעדאַל), וואָס איז אין דער אמתער איבערזעצונג אַן „אָרדן פאַר פערסאָנען וואָס האָבן געקעמפט פאַר דענעמאַרקס באַפרייאונג אויסערהאַלב דענעמאַרק". איך האָב ניט געמאַכט קיין גרויס ווענן פון דעם, וואָס איך האָב באַקומען די דאָזיקע אויסצייכענונג, ווייל כ'האָב ניט געהאַט בדעה צו מאַכן פאַר זיך רעקלאַמע. פאַר מיר איז דער עיקר געווען, וואָס ניט געבעטן פון קיינעם האָב איך אונטערגענומען די אַקציע און אַלץ וואָס איך האָב אין דעם פּרט געטאָן איז געקומען פון מיין אייגע־נעם יידישן ווילן צו רעאַגירן אויף דער רוצחישער אינוואַזיע פון היטלער־דייטשלאַנד אויף דענעמאַרק. מיין „פּריוואַטע" אינטער־ווענץ האָט אין יענער צייט באַדייט זייער פיל. דאָס איז געווען אַ פּראַקטישע אָנווענדונג פון דעם פּרינציפּ „וועלט־יידנטום אין דער וועלט־פּאָליטיק".

---

# איבערזעצונג פון דעניִשן דיפּלאָם

לויטן אַלהעכסטן באַפעל פון קעניגלעכן אָרדנס־סעקרעטאַריאַט לאָזט דער אונ־אונטערגעשריבער קאַנצלער פאַר די קעניגלעכע אָרדנס וויסן, אַז זיין מאַיעסטעט דער קעניג אין אַלהעכסטן חסד אין הסכם מיטן אַלהעכסטן באַשלוס באַוויליקט צו געבן דעם זשורנאַליסט און מחבר

## וולאַדימיר גראָסמאַן

דעם צום אָנדענק פון דענעמאַרקס באַפרייאונג געגרינדעטן דעם 5־טן מאַי 1945

קעניג כריסטיאַנס דעם צענטנס

## פרייהייטסמעדאַל

אָנהייבנדיק פון 5־טן מאַי 1946.

קאָפּענהאַגען, אמאליענבארג, דעם 8־טן יוני 1946.

געחתמעט

האַראַלד

פּרינץ פון דענעמאַרק.

Classen Grossmann

Genpart.




*Efter allerhøjeste Befaling udfærdiget i*

# *De Kongelige Ridderordeners Kapitels-Sekretariat.*

*Undertegnede Kansler for De Kongelige Ridderordener gør herved vitterligt: at det allernaadigst har behaget Hans Majestæt Kongen ved allerhøjeste Resolution at tildele*

Journalist, Forfatter Vladimir Grossmann, Montreal,

*den til Ihukommelse af Danmarks Befrielse den 5. Maj 1945 indstiftede*

## Kong Christian den Tiendes Frihedsmedaille

*fra den 5. Maj 1946 at regne.*

*København, Amalienborg, den* 8. juni 1946.

sign. Harald.
Prins til Danmark.

sign. V. Laub.

Rigtigheden attesteres.

ORDENSKAPITLET
Amalienborg, København K.

Den 21. april 1971.

E.A. Nielsen.
Sekretariatschef.

# דער כינעזישער דראַקאָן און דער רוסישער בער

אייגנטלעך קאָנען ניט און אָפּט מאָל ווילן ניט די אייראָפּעער פאַרשטיין די אייגנאַרטיקע ראָל, וואָס דאָס היינטיקע קאָמוניסטישע כינע שפּילט אין די געפערלעכע אַזיאַטישע קאָנפליקטן. די פּנימער פון מאַאָ און טשו־ען־לאַי און זייערע ניט שטענדיק קלאָרע דע־קלאַראַציעס, קאָנען מאַכן דעם איינדרוק, דעם פאַלשן איינדרוק פון אַזיאַטישער עקשנות. פון אַ בייזן „אַריינמישן זיך" אין פרעמדע ענינים. ווען מען ווייסט ניט וואָס זענען די כינעזישע פּלענער פאַר דער נאָענטסטער צוקונפט, פאַרשטייט מען ניט וואָס פאַר אַ זין עס האָט דאָס אַרומפאָרן פון כינעזישן פּרעמיער־מיניסטער קיין מצרים, קיין טאַנזאַניע, קיין צפון־אַפריקע.

עס זענען אַוועק אַן ערך הונדערט יאָר נאָך די אימפּעריאַליס־טישע און קאָלאָניאַליסטישע אַטאַקעס פון גרויס־בריטאַניע, פראַנק־רייך און רוסלאַנד קעגן דער איזאָלירטער אַלטער כינעזישער אימ־פּעריע. עס איז געווען אַן אמתער רויבער־פעלדצוג קעגן אַ פאַר־שלאָפן, אַלט קולטורלאַנד פון טויזנטער יאָרן, אַרומגערינגלט ניט נאָר פון אַ שטיינערנער מויער, נאָר אויך פון אַ מענטאַליטעט פון פולשטענדיקער גייסטיקער איזאָלירונג.

אין אייראָפּע האָט מען דעמאָלט גערעדט וועגן דער „געלער געפאַר", בעת אין דער אמתן איז די געפאַר געקומען פון דעם שנניי־ווייסן אייראָפּעאיזם. אונדז אינטערעסירט היינט נאָר דאָס פּראָבלעם פון די רוסיש־כינעזישע באַציאונגען, וועלכע ווערן מיט יעדן טאָג אַלץ שאַרפער צוגעשפּיצט. די סאָוויעטישע רעגירונג

מאַכט דעם אָנשטעל, אַז עס איז איר ניט קלאָר, פון וואַנען עס נעמט זיך ביי די כינעזער אַזוי פיל צאָרן קעגן רוסלאַנד, פאַר וואָס קאָנען ניט צוויי קאָמוניסטישע ברידער־פעלקער געפינען אַ גע־מיינזאַמע שפּראַך. דערוויל גרייטן זיךביידע צום גרויסן יום הדין, וואָס איז אומפאַרמיידלעך. די סאָוויעטישע רעגירונג ווייסט זיכער, אַז די אַלטע צאַרישע רעגירונג האָט מיט אַן ערך הונדערט יאָר צוריק פאַרכאַפּט אַ שטיק כינעזיש לאַנד ביים טייך אַמור און אַז פריער צי שפּעטער, וועט כינע פאַרלאַנגען צוריק די גאַנצע געגנט, וואָס הייסט אוסוריסקי קראַי, מיט די שטעט כאַבאַראָווסק און וולאַדיוואָסטאָק. טאָמער וועט דער פאָרשלאַג ניט באַפרידיקט ווערן אויף אַ פרידלעכן אופן, וועט קומען צו אַ מיליטערישן קאָנפליקט.

עס קלינגט גענוג ווילד אַ חשבון פון מיט הונדערט יאָר צו־ריק. אָבער דער ענין איז גראָד איצט געוואָרן העכסט אַקטועל. די באַפעלקערונג פון כינע איז היינט צווישן זעקס הונדערט און פער־ציק און זיבן הונדערט מיליאָן, בעת די באַפעלקערונג פון רוס־לאַנד איז עטוואָס איבער צוויי הונדערט מיליאָן. דאָס כינעזישע לאַנד ווערט היינט געמאָסטן ניט מיט קילאָמעטערס נאָר מיט מע־טערס. די ערד קאָן מער ניט געבן קיין גערעטעניש. זי איז אויס־גענוצט און פאַרברויכט. עס איז אַ נאַטירלעכע נויט אין מער ערד, אין פרישער ערד. פונקט אַזוי ווי רוסלאַנד האָט געמוזט אָפּגעבן מאַנדזשוריע, וועט זי מוזן אָפּגעבן די ריזיקע פרוכטבאַרע געגנט ביים אַמור. עס איז נישט קיין פאָדערונג פון פיינטלעכער אָקופּאַציע־גיריקייט. עס איז די פאָדערונג צו באַפרייען פאַרכאַפּטע ערד. צי האָט פראַנקרייך ניט געוואַרט פינף און פערציק יאָר ביז זי האָט צוריקבאַקומען פון דייטשלאַנד עלזאַס־לאָטערינגען? הונ־דערט יאָר פרעמדע אָקופּאַציע מיינט ניט קיין סך אין חשבון צווישן פעלקער.

לאָמיר דערמאָנען די פאַרגעסענע פאַקטן:

דער רוסישער דיפּלאָמאַט, וועלכער האָט זיך געפונען צו יענער צייט אין אַזיע (אין כיוואַ און בוכאַראַ) בשעת די ענגליש־

פראַנצייזישע עקספּעדיציעס האָט אין יאָר 1860 מאַרשירט אויף פּעקין און האָט זיך אַריינגעריסן מיט איר עסקאָרט פון קאָזאַקן אין דעם פּאַר פּרעמדע, פאַרבאָטענעם צענטער פון פּעקין, איז גע־ווען גראַף ניקאָלאַי פּאַוולאָוויטש איגנאַטיעוו. ער איז שפּעטער, פון 1864 ביז 1877 געווען רוסישער אַמבאַסאַדאָר אין קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל און אַ קורצע צייט רוסישער אינערן־מיניסטער און דרך אגב, מיט זיין נאָמען איז אָנגערופן געוואָרן דער באַרימטער אַנטי־יידישער דאָקומענט, די „וורעמעניאַ פּראַווילאַ״, וואָס האָט פאַר־וואַנדלט די רוסישע יידן אין בירגער פון צווייטן קלאַס. די־אָ „צייטווייליקע תקנות״ האָט מען שפּעטער, אין היטלערס צייטן, אָנגערופן די „נירנבערגער געזעצן״. זיין זון, גראַף פּאַוועל ניקאָ־לאַיעוויטש איגנאַטיעוו, איז געווען גענעראַל־גובערנאַטאָר פון קיעוו און צולעצט בילדונגס־מיניסטער אין ניקאָליי דעם צווייטנס לעצטער רעגירונג. ביים אויסברוך פון דער באָלשעוויסטישער רע־וואָלוציע האָט זיך אים איינגעגעבן צו פאַרלאָזן רוסלאַנד צוזאַמען מיט זיין פרוי און זין און באַזעצן זיך אין קאַנאַדע.

די דאָזיקע באַמערקונג האָט טאַקע נאָר דעם כאַראַקטער פון אַ זייטיקן עפּיזאָד, אָבער זי האָט אויך אַ שייכות צו דער ערשטער דיפּלאָמאַטישער פאַרבינדונג פון רוסלאַנד מיטן אַלטן כינע.

דער שרייבער פון די שורות האָט געאַרבעט אַלס פאַרטרעטער פון אַ גרויסער מאָסקווער צייטונג אין דער פּערטער (און לעצטער) דומאַ, ווו גראַף איגנאַטיעוו פלעגט אָפט קומען. אין קאַנאַדע זענען מיר געווען שכנים און געוואָרן גוטע פריינד. אין קאַנאַדע האָט זיך דער אינטערעסאַנטער און געבילדעטער מאַן אָפּגעזאָגט פון זיין גראַפן־טיטל און געבליבן פשוט, — פּאַוועל ניקאָלאַיעוויטש איגנאַטיעוו, פאַרנומען זיך מיט שרייבן זכרונות וועגן זיין פאָטערס פאַרגאַנגענהייט און זיין אייגענער קאַריערע. ער איז געבוירן גע־וואָרן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, בשעת זיין פאָטער איז דאָרט געווען רוסישער אַמבאַסאַדאָר און אין זיין זכרון זענען פאַרבליבן אַ סך אינטערעסאַנטע איינצלהייטן פון יענע צייטן. אין אַרבעטס־צימער פון זיין פאָטער איז געהאָנגען אַ בילד פון גלאַדסטאָן, דעם באַרימטן

ענגלישן שטאַטסמאַן, מיט וועלכן ער איז געווען באַפריינדעט און וואָס דאָס האָט דעמאָלט געהייסן צו זיין אַ פאַרביטערטער קעגנער פון ביקאָנספילד־דיזראַעלי. דער „אַלטער ייד״, ווי די אַנטיסע־מיטישע רוסישע פּרעסע פלעגט אָנרופן דעם פּאָפּולערן פּרעמיער־מיניסטער פון דער קעניגין וויקטאָריאַ, האָט געזאָלט שפּילן די וויכטיקע ראָלע אויף דעם בערלינער קאָנגרעס פון 1878, און דע־ריבער האָט מען ניט געקאָנט שיקן צום קאָנגרעס דעם גראַף איגנאַטיעוו אַלס פאַרטרעטער פון רוסלאַנד און מען האָט אים צוריקגערופן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל קיין פּעטערסבורג.

✶

די דיפערענצן צווישן רוסלאַנד און כינע זענען צום ווייַ־ניקסטן אידעאָלאָגישע; דאָס זענען די געוויינלעכע פּרינציפּן פון מלוכה־פירערשאַפט. דער סאָוויעטישער רעזשים האָט פון דעם אַלטן צאַריזם איבערגענומען דעם כלל: „אַלץ וואָס איז מיינס איז מיינס, און אַלץ וואָס איז דיינס קאָן אויך זיין מיינס״. דאָס האָט מען געזען ביים סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די אַלטע פּוילישע שטאָט לעמבערג פאַרבלייבט אַ רוסישע שטאָט לוואָוו, און די אַלטע דייטשע שטאָט קעניגסבערג, ווו קאַנט האָט געהאַלטן זיינע לעקציעס וועגן פילאָסאָפיע, ווערט אַ רוסישע שטאָט קאַלינינגראַד. אויסערן־מאָנגאָליע, אַן אַלטע כינעזישע טע־ריטאָריע, ווערט גאָר אַ סאָוויעטישע רעפּובליק...

די כינעזער זיצן ניט מיט פאַרלייגטע הענט. זיי ווייסן פאַר וואָס סאָוויעט־רוסלאַנד באַהאַנדלט איצט אַזוי ברייטהאַרציק אינ־דיע, פאַר וואָס סאָוויעט־רוסלאַנד שיקט אַזאַ מאַסע געווער קיין צפון־וויעטנאַם, און פאַר וואָס מאָסקווע פאַרהאַנדלט אין דער אייגענער צייט מיט אַמעריקע. דאָס ווערט אַלץ געטאָן, כדי צו איזאָלירן כינע אויפן פאַל פון אַ מלחמה אין וויטן מזרח. די גאַנצע רוסישע דיפּלאָמאַטישע מאַשין איז איצט מאָביליזירט מיט דעם צוועק צו שאַפן אַ פּאָליטישע באַריערע אַרום כינע. אויב עס איז אמת, וואָס מאַאָ האָט געזאָגט, אַז ווען עס וועט קומען צו

אַ גרויסער מלחמה איז כינע גרייט צו פאַרלירן פּופּציק מיליאָן מענטשן, האָט ער זיכער ניט געמיינט אַ מלחמה אין טאַנזאַניע אָדער אין אַלזשיריע. מיט געדולד און מיט אַ שמייכל אויפן פּנים, באַטראַכטן די כינעזער דעם בער, וואָס האָט זיך צעלייגט אין דער גאַנצער לענג פון ליבאַווע ביים באַלטישן ים, ביז וולאַדיוואָסטאָק.

די פראַגע פון אַ צוזאַמענשטויס צווישן דעם דראַקאָן און בער איז ניט מער ווי אַ פראַגע פון צייט.

(„לעצטע נייעס", דעם 28־טן יאַנואַר 1966)

## דער פּראָצעס אין מאָסקווע

עס איז ניט זייער וויכטיק פאַר אונדז מיט וואָס עס ענדיקט זיך דער פּראָצעס פון דעם רוסישן שרייבער סיניאַווסקי און דעם רוסיש־יידישן שרייבער און איבערזעצער דאַניעל. די אָפיציעלע סאָוויעטישע פּרעסע „איזוויעסטיאַ" און „פּראַוודאַ" — אויב מען קאָן אָנרופן די צוויי בלעטער מיטן נאָמען „פּרעסע" — האָבן פאַר־אויס געזידלט די צוויי אָנגעקלאָגטע פאַר זייער חוצפּה צו וועלן דרוקן אייניקע פון זייערע ווערק אין אויסלאַנד און אָנגעזאָגט פאַר־אויס, אַז מען וועט זיי „אָנלערנען". איז דאָס זייער שפּאַנענד ?

די רוסישע שרייבערס און זייער אָרגאַניזאַציע האָבן דאָך ניט אַרויסגעוויזן דעם מינדעסטן אינטערעס צו דעם טראַגישן סוף פון די יידישע שרייבערס בשעת דעם סטאַלין־טעראָר. בשעת דער דראַמע פון פּאַסטערנאַקס נאָבעל־פּרעמיע האָט אַ חברהמאַן ווי סורקאָוו, דער סעקרעטאַר פון רוסישן שרייבער־פאַראיין און שאָלאָכאָוו, דער פּרעמירטער קאָזאַצקער דיכטער, אָנגעפירט מיט דעם שדים־טאַנץ אַרום דעם רוסיש־יידישן דיכטער, געפירט די קאַמפּאַניע קעגן אים, ביז זיי האָבן אים אַריינגעטריבן אין קבר אַריין. דאָס איז דאָס נייע רוסלאַנד.

דער היינטיקער פּראָצעס איבער די צוויי קרבנות פון טעראָר־רעזשים, וואָס מען האָט געהאַלטן פינף חדשים אין תפיסה ביז צום פּראָצעס, איז וויכטיק פאַר דער גאַנצער וועלט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל אויפן פּראָצעס ווערט געמשפּט דער סאָוויעט־טישער רעזשים גופא — צוויי יאָר פאַר די פייערונגען פון דעם פופציק־יאָריקן יובל פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע.

אַ סך טראַגישע געשעענישן האָבן זיך אין די לעצטע פּאָר יאָר אָפּגעשפּילט אין סאָוויעט־רוסלאַנד גראָד ווען מענטשן האָבן גע־פירט דיסקוסיעס וועגן דעם, צי ס׳איז טאַקע דאָ אַ דעסטאַליני־זאַציע אָדער אַלע רייד וועגן דער באַפרייאונג זענען ניט מער ווי פּוסטע פּלוידעריי. דער היינטיקער מאָנסטער־פּראָצעס איז אַן ענט־פער אויף דעם פּראָבלעם.

אין דער זשענעווער צייטונג „טריבון דע זשענעוו" איז די טעג (8.2.66) אָפּגעדרוקט געוואָרן אַן אויספירלעכער שמועס פון אַ מיטאַרבעטער פון דער צייטונג מיט אַ פּראָפעסאָר פון זשענעווער אוניווערסיטעט מישעל אקוטוריע, אַ לערער פון סלאַווישע שפּראַכן, וועלכער האָט מערערע מאָל באַזוכט מאָסקווע, כדי צו פּערפעקציאָ־נירן זיך אין רוסיש און וועלכער האָט אין פאַרלויף פון די לעצטע צוועלף יאָר זיך געטראָפן און באַפריינדעט מיט ביידע אָנגעקלאָגטע אין דעם היינטיקן מאָסקווער פּראָצעס, מיט דעם ליטעראַטור־היס־טאָריקער אַנדרעי סיניאַווסקי און מיט דעם רוסיש־יידישן דיכטער דאַניעל. די דערקלערונגען פון שווייצער פּראָפעסאָר זענען דערפאַר פון גרויסן אינטערעס, ווייל מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַ וויסנ־שאַפטסמאַן און ניט מיט קיין פּאָליטיקער. בשעת זיינע שטודיען אין מאָסקווע האָט ער ניט געהאַט קיין שום פּאָליטישע אַמביציעס אָדער אינטערעסן.

פּראָפעסאָר אקוטוריע דערציילט: — עס איז געווען אין 1954 ווען איך בין געקומען קיין מאָסקווע און געמאַכט באַקאַנטשאַפט מיט אַנדרעי סיניאַווסקי, בעת ער האָט געגעבן אַ קורס אין דעם מאָסקווער אוניווערסיטעט וועגן ליטעראַטור אין צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט. איך בין געקומען צוזאַמען מיט אַנדערע פראַנצייזישע סלאַוויסטן, כדי זיך צו פּערפעקציאָנירן. איך האָב אויך דעמאָלט געטראָפן יוליוס דאַניעל. איך בין אַ סך מאָל געווען צוזאַמען מיט ביידע שרייבערס בשעת מיין צווייטן לאַנגן באַזוך אין מאָסקווע אין 1956 און אויך שפּעטער אין 1958. איך בין פאַרבליבן אין אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט סיניאַווסקי. די ידיעה וועגן זייער אַרעסט האָט מיך דערשיטערט. איך טראַכט מער פון אַלץ וועגן זייערע

פאַמיליעס.ביידע זענען זיי אין אַן עלטער פון אַן ערך פערציק יאָר, ביידע האָבן זיי פרוי און קינד. די פרוי פון סיניאַווסקי, מאַשאַ, איז פון פאַך אַ קונסט־געשיכטלערין און פּראַקטיצירט ניט מער איר פאַך, זינט דער זון איגאָר איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1964. די פרוי פון יוליוס דאַניעל איז די מוטער פון אַ יינגל פון צען יאָר. איך האָב ניט לאַנג געהערט, אַז זי איז שווער קראַנק. איך האָב געהאַט מיט זיי געמיינשאַפטלעכע אינטערעסן: דאָס איז די פּאָעזיע בשעת די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע. וועגן דעם האָט סיניאַווסקי צוזאַמען מיט זיינע קאָלעגן פון גאָרקי־אינסטי־טוט פאַר וועלט־ליטעראַטור אָנגעשריבן אַ וויכטיק ווערק. סי־ניאַווסקי האָט פּערזענלעך געקענט פּאַסטערנאַקן און ער האָט צו־געגרייט די אויספירלעכע הקדמה צו דער לעצטער אויסגאַבע פון פּאַסטערנאַקס ווערק, אַן אויסגאַבע, וועלכע ווערט באַטראַכט אַלס דער וויכטיקסטער רעזולטאַט פון דעסטאַליניזאַציע. דאַניעל איז פאַרנומען מיט דער איבערזעצונג פון פּאָעזיע. ביידע קענען זיי גוט די מאָדערנע קונסט (סיניאַווסקי האָט געשריבן אַ בוך וועגן פּיקאַסאָ) און ביידע אינטערעסירן זיך מיט פראַנצייזישער קולטור. דאָס שטערט זיי ניט צו זיין טיף איבערגעגעבן דער רוסישער גע־שיכטע און זיין שטאָלץ מיט דעם עסטעטישן און גייסטיקן אוצר פון אַלטן רוסלאַנד.

נאָך דעם קומט אַ וויכטיקע דערקלערונג פון שווייצער פּראָ־פעסאָר וועגן זיינע צוויי פריינד, מיט וועלכע ער האָט זיך געפילט פון אָנהייב אָן ווי מיט אייגענע, נאָענטע מענטשן: — אַנדרעי סיניאַווסקי האָט אָפט באַזוכט די צפון־דיסטריקטן ווו עס זענען נאָך פאַרבליבן אין אַ גוטן צושטאַנד אַלטע טראַדיציעס און פּאָל־קלאָר. ער פלעגט ברענגען מיט זיך אויסגעצייכנטע פאָטאָגראַפיעס, איקאָנעס, אַלטע מאַנוסקריפּטן....

יוליוס דאַניעל איז אַן אָפענער כאַראַקטער, אַ פריילעכער, פול מיט ענערגיע און ברייטהאַרציקייט. איך דערמאָן זיך אַזאַ פאַל: איך האָב געקויפט ביי אַ בוקיניסט כמעט אַלע ווערק פון אַלעקסאַנדער בלאָק. עס האָט געפעלט נאָר איין באַנד. מיין גאַסטגעבער האָט

תיכף אַרויסגענומען פון זיין אייגענער ביבליאָטעק דעם באַנד, וואָס האָט געפעלט, אָנגעשריבן אַ דעדיקאַציע און מיר אים איבער־געגעבן. ביידע האָבן זיי געהאַט די אמתע רוסישע גאַסטפריינד־שאַפט.

אויף דער פראַגע פון זשורנאַליסט וועגן יוליוס דאַניעל האָט דער פּראָפעסאָר געענטפערט: דאַניעל האָט אין סאָוויעט־רוסלאַנד פּובליצירט עטלעכע אויסגעצייכנטע איבערזעצונגען פון יידישע און אוקראַאינישע דיכטערס. איך גלויב, אַז זיין פאָטער איז געווען אַ יידישער שרייבער און האָט געליטן בשעת סטאַלינס פאַרפאָלגונגען („פערסעקוטע סו סטאַלין"). סיניאַווסקיס פאָטער איז אויך גע־שטאָרבן זייענדיק אין געפענגעניש („אַרביטערערמאַן אַמפּריזאָנע") בשעת די לעצטע יאָרן פון סטאַלינס לעבן. דרך אגב: ביידע האָבן ניט געוואָלט רעדן וועגן די פאַרגאַנגענע יאָרן. מען האָט ניט גע־פילט ביי זיי קיין בייזע טענות. דעסטאַליניזאַציע האָט פאַר זיי באַדייט דאָס אומקערן זיך צו דעם גייסט פון דער רעוואָלוציע, די באַפרייאונג פון שעפערישע כוחות...

דער שווייצער וויסנשאַפטסמאַן האַלט פאַר אַן אומזין, פאַר אַן אַבסורד דעם געדאַנק וועגן דעם, אַז זיינע צוויי פריינד אין מאָס־קווע זענען נישט קיין לאָיאַלע בירגער פון סאָוויעט־רוסלאַנד...

דער שווייצער וויסנשאַפטסמאַן, דערשראָקן און דערשיטערט, האָט ניט געקוקט אויף זיינע לאַנגע באַזוכן און שטודיען אין מאָסקווע ניט געקאָנט באַנעמען דעם אינהאַלט און דעם כאַראַקטער פון דעם היינטיקן רעזשים אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

(„לעצטע נייעס", דעם 18־טן פעברואַר 1966)

# אויף דריי פראָנטן

עס איז דער גרויסער, אפשר דער גרעסטער סעזאָן אין רוס־לאַנדס אויסערן־פּאָליטיק. אין אַלע היינטיקע אינטערנאַציאָנאַלע געשעענישן, און כמעט אַלע קאָן מען זיי באַצייכענען אַלס היס־טאָרישע געשעענישן, פון וועלכע עס איז אָפּהענגיק די צוקונפט פון דער וועלט, געפינט זיך רוסלאַנד אין סאַמע צענטער. עס איז גאַנץ גלייך צי דאָס קומט פון אַן אויסערגעוויינלעכן קוראַזש מצד די היינטיקע רעגירנדיקע קרייזן אין מאָסקווע, אָדער דאָס איז פשוט דער נאָרמאַלער גאַנג, די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון די געשעענישן, אָבער דער צוזאַמענשפּיל פון די פאַרשידענע שטור־מישע כוחות האָט אַוועקגעשטעלט די סאָוויעטישע קאָמוניסטישע אימפּעריע אין אַ דאָמינירנדער פּאָזיציע.

אַמעריקע איז טאַקע דאָס מעכטיקסטע און רייכסטע לאַנד. ענג־לאַנד איז נאָך אַלץ אַ וועלט־מאַכט און דער „בריטישער קאָמאָנ־וועלט פון פעלקער" איז די גרעסטע פעדעראַציע פון גרויסע, שטאַרקע און געזונטע מלוכות. אָבער די רוסישע אימפּעריע האָט זיך צעשפּרייט אויף צוויי קאָנטינענטן, פון ליבאַווע ביים באַלטישן ים ביז וולאַדיוואָסטאָק ביים יאַפּאַנישן ים. סאָוויעט־רוסלאַנד ליגט אַרומגערינגלט מיט זיבן ימען — דער ווייסער אין צפון, דער שוואַרצער אין דרום, דער קאַספּישער, דער פּאַסיפיק, די אייז־קאַלטן פּאָלאַר־וואַסערן, דער באַלטישער ים. איז דאָס גענוג? נישט גענוג. עס האָט געפעלט דער מיטללענדישער ים. הונדערט יאָר האָט רוסלאַנד געחלומט וועגן פאַרכאַפּן קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אַ־

ריינבאַקומען דעם באָספּאָר מיט די דאַרדאַנעלן. נאָך רוסלאַנדס מלחמות קעגן דער אַלטער טערקיי פאַר דער באַפרייאונג פון די סלאַווישע באַלקאַן־פעלקער איז רוסלאַנד שוין געשטאַנען אויף דעם אייראָפּעאישן ברעג אַנטקעגן קאָנסטאַנטינאָפּאָל,ביים סאַמע באָספּאָר. אָבער אויף דעם בערלינער קאָנגרעס פון 1878 האָט דער ענגלישער פּרעמיער־מיניסטער דיזראַעלי געזאָגט צו די רוסן: סטאָפּ! נאָך איין שריט און דער בריטישער פלאָט, וואָס געפינט זיך ביי די דאַרדאַנעלן, וועט באַקומען אַ באַפעל צו באַזעצן דעם באָספּאָר!...

היינט האָט די סאָוויעטישע אימפּעריע באַקומען די פּאָזיציע אין דעם מיטללענדישן ים דורך דער עגיפּטישער הינטער־טיר: די רוסישע באַזע אין אַלעקסאַנדריע איז ניי, מאָדערן, עפעקטיוו און פאַרזוכט צו פאַרנעמען זיך מיט דעם אַזוי גערופענעם זעקסטן אַמעריקאַנער פלאָט. דאָס הייסט דערפאָלג און וואָס פאַר אַ מעג־לעכקייטן!

אויף אַזאַ מין אופן האָט רוסלאַנד דריי גרויסע, צענטראַלע פּונקטן: דער ערשטער, דער געפערלעכסטער ביי די גרענעצן פון קאָמוניסטישן כינע, דער צווייטער ביי דעם בראַנדערבורגער טויער אין סאַמע צענטער פון בערלין און דער דריטער פראָנט אין נאָענטן מזרח. אַלע דריי פראָנטן אין פולשטענדיקער קריגס־צוגרייטונג. גיט אַ קוק אויף די דריי פראָנטן, פאַרבינדט זיי מיט אַ גראָדער ליניע און באַטראַכט גוט דעם דרייעק. נישט אַמעריקע מיט אירע אינטערעסן אין פּאַסיפיק, נישט דאָס גלענצנד־אָרגאַניזירטע יאַפּאַן קאָנען פאַרבלייבן גלייכגילטיק צו דער צוקונפט פון רוסלאַנד אין ווייטן אַזיאַטישן מזרח. נישט דייטשלאַנד, נישט פראַנקרייך און נישט די סקאַנדינאַווישע לענדער קאָנען שלאָפן רואיק צוליב מזרח־דייטשלאַנד. שלאָפן רואיק קאָן נאָר נאַסער. נאַסער ווייסט, אַז מיט סיריע אָדער אָן סיריע, מיט איראַק אָדער אָן איראַק וועט סאָוויעט־רוסלאַנד אָפּהיטן קאַיראָ און אַלעקסאַנדריע ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג. דאָ איז די נייע רוסישע מיליטערישע באַזע. ווי קייזער ווילהעלם האָט אַמאָל געזאָגט: „דייטשלאַנדס צוקונפט ליגט אויף

וואַסער", אַזוי מיינען די סאָוויעטישע סטראַטעגן, אַז דאָ, אויפן מיטללענדישן ים וועלן זיך אָפּשפּילן די גורלדיקע געשעענישן.

מען דאַרף זיך אומקערן צו די צייטן פון דער אַמאָליקער רוי־מישער אימפּעריע, כדי צו געפינען אַ גלייכונג צו דער היינטיקער פּאָליטיש־מיליטערישער לאַגע פון רוסלאַנד. אויף אַלע דריי פראָנטן דאַרף מאָסקווע זיין צוגעגרייט צו דער מעגלעכקייט פון אַן אויפרייס און פון אַ לאַנגער קאַמפּאַניע. מסתמא איז דער קרעמל אין שטאַנד צו קאָנטראָלירן די דריי פראָנטן. פון דעסטוועגן איז דאָ אַ פּריאָריטעט פון די פראָנטן און דאָס מוז זיין די רוסיש־כינעזישע גרענעץ. זי פאַרדינט אויך אונדזער אינטערעס און אויפ־מערקזאַמקייט.

רוסלאַנד האָט מיט אַן איבער הונדערט יאָר צוריק אָקופּירט אַ ריזיקן שטח כינעזישער ערד ביים אַמור און ביי אוסורי. דאָס גאַנצע לאַנד איינשליסלעך כאַבאַראָווסק ביז וולאַדיוואָסטאָק און ביז צום צפון־ים געהערט כינע. דאָס לאַנד איז פאַרכאַפּט געוואָרן בעת דאָס אַלטע, דעמאָראַליזירטע, קייזערלעכע כינע האָט געהאַלטן אין צעפאַלן זיך און איז איינגעפאַלן. רוסלאַנד האָט פאַרכאַפּט אויך מאַנדזשוריע, אָבער ווי מיר ווייסן, האָבן די כינעזער צוריק באַ־קומען מוקדען און כאַרבין. רוסלאַנד האָט געבויט אין ווייטן מזרח ריזיקע מיליטערישע אינדוסטריעס, שטעט, לאַגערן, געהיימע באַ־העלטענישן, אַלץ אויפן פאַל פון אַ מלחמה מיט כינע, וועלכע האָט שוין איצט אַ באַפעלקערונג פון איבער זיבן הונדערט מיליאָנען.

דאָס אַלטע כינע, אַרומגענומען מיט אַ מויער, איז פאַר דעם אַלטן רוסלאַנד געווען דאָס אייגענע מיסטעריעזע לאַנד ווי דאָס אַלטע רוסלאַנד איז געווען אַ מיסטעריע פאַר מערב־אייראָפּע. עס דאַרף אַרויס אויף ענגליש, אָדער אפשר איז עס שוין אַרויס, דאָס בוך מיט זכרונות פון גראַף איגנאַטיעוו, דעם בילדונגס־מיניסטער פון דער לעצטער צאַרישער רעגירונג. דורך אַ צופאַל האָט ער זיך געקאָנט ראַטעווען בשעת דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע צוזאַמען מיט זיין פרוי און זין און באַזעצן זיך אין קאַנאַדע. איי־נער פון די זין, געאָרגי פּאַוולאָוויטש איגנאַטיעוו, שוין אַן דעם

גראַף־טיטל, פאַרנעמט היינט איינעם פון די גרעסטע דיפּלאָמאַטישע פּאָסטנס. דער פּאָטער, פּאַוועל ניקאָלאַיעוויטש איגנאַטיעוו, איז גע־שטאָרבן אין קאַנאַדע. איך בין געווען באַפריינדעט מיט אים און האָב געלייענט דעם אָריגינאַל פון זיינע זכרונות. ער איז געבוירן געוואָרן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל בעת זיין פּאָטער איז דאָרט געווען דער רוסישער אַמבאַסאַדאָר.

אין זיינע זכרונות האָט איגנאַטיעוו דערציילט, ווי אַזוי זיין פּאָטער אַלס יונגער אָפיציר האָט זיך צוזאַמען מיט אַן עסקאָרטע קאָזאַקן אַריינגעריסן אין סאַמע צענטער פון פּעקין, ווו קיין שום אויסלענדער, אויך נישט קיין דיפּלאָמאַטן, האָט זיך נישט געטאָרט באַווייזן. אָבער דער צענטער איז פּשוט גענומען געוואָרן מיט שטורעם.

ווען כינע פאַרלאַנגט, אַז רוסלאַנד זאָל באַפרייען דאָס אַלטע כינעזישע לאַנד, איז דאָ נישטאָ קיין פראַגע פון אַן אינוואַזיע אָדער עקספּאַנסיע. עס וואָלט גענומען צו פיל פּלאַץ צו דערציילן אפילו בקיצור דאָס אַריינדרינגען פון אַלטן רוסלאַנד אין די טיפענישן פון אַזיע. רוסלאַנד האָט אויך הערמעטיש צוגעשלאָסן די וועגן קיין אַזיע און קיין שום פּאָרשערס און קיין שום האַנדלס־עקספּע־דיציעס האָבן נישט געקאָנט אַריינקומען.

אַלץ וואָס כינע טוט היינט איז אַ פאַרבינדונג מיט די צו־גרייטונגען צו דעם גרויסן פאַרמעסט מיט רוסלאַנד. די צוקונפט וועט באַווייזן, צי עס איז מעגלעך, אַז רוסלאַנד זאָל געווינען דעם פאַרמעסט. דער רוסישער דיפּלאָמאַטישער שפּיל מיט אַמעריקע מיינט פריער פון אַלץ באַקומען דעקונג פאַר דעם פאַל פון אַ גרויסער כינעזישער אַקציע.

עס איז דעריבער דערשטוינט צו ווערן, וואָס נישט קוקנדיק אויף די סכנות וואָס לויערן אויף רוסלאַנד אין וויטן מזרח, איז די רוסישע פּאָליטיק איינגעשטעלט אויף דער נייער און נישט ווייניקער געפערלעכער אַוואַנטורע אין נאָענטן מזרח. עס איז נישט מעגלעך, אַז די קרעמל־פּאָליטיקער קאָנען נישט די פּאַן־אַראַבישע און צווישן־אַראַבישע באַציאונגען, די קאָנפליקטן, וועלכע האַלטן ערשט ביים אָנהייב. צופיל רוסישע „טעכניקער“ געפינען זיך אין

עגיפּטן און אין אַנדערע אַראַבישע לענדער, אַז זיי זאָלן נישט וויסן מיט וואָס פאַר אַן אומבאַלאַנסירטע עלעמענטן זיי האָבן דאָרט צו טאָן. זיי דאַרפן נישט זוכן קיין סך אין תימן, אין די ענגלישע פּראָטעקטאָראַטן. די לאַגע איז דאָרט אומעטום גאַנץ קלאָר.

ווידער די לאַגע אין מזרח־דייטשלאַנד קאָן אויסזען סטאַביל אין די אויגן פון זייער אַגענט אולבריכט, אָבער דער רעזשים וועט זיך נישט האַלטן אייביק. אָט־אָט, נאָך אַ פּאָר יאָר און מערב־דייטשלאַנד וועט פּאָרט ווערן אַ גרויסמאַכט. אַטאָמישע באָמבעס, האָט מיר געזאָגט אַ גוט אינפאָרמירטער דיפּלאָמאַט, וועט מען קאָנען באַלד צוגרייטן אין אַ קיך ווו מען גרייט צו עסן. די סאָ־וויעטישע רעגירונג רעדט אַלץ וועגן פאַרווערן מערב־דייטשלאַנד אָנצוקוקן אַטאָמיש וואָפן, ניט נאָר לאָזן די דייטשן באַקענען זיך מיט דער טעכניק פון שאַפן אַטאָמישע אַמוניציע. זענען אין מערב־דייטשלאַנד ניטאָ היינט קיין ספּעציאַליסטן, וואָס אַרבעטן און פאָרשן אין לאַבאָראַטאָריעס, ניט בעטנדיק, אַז מען זאָל דערצו געבן אַ הכשר אונטערגעשריבן פון נאַט״אָ־באַאַמטע?

ווי געזאָגט, די סאָוויעטישע רעגירונג קאָנצענטרירט זיך היינט אויף דריי פראָנטן, וואָס יעדער פון זיי איז גענוג פאַר די זאָרגן פון איין גרויס לאַנד. מסתמא גלויבט די סאָוויעטישע רעגירונג, אַז זי איז גענוג שטאַרק אויסצוהאַלטן דעם דרוק פון אַלע דריי און קאָן נאָך דערביי טעראָריזירן די פאַראייניקטע פעלקער. אין אַזאַ פאַל וועלן מיר אפשר זיין עדות פון פענאָמענאַלע דערפאָלגן פון אַ מעכטיקן קאָמוניסטישן לאַנד.

די געשיכטע האָט גענוג ביישפּילן פון קאַטאַסטראָפאַלע מפּלות בשעת אַ לאַנד פירט אַ מלחמה אויף צוויי פראָנטן. אַזוי איז עס געווען מיט נאַפּאָלעאָן, ווען ער האָט פירנדיק אַ מלחמה אין שפּאַניע אָנגעהויבן זיין פעלד־צוג קעגן רוסלאַנד. אַזוי איז עס געווען מיט הינדענבורג און לודענדאָרף ווען זיי האָבן גלייכצייטיק אַטאַקירט פראַנקרייך און רוסלאַנד. נו, דער היינטיקער קרעמל האָט גרעסערע סטראַטעגן און קליגערע טאַקטיקער. וועט מען זען וואָס עס וועט אַרויסקומען פון זייער סטראַטעגיע און טאַקטיק.

(„לעצטע נייעס״, דעם 11־טן נאָוועמבער 1966)

# קאָנסטרוקטיווע הילף

עס איז ניט שווער אויסצוגעפינען דעם חילוק צווישן פילאַנ־טראָפּיע און קאָנסטרוקטיווער הילפס־אַרבעט. עס ווערט היינט אַזוי פיל גערעדט אין אַלע עקן וועלט וועגן „טעכנישער הילף", עס ווערט גערעדט און עס ווערט געטאָן, אַז מען דאַרף עס ניט מער צעקייען, אַנאַליזירן און געבן צו פאַרשטיין. אונדזערע אַלטע געמיינדעס און אונדזערע אַלטע כלל־טוערס האָבן עס גוט פאַרשטאַנען מיט הונ־דערטער יאָרן צוריק. אומעטום האָט מען אין די געמיינדע־שולן געהאַט קלאַסן און פרימיטיווע וואַרשטאַטן, אין וועלכע מען האָט געלערנט די קינדער געוויסע מלאכות. עס איז געווען אַ וויכטיקער צוגאָב צו דער אַלגעמיינער בילדונג, פאַכבילדונג.

די ירושה פונעם מיטל־עלטער, דאָס ניט לאָזן יידן ווערן לעגאַליזירטע בעלי־מלאכות, האָט זיך געהאַלטן ביז צום סוף פונעם פאַריקן יאָרהונדערט. יידן האָבן ניט געקאָנט געהערן צו די צעכן פון די בעלי־מלאכות. די צעכן זענען געווען קריסטלעכע אָרגאַ־ניזאַציעס נאַטירלעך, קריסטלעך־אַנטיסעמיטיש. אָבער די פירנ־דיקע כלל־טוערס האָבן געזען די דעגראַדאַציע פון דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג. ווען אין מזרח־אייראָפּע האָבן זיך גענומען שטאַרק פאַרשפּרייטן אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, האָט עס פאַר יידישע מאַסן באַדייט ניט פּראָלעטאַריזאַציע, נאָר פּאופּעריזאַציע, דאָס הייסט, אַראָפּגליטשן זיך נידעריקער און נידעריקער.

נאָך איידער דער „אָרט" — די אָרגאַניזאַציע פון פאַרשפּרייטן צווישן יידן מלאכות און לאַנדווירטשאַפט — איז געשאַפן געוואָרן

אין 1880, זענען אין רוסלאַנד געבויט געוואָרן אייניקע יידישע פאַכשולן. אין אָדעס האָט געאַרבעט אַ גרויסע יידישע פאַכשול „טרוד" („אַרבעט") מיט אַ גרויסער צאָל אַרבעטערס. קלענערע פאַכ־שולן זענען געווען דאָ און דאָרט, אָבער אַ סיסטעמאַטיש פּלאַנירטע באַוועגונג פאַר פאַך־אויסבילדונג ביי יידן האָט זיך אָנגעהויבן ערשט נאָך דער גרינדונג פון דער „אָרט"־אָרגאַניזאַציע. דער אָנ־הייב איז הויפּטזאַכלעך סטימולירט געווען צוליב דער צוזאַמענ־אַרבעט מיטן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ייק"א אין פּעטערס־בורג. הגם דער הויפּטפּראָגראַם פון דער ייק"א איז באַשטאַנען אין עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע, האָט זיך אָבער דער צענטראַל־קאָמיטעט פאַרנומען אויך מיט אַנדערע וויכטיקע אַקטיוויטעטן, ווי למשל, גרינדן ליי־ און שפּאַר־קאַסעס פאַר ביליקן קרעדיט, סטאַ־טיסטיק און זייער ערנסט מיט פּראָבלעמען פון פּראָפעסיאָנעלער פאַך־אויסבילדונג, אָנגעפירט פון ערשטקלאַסיקע קענערס פון די פּראָבלעמען.

מיר וועלן דאָ ניט דערציילן די געשיכטע פון „אָרט". מיר האָבן היינט אין זינען די צוקונפט און ניט די פאַרגאַנגענהייט פון אָט דער גרויסער און אַלטער יידישער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַ־ניזאַציע. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז ניט קוקנדיק אויף די צוויי וועלט־מלחמות, אויפן רוסישן בירגער־קריג און היטלערס ממשלה, און ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס די סאָוויעטן־מאַכט האָט אין 1938 באַרבאַריש ליקווידירט די אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד, אַר־בעט היינט דער „אָרט" אין דריי און צוואַנציק לענדער. ער האָט זעקס הונדערט שול־איינהייטן און ווערט באַזוכט פון איבער פינף און פערציק טויזנט שילערס. ווען מדינת ישראל איז געגרינדעט געוואָרן, האָט דער „אָרט" דאָרט אָנגעהויבן זיין אַרבעט. עס זענען דאָ היינט אין ישראל פינף און פערציק „אָרט"־שולן מיט קנאַפּע פינף און צוואַנציק טויזנט שילערס. עס וועט ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז אַ גרויסע צאָל פון די שולן האָבן די בעסטע טעכ־נישע איינריכטונגען און אַז זייער אַ גרויסער טייל פון ישראל'ס גוט אויסגעלערנטע אַרבעטערס האָט באַקומען די אויסבילדונג אין די „אָרט"־שולן. איז עס ניט קיין וווּנדער וואָס די „אָרט"־אָרגאַ־

ניזאַציע געניסט היינט פון אַ גרויסן נאָמען און פרעסטיזש אין דער גאַנצער וועלט, אין אַלע אינטערנאַציאָנאַלע קרייזן און אָרגאַ־ניזאַציעס, וואָס זענען פאַרנומען מיט פּראָבלעמען פון אַרבעט.

*****

איז די צוקונפט פון דער דאָזיקער גרויסער אַפּאָליטישער אָר־גאַניזאַציע געזיכערט ?

די יידישע וועלט איז גרויס, אָבער דער „אָרט" האָט זיך, למשל, נאָך ניט איינגעבירגערט אין די דרום־אַמעריקאַנישע לענ־דער, ווו עס געפינט זיך אַ גרויסע יידישע באַפעלקערונג. וואָס וועט זיין ?

וואָס איז דער פינאַנציעלער יסוד פון דער גרויסער אָרגאַ־ניזאַציע, וואָס נייטיקט זיך, ניט נאָר אין באַדייטנדיקע מיטלען פאַר אירע נאָרמאַלע אַקטיוויטעטן, נאָר אויך אין אַ פּערמאַנענטער טעכנישער מאָדערניזירונג, כדי צו קאָנען נאָכפאָלגן דעם פּערמאַ־נענטן טעכנישן פּראָגרעס, דאָס הייסט, אין איינקויפן נייע מאַשינען, נייע איינריכטונגען, ווערקצייג א. א. וו. ?

דאָס זענען פראַגן וואָס דאַרפן אינטערעסירן דעם גאַנצן יידישן כלל. אויף „טעכנישער הילף" ווערן איצט אויסגעגעבן דורך רעגי־רונגען הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן. דער בודזשעט פון „אָרט" באַטרעפט אין גאַנצן ניט מער ווי אַן ערך צוועלף מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר. דאָס געלט קומט אַריין פון לאָקאַלע בייטראָגן אין פאַר־שידענע לענדער, פון רעגירונגען, ס'הייסט פון ניט־יידישע קוועלן. אַן ערך אַ פינפטל פונעם בודזשעט קומט אַריין פון „דזשאָינט". אַ באַדייטנדיקע סומע, צייטנווייז אַ מיליאָן דאָלאַר, ברענגט אַריין די מיטגלידערשאַפט פון דער זייער פאַרשפּרייטער און זייער טיכ־טיקער פרויען־אָרגאַניזאַציע פון „אָרט" אין אַמעריקע. ענגלאַנד און קאַנאַדע באַטייליקן זיך מיט זייער באַדייטיקע בייטראַגן, אָבער דאָס איז ניט גענוג...

אַ פּאָר ספּעציעלע באַמערקונגען דאַרפן געמאַכט ווערן וועגן דעם וואָס מיר האָבן אָנגערופן בייטראַגן „פון רעגירונגען" ; מיר

האָבן דאָ אין זינען די סקאַנדינאַווישע לענדער. די נייע „אָרט״־שול אין מאַרסעיל, פראַנקרייך, איז אויפגעבויט מיט נאָרוועגישע געלטער. די דענישע רעגירונג האָט געגעבן דריי גרויסע בייטראַגן: אויף אַן „אָרט״־שול אין טעהעראַן, איראַן, אויף אַן „אָרט״־שול אין באָמביי, אינדיע, אויף מאָדערנייזירן דעם „אָרט״־אינסטיטוט פאַר צוגרייטן אינסטרוקטאָרן אין זשענעווע. די רעגירונג פון שוועדן האָט סיסטעמאַטיש אונטערגעשטיצט די אַרבעט פון „אָרט״ פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר. דער בייטראָג מאַכט אויס עטלעכע הונדערט טויזנט דאָלאַר.

איז דאָס אַלץ נאָרמאַל, אַזוי ווי עס דאַרף צו זיין? זיכער איז דער בייטראָג פון נישט־יידישע רעגירונגען, פון לענדער ווו דער „אָרט״ האָט ניט קיין שולן, אַן אויסדרוק פון העכסטן הומאַניטאַרן יושר. עס זענען ניטאָ קיין ווערטער מיט וועלכע מען וואָלט גע־קאָנט באַדאַנקען די לענדער פאַר זייער ברייטהאַרציקער הילף.

ווו איז אָבער דער גרויסער בייטראָג פון דעם גרעסטן און רייכסטן יידישן ישוב אין אַמעריקע? פון זעקס מיליאָן אַמעריקאַ־נער יידן באַקומט דער „אָרט״ אַן ערך צוויי מיליאָן דאָלאַר. דאָס איז דאָס געלט וואָס דער „אָרט״ גיט אויס אויף זיין אַרבעט אין מדינת ישראל. איז דאָ יושר אין אַזאַ מין לאַגע? הייסט דאָס ניט צוּוואַרפן אַ ביינדל פון אַ רייכן טיש כדי יוצא צו זיין?

מען דאַרף איין מאָל פאַר אַלע מאָל קלאָר מאַכן די לאַגע וואָס האָט זיך געשאַפן. מען דאַרף זיך פרעגן, פאַר וואָס דאַרף די עלטסטע יידישע אָרגאַניזאַציע פאַר פאַך־אויסבילדונג, זיין אַ צו־טשעפּעניש צו אַ יידישער פילאַנטראָפּישער אָרגאַניזאַציע וואָס האָט גאָר אַנדערע אויפגאַבעס און וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פאַר גאָר אַנדערע ספּעציעלע הילפס־צוועקן?

דער „אָרט״ האָט מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק געפירט אַן אומאָפּהענגיקע עקסיסטענץ. ער איז אויפגעטרעטן מיט זיין איי־גענעם פּראָגראַם. ער איז געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט דער ברייטער יידישער עפנטלעכקייט. פאַר די יאָרן וואָס די אָרגאַ־ניזאַציע איז געוואָרן אַ שטילער שותף צום „דזשאָינט״ און באַ־

קומט זיין קליינעם חלק פון דעם „יונייטעד אַפּיל", איז זי אויס־געוואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט. די אַקטיוויטעט פון דער אָרגאַניזאַציע, די צאָל שולן און שילערס זענען פאַרצווייפאַכט אָדער פאַרדרייפאַכט געוואָרן. אָבער דער חלק וואָס זי באַקומט פון די גרויסע פאַראייניקטע איינזאַמלונגען אין אַמעריקע איז ווייניק פאַרגרעסערט געוואָרן. דער „אָרט" האָט געשאַפן אַ גרויסע שול־סיסטעם אין מדינת ישראל. גענומען אויף זיך אַן אויפגאַבע וואָס איז אין יעדן לאַנד די אויפגאַבע פון דער רעגירונג. מען האָט געבויט פאַבריקן אינעם נייעם לאַנד, געשאַפן אַן ערשטקלאַסיקע אַרמיי, אוניווערסיטעטן, אַלץ וואָס אַ לאַנד דאַרף האָבן. איז דען פאַך־אויסבילדונג היינט ניט מער ווי אַ לוקסוס?

עס איז גוט וואָס דער ברייטסטער יידישער עולם ווייסט היינט וואָס „אָרט" מיינט פאַר דער יידישער צוקונפט. אַז די אָרגאַניזאַציע איז גוט באַקאַנט דער יידישער און ניט־יידישער עפנטלעכקייט, וואָלט געווען ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז די אָרגאַניזאַציע זאָל ווייטער אומקערן זיך צו איר זעלבשטענדיקער עקסיסטענץ, צו איר דירעקטער פאַרבינדונג מיט דער יידישער געזעלשאַפט.

עס איז דאָ ניט דער פּלאַץ צו רעדן וועגן פאַרשידענע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און זייערע אַמביציעזע פּלענער צו ווערן פירערס פון יידישע געמיינדעס. זיי מעגן דאָס טאָן געזונטערהייט, צי זיי זענען באַרופן צו דער אַרבעט אָדער ניט. „אָרט" האָט זיינע אייגענע, ספּעציעלע אויפגאַבעס. די געשיכטע פון „אָרט", די דערפאַרונגען פון זיין אַרבעט אין משך פון זעקס און אַכציק יאָר, איז אַ וועלט פאַר זיך...

עס איז היינט אַ שאַרפער עקאָנאָמישער קריזיס אין ישראל. עס האָבן זיך פאַרקלענערט די הכנסות אפילו פון דאָרטן ווו עס געפינען זיך די גרעסטע יידישע ישובים. אָבער די יידישע עפנטלעכע מיינונג ווייסט וואָס עס באַדייט פילאַנטראָפּישע הילף און וואָס מיינט דערהאַלטן די עקסיסטענץ און לאָזן ווייטער אַנטוויקלען אַן אַלטע אָרגאַניזאַציע פאַר קאָנסטרוקטיווער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט גענוג געזעלשאַפטלעכע כו־
חות און גענוג געזונטן חוש פאַר בויען וויכטיקע בילדונגס־צענ־
טערן, כדי אויפצונעמען דאָס פּראָבלעם פון פאַרזיכערן די עקסיס־
טענץ און צוקונפט פון „אָרט״ ווי איינע פון די וויכטיקע יידישע
אינסטיטוציעס. „אָרט״ איז ניט קיין פילאַנטראָפּישער אַנשטאַלט.
„אָרט״ איז אַ גרויסע סאָציאַלע באַוועגונג. נייע, יונגע כוחות דאַרפן
צוגעצויגן ווערן צו דער אַרבעט. אַ פאַריונגערטע פירערשאַפט
דאַרף איבערבויען די אָרגאַניזאַציעס.

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, דעם 1־טן אַפּריל 1967)

# מאָסקווע און דער ישראל־אַראַבישער קריג

דאָס איז די הויפּטפראַגע: ווער איז געשלאָגן אין דער אַראַביש־ישראל מלחמה? אַנדערש געזאָגט: ווער פילט זיך געשלאָגן און באַדעקט מיט שאַנד?

די אַראַבער באַוויינען זייער מפּלה. זיי זענען שרעקלעך גע־שלאָגן, אָבער זיי ווייסן אַז זיי האָבן כשר פאַרדינט די מפּלה, ווייל זיי ווייסן אויך אַז זיי האָבן זי פּראָוואָצירט. מיט רעכט אָדער אומ־רעכט, אָבער זיי האָבן פּראָוואָצירט די מלחמה. עס איז דאָ אַ געוויסע נאַאיוויטעט אין זייערע טענות. זיי זענען געווען זיכער, אַז אויב סאָ־וויעט־רוסלאַנד האָט זיי געגעבן מאַסן וואפן און די גאַנצע צייט גע־העצט קעגן ישראל, איז מאָסקווע געווען מאָראַליש פאַרפליכטעט זיי צו געבן נאָך מער הילף אין דער צייט פון דער מלחמה מיט ישראל.

איך מוז זאָגן אַז אַ געוויסע לאָגיק איז דאָ אין די פּרימיטיווע טענות. מענטשן זענען געצירט פון די קראָקאָדיל־טרערן, וואָס נאַסער האָט פאַרגאָסן אין זיין פּאַרלאַמענט, ווען ער האָט מאָטי־ווירט זיין בלומרשטע דעמיסיע. דער חברה־מאַן, וואָס האָט ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק געגעבן זיין אַרמיי אַ באַפעל צו הרגענען יידן, „מענער, פרויען און קינדער", האָט זיך צעוויינט. מען האָט אים געגעבן וואפן און אַמוניציע אויף מיליאַרדן דאָלאַרן, כדי ער זאָל איבערחזרן היטלערס בלוטאָרגיעס, קומט די יידישע אַרמיי און צעשטערט אַלע זיינע חיילות, מאַכט אַ סוף צו זיין גרויסקייט. ווי קאָן מען ניט האָבן „מיטלייד" מיט אַזאַ דורכגעפאַלענעם מערדער?!

די ספּיקערין אין דעם דמשק־ראַדיאָ האָט זיך אַזוי צעוואַ־רעמט בשעת די שלאַכטן, אַז זי האָט געקאָנט נאָר שרייען היסטע־ריש צו די סירישע סאָלדאַטן:

— הרגעט זיי!... הרגעט זיי!... הרגעט זיי!...

און כוסיין, דער לעצטער פון דער אַראַבישער האַשעמיטן־דינאַסטיע, אַ קליינטשיקער קעניג, אָבער אַ גרויסער זשוליק, האָט דער ערשטער אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך מיט נאַסערן און אַ פּאָר טעג שפּעטער דער ערשטער אונטערגעשריבן דעם פייער־אָפּשטעל.

זיין תירוץ איז זייער וואָגיק און קלאָר. ער האָט דערקלערט:

— דאָס איז דער ווילן פון אַללאַה!...

דאָס איז די אַראַבישע וועלט אין איר גאַנצער גרויסקייט און שיינקייט. זיי ווייסן ניט בעסערס. מען האָט זיי פאַרפירט, אָפּגע־נאַרט, האָבן זיי איצט זייערע גערעכטע טענות.

ניט געקוקט אויף דעם צאָרן פון סאָוויעטישן דזשענטלמען פעדאָרענקאָ, רוסלאַנדס פאַרטרעטער אין דער אָנ"ו, וועלכער שרייט ווידער און ווידער, אַז ישראל איז דער אַגרעסאָר, איז איצט פאַר אַלעמען קלאָר, אַז דער אמתער אַגרעסאָר איז רוסלאַנד און געשלאָגן איז רוסלאַנד. נאָר אַ טראַדיציאָנעלער אוקראַאינישער פּאָ־גראָמהעלד קאָן זיך דערלויבן אַזעלכע סקאַנדאַלן אין דער אָנ"ו, ווי דער פעדאָרענקאָ דערלויבט זיך עס. דאָס איז דער בעסטער באַוויז, אַז סאָוויעט־רוסלאַנד איז מסכים מיט דער עפנטלעכער מיינונג פון דער וועלט, אַז נאָר רוסלאַנד איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פּראָוואָקאַציע פון דער דער מלחמה. די מלחמה איז ניט נאָר קעגן מדינת ישראל נאָר אַ פאַרברעכערישע אַטאַקע קעגן גאַנצן יידנטום.

מיר זענען צו נאָענט צו די געשעענישן, כדי אָפּצושאַצן ווי עס דאַרף צו זיין זייער באַדייט, כדי צו קאָנען פאָראויסזען זייער ווייטערדיקע אַנטוויקלונג. עס איז קלאָר, אַז מיט גוטן אָדער

בייזן וועט מען מוזן געפינען אַן אויסוועג און זיך פֿאַרשטענדיקן מיט די לענדער וואָס זענען שכנים פֿון מדינת ישראל. ווי פֿאַנאַ־טיש און אויפֿגעהעצט זיי זאָלן ניט זיין נאָך דער שרעקלעכער מפּלה, וועלן זיי סוף כּל סוף פֿאַרשטיין, אַז זייער גרעסטער פֿיינד איז דער פּראָוואָקאַטאָר, די מאָסקווער מלוכה, וואָס נוצט זיי אויס פֿאַר אייגענע צוועקן. אויב זיי וועלן דאָס ניט פֿאַרשטיין, עפּעס, וואָס די גאַנצע וועלט פֿאַרשטייט, זענען זיי באמת פֿאַרלוירן. די סאָוויעטן־רעגירונג האָט געליטן אַ גרויסע מאָראַלישע און פּאָלי־טישע מפּלה, אָבער פֿאַר דעם קרעמל איז פֿרעמד דער באַגריף פֿון מאָראַל. לויט די ערשטע סימנים פֿון נאָך דער מפּלה, זוכט סאָוויעט־רוסלאַנד אַ מין רעוואַנש, אַ מין באַפֿרידיקונג, אַ מין גוטמאַכונג סיי אין די אויגן פֿון די אַראַבער און סיי אין דער קאָמוניסטישער וועלט.

עס איז אָנגענומען די מיינונג, אַז די סאָוויעט־רעגירונג פֿייפֿט אויף דער עפֿנטלעכער מיינונג פֿון דער וועלט. אַז דאָס כוליגאַ־נישע אויפֿפֿירן זיך פֿון אַ פֿעדעראַנקאָ אין אָנ״ו איז אַ באַווייז פֿון איר פֿאַראַכטונג און אין בעסטן פֿאַל, פֿון איר גלייכגילטיקייט צו דעם וואָס די וועלט מיינט. דאָס איז אָבער אַ פֿאַלשע איינשטעלונג. די באַוועגונג אין די אַראַבישע לענדער קעגן דעם „פֿאַרראַט" פֿון דער סאָוויעט־רעגירונג פֿאַרשפּרייט זיך, וועט זיך ווייטער פֿאַר־שפּרייטן. אפֿילו די פֿאַנאַטיזירטע און אויפֿגעהעצטע אַראַבישע מאַסן הייבן אָן צו פֿאַרשטיין, וואָס מען האָט זיי אָפּגעטאָן. דער פֿירער פֿון אַלזשיר, דאָס לאַנד פֿון די שטענדיקע פּאָגראָמען אויף יידן, קערט וועלטן און איז אַוועקגעפֿלויגן קיין מאָסקווע צו פֿאַר־לאַנגען מיליטערישע הילף פֿאַר עגיפּטן. ווי באַקאַנט, איז די סאָ־וויעט־רעגירונג אַ ליפֿעראַנט פֿון מאַסן געווער פֿאַר אַלזשיר. די סאָוויעט־רעגירונג האָט שוין אָנגעהויבן בויען אין אַלזשיר אַ ים־באַזע פֿאַר דעם רוסישן פֿלאָט אינעם מיטללענדישן ים, אָדער גרייט זיך צו בויען. דאָס איז די נייע אַוואַנטורע פֿון סאָוויעט־רוסלאַנד...

סאָוויעט־רוסלאַנד שרייבט וועגן אימפּעריאַליסטישע אַמבי־

ציעס פון מדינת ישראל, וואָס ווערט אומעטום באַטראַכט פאַר אומ־
געלומפּערט, לעכערלעכע און פּוסטע פּראָפּאַגאַנדע. זי פּראַקטי־
צירט פאַרכאַפּערישע אַוואַנטורעס איינע נאָך דער אַנדערער. און
דאָס אַלץ קאָן דאָך ניט אָנגיין אייביק.

אַ גוטער באַווייז איז רומעניע, די קאָמוניסטישע רומעניע. זי
האָט וויכטיקערע פאַרהאַנדלונגען מיטן קרעמל, ווי די פאָדערונג
צו באַוואָפענען ווידער די אַראַבישע לענדער. רומעניע באַשטייט
אויף דעם, אַז בעסאַראַביע זאָל צוריק אָפּגעגעבן ווערן רומעניע
און דערמיט וועט זיך אפשר אָנהייבן דאָס פונאַנדערטיילן פון דער
מעכטיקער רוסישער אימפּעריע. נאָך בעסאַראַביע וועט קומען ליטע,
נאָך ליטע קומט לעטלאַנד, נאָך לעטלאַנד קומט עסטלאַנד, פּוילן
און דייטשלאַנד.

די סאָוויעט־רעגירונג שיקט איצט קיין עגיפּטן „מיט לופט־
פּאָסט" פרישע וואָפן, בעת אַלע מיליטערישע עקספּערטן ווייסן, אַז
אפילו די גוט טרענירטע עגיפּטישע סאָלדאַטן און אָפיצירן קאָנען
גאָרניט זיך באַנוצן מיט מאָדערנע וואָפן. פאַרוואָס זשע שיקט מען
די וואָפן? ווייל מען איז אַזוי געשלאָגן, אַז מען זעט ניט פאַר
זיך די רעאַליטעט. ווייל פון צאָרן און שאַנד איז מען גרייט צו
פאַרטיפן די קאַטאַסטראָפע. אפשר איז מען גרייט אפילו צו פּראָ־
וואָצירן אַ נייע מלחמה, גאָר אַ גרויסע מלחמה...

אין אַ געוויסן זין, מעג מען זאָגן, איז געשען עפּעס וואָס מען
האָט קוים געקאָנט דערוואַרטן: אַזוי ווי אין אַלע לענדער איז די
עפנטלעכע מיינונג קעגן עגיפּטן און איר רוסישן באַשיצער, אַזוי
איז זי פול מיט באַוואונדערונג פאַר דער יידישער פאַרטיידיקונג און
דעם יידישן ענטפער אויף דער פּראָוואָקאַציע. דער שווינדל מיט
די געשרייען פון מאָסקווע וועגן דער יידישער „פּראָוואָקאַציע"
האָט קיינעם ניט איבערצייגט, האָט בכלל אויף קיינעם ניט גע־
מאַכט קיין איינדרוק. די סאָוויעט־רעגירונג האָט באַקומען די אמתע
לעקציע. איצט וועט מען זען וואָס עס וועט זיין דער פּראַקטישער
סך־הכל פון דער לעקציע...

# אָן באַדינגונגען

די מאָסקווער רעגירונג האָט געגעבן איר גרויסאַרטיקן פאַר־טרעטער אין אָנ״ו אַ דירעקטיוו צו פאַרלאַנגען אין דעם זיכערקייטס־ראַט, אַז אָפּשטעלן די שיסערײַ אויף דעם ישראל־אַראַבישן פראָנט קאָן מען נאָר, אויב די ישראל־אַרמיי ציט זיך צוריק צו די גרע־נעצן פון 4־טן יוני און דאָס „אומקאָנדיציאָנעל״, דאָס הייסט, אָן שום גאַראַנטיעס, אַז דער געשלאָגענער שונא וועט זיך מער ניט וואַרפן אויף מדינת ישראל...

דאָס דערמאָנט די אַרמיסטיס־פאַרהאַנדלונגען צווישן די דײַ־טשן און באָלשעוויקעס אין ברעסט־ליטאָווסק נאָך דער דעפיניטי־ווער מפּלה פון דער רוסישער אַרמיי אין 1917. אין דער שפּיץ פון דער דײַטשער דעלעגאַציע איז געשטאַנען אַ ברוטאַלער דײַטש, גע־נעראַל האָפּמאַן, און אין דער שפּיץ פון דער רוסישער דעלעגאַציע, ניט קיין אַנדערער ווי טראָצקי, דער שפּעטערדיקער בויער פון דער רויטער אַרמיי. די ברעסט־ליטאָווסקער פאַרהאַנדלונגען זענען באַרימט געוואָרן דערמיט, וואָס טראָצקי האָט פּראָבירט צו פאַר־האַנדלען און שטעלן געוויסע פאָדערונגען און דער גענעראַל האָפּ־מאַן האָט געשריגן, געקלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש און ניט געוואָלט הערן קיין שום רייד. דאָס האָט געהייסן „אומקאָנדיציאָנעל״ — אָן שום באַדינגונגען, אָן שום רייד. דאָס האָבן מסתמא געמיינט די פּאַטראָנען און באַסעס פון צום דריטן מאָל געשלאָגענעם נאַסער. ניט אַנדערש ווי נאָר „אומקאָנדיציאָנעל״. פאַרוואָס אייגנטלעך?

אַזוי ווי זיינע באַשיצערס באַנוצט זיך נאַסער מיט דער טער־מינאָלאָגיע פון די נאַציס: דער אויסדרוק „טאָטאַלע מלחמה״, וואָס ער האָט אויסגערופן אויף יידן, איז צו ערשט געברויכט גע־וואָרן פון דעם באַקאַנטן אָדער באַרימטן דײַטשן גענעראַל לודענ־דאָרף און דער אויסדרוק „פאַרטיליקן״ די יידישע מלוכה איז אָפּט באַנוצט געוואָרן פון „אים״ אַליין, פון אַדאָלף היטלער. מאָסקווע האָט נאָך אויך פאַרלאַנגט, אַז מדינת ישראל זאָל באַצאָלן עגיפּטן אַ פּאָר מיליאַרד קאָנטריבוציע.

דאָס פּאַסט זיך אַלץ גוט אַריין אין דעם יובל־יאָר פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אַ ריי יאָרן האָבן זיי געהאַלטן אין באַ־וואָפענען די אַראַבישע לענדער און אויסגעבן מאַסן געלטער אויף דעם. האָבן זיי אויסגעגעבן די געלטער „אומקאָנדיציאָנעל", אָדער זיי האָבן געשלאָסן מיט די אַראַבישע לענדער ספּעציעלע אָפּמאַכן מיט ספּעציעלע קאָנדיציעס? האָבן די אַראַבישע לענדער צוגע־נומען די וואפן און די געלטער „אומקאָנדיציאָנעל", אָדער זיי האָבן פון זייער זייט געשטעלט געוויסע באַדינגונגען, געוויסע פאָדערונ־גען? דאָס איז וויכטיק צו וויסן היינט, כדי צו האָבן אַן אידעע וועגן דער גרויסער קאָנספּיראַציע. דאָס אַלץ קאָן מען היינט צו טאָג, אויף קיין שום פאַל ניט פאַרשווייגן.

ווי שטאַרק מען זאָל ניט וועלן קאָנטראָלירן דאָס וואָס מען זאָגט, קאָן מען דאָך ניט באַפרייען זיך פון געדאַנק, אַז מיר זענען היינט עדות פון אַ נייעם סטאַלין־היטלער אָפּמאַך.

מען דאַרף ניט מיינען אַז נאַסער איז משוגע געוואָרן און האָט זיך פריער ניט פאַרזיכערט מיט רוסישער דעקונג. ער האָט אָפּגע־שלאָסן אַן אָפּמאַך מיט סיריע און אַ פּאָר טאָג שפּעטער מיט ירדן, דעם בלוטיקסטן פיינד פון סיריע. און באַלד ווידער מיט איראַק, וואָס האָט חשבונות אי מיט עגיפּטן, אי מיט סיריע און אי מיט ירדן.

אָט די אַלע פריינד און פיינד זענען פאַרבינדעטע פונעם קאָמו־ניסטישן רוסלאַנד. אָפטע באַזוכערס פון מאָסקווע, זייער ערשט אַנט־דעקטער מעקקאַ, ווו זיי באַקומען עצות און דירעקטיוון, צוזאַמען אויך מיט אַלטער, פאַרזשאַווערטער אַמוניציע. איז דאָס ניט אַן אמתע קאָנספּיראַציע און אַ קאָנספּיראַציע ניט נאָר קעגן מדינת ישראל?

אין דער גאַנצער מיליטערישער און פּאָליטישער קאַמפּאַניע קעגן מדינת ישראל אונטער דער פירערשאַפט פון נאַסערן, מיט דער פולשטענדיקער מיליטערישער, מאַטעריעלער און מאָראַלישער שטיצע פון דער רעגירונג פון סאָוויעט־רוסלאַנד, איז דער הויפּט־

עלעמענט פּראָוואָקאַציע. נאַטירלעך, קיינער, אפילו ניט די אַראַ־בער, קאָנען ניט קאָנקורירן אויף דעם געביט פון פּראָוואָקאַציע און פּראָדוקציע פון פּראָוואָקאַטאָרן מיט סאָוויעט־רוסלאַנד און מיט רוסישער דיפּלאָמאַטיע. שפּיאָנאַזש אין אַלערליי פאָרמען און פּראָ־וואָקאַציע אין יעדער פאָרם זענען די קרוין פון סאָוויעטישן „סאָ־ציאַליזם". אָבער אין דער קורצער אַראַביש־יידישער מלחמה, האָט די סאָוויעטישע רעגירונג געשלאָגן אַלע אירע פריערדיקע רע־קאָרדן. צען יאָר פאַרשיטן עגיפּטן און די אַנדערע אַראַבישע לענ־דער מיט אַמוניציע און קריגס־מאַטעריאַלן, העצן אָן אויפהער קעגן מערב־אייראָפּע, העלפן דער מאָביליזאַציע פון די אַראַבישע מילי־טערישע באַנדעס, ווערן אַן אַקטיווער שותּף מיט שוקיירי און מיט דער אַראַבישער אונטערוועלט און נאָך אַלעמען דערקלערן מדינת ישראל פאַר דעם אַגרעסאָר, — דאָס קאָנען טאָן נאָר פּראָפעסיאָ־נעלע פּראָוואָקאַטאָרן. יעדער פון די „הערשאַפטן", וואָס זיצן אין קרעמל, איז נידעריקער געפאַלן פאַר אַ נאַסער אָדער אַ שוקיירי.

די געטריישאַפט פון די מאָסקווער אַפּאַראַטטשיקעס צו זייערע עגיפּטישע קליענטן איז „אומקאָנדיציאָנעל" און זיי זענען געווען זיכער, אַז זייער חשבון איז אַ ריכטיקער און וועט זיי אַריינברענגען די גרויסע פּאָליטישע פּראָפיטן. אפשר האָט דער קרעמל געמיינט, אַז ער וועט שטענדיק קאָנען קאָנטראָלירן די קאַמפּאַניע פון די אַראַבישע אונטערוועלט־מענטשן און זעט שוין היינט, אַז זיין חשבון איז געווען אַ פאַלשער. אפשר וועט די קורצע מלחמה זיך ענדיקן מיט אַ לאַנג דויערנדיקער קאַטאַסטראָפע פאַר די אַראַבישע לענ־דער. אפשר וועט סאָוויעט־רוסלאַנד האָבן צו זינגען און צו זאָגן צוליב די פאַרברעכנס פאַר וועלכע די סאָוויעט־רעגירונג איז דער הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכער. די געשעענישן אין נאָענטן מזרח אַנט־וויקלען זיך מיט אַ גאַלאָפּירנדיקער שנעלקייט. מען קאָן נאָך היינט, נאָך די ערשטע גרויסע מפּלות פון די אַראַבישע אַרמייען, גאָרניט פאָראויסזאָגן. איינס איז אָבער זיכער: די סאָוויעטישע רעגירונג האָט פאַרגעסן, אַז עס איז גרינג אָנצוצינדן אַ מלחמה און פונאַנ־דערבלאָזן זי, אָבער עס איז גאָרניט גרינג אויסצולעשן דאָס פייער.

די סאָוויעט־רעגירונג וועט אַליין דערפילן דעם טעם פון דער מלחמה אין נאָענטן מזרח, וואָס זי האָט צוגעגרייט אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן...

## סאָוויעטישע פראָפּאַגאַנדע

מען איז אין גאַנצן פאַרלוירן און הילפסלאָז, זייענדיק אַן עדות פון דעם ווילדן כוליגאַניזם פון דער אָפיציעלער סאָוויעטישער אַנ־טי־ישראל פּרעסע, וואָס איז איצט אַריבער אַלע גרענעצן פון אַ מינימאַלער אַנשטענדיקייט. אַ מיטאַרבעטער פון דעם באַקאַנטן פּאַ־ריזער וואָכנבלאַט „נוווועל אָבסערוואַטער" האָט אָפּגעדרוקט אַ קאָ־רעספּאָנדענץ פון ניו־יאָרק, פון די זיצונגען פון דעם „סעקיוריטי קאונסיל", אין וועלכער ער שילדערט פעדאָרענקאָס שווערע לאַגע, ווייל ער קאָן ניט מאַכן קיין איינציקן שריט אָן דעם, ער זאָל זיך ניט אָנפרעגן אין מאָסקווע. פרעגט זיך, פירט זיך פעדאָרענקאָ זיין אָפּענע און שמוציקע קאַמפּאַניע לויט אַ באַפעל פון מאָסקווע?

די שטאָקהאָלמער טעגלעכע צייטונג „דאַגענס ניהעטער", איי־נע פון די גרעסטע צייטונגען אין אייראָפּע, האָט איצט געבראַכט ציטאַטן פון דער מאָסקווער „פּראַוודאַ", פון אַן אַרטיקל וועגן דער ישראל „גענגסטער־רעגירונג". דאָס גרויסע סאָוויעטישע בלאַט, וואָס איך געדענק פון דער פּאַר־רעוואָלוציע־צייט ווי אַ נישטיק און שמוציק קליין בלעטל, רעדאַגירט פון אַ פּאָליציי־אַגענט און פּראָוואָקאַטאָר (מאַלינאָווסקי), רעדט איצט אַ שפּראַך, וואָס גנבים און אונטערוועלט־מענטשן וואָלטן זיך ניט דערלויבט.

איז דאָס אַלץ כוליגאַנישע ליבהאָבעריי אָדער דאָס איז דער נאָרמאַלער צושטאַנד פון דער היינטיקער סאָוויעטישער קולטור און פּובליציסטיק? און ווער איז שולדיק אַז אַזאַ געפאַלנקייט ווערט טאָלערירט פון דער סאָוויעטישער רעגירונג? ווו איז דער אינטערנאַציאָנאַלער פּען־קלוב? ווו זענען אַנדערע אינטערנאַציאָ־נאַלע אינסטיטוציעס וואָס האָבן אַ שייכות צום געדרוקטן וואָרט?...

כמעט יעדן טאָג ברענגט די טעלעוויזיע לעבעדיקע בילדער פון די אַראַבישע לענדער, פון דעם טאַנצנדיקן המון מיטביידע הענט און פויסטן אויסגעשטרעקט צום הימל. זשורנאַליסטן כאַפּן אַ שמועס מיט די אָנפירערס פון המון און דאָ הערט מען גאָר געשרייען:

— אויסמאָרדן! פאַרניכטן! אומברענגען!...

און די אַלע מאַניפעסטאַציעס פון צעווילדעוועטן המון ווערן אָנגעפירט אונטער דער לאָזונג:

— טויט די אימפעריאַליסטן!... טויט די יידישע אימפעריאַליסטן!....

די לאָזונג „טויט די יידישע אימפעריאַליסטן!" קומט פון רוסלאַנד און ווערט פאַרשפרייט דורך דער רוסישער פּראָפּאַגאַנדע. מדינת ישראל האָט אַ פאַרכאַפּערישע אימפעריאַליסטישע פּאָליטיק. זי איז אַן אינסטרומענט אין די הענט פון אימפעריאַליסטן, אַרבעט פאַר אימפעריאַליסטן. אפילו די סאָוויעט־רעגירונג האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אַנערקענען נאַסערס שווינדל וועגן דעם, אַז די ענגלענדער און אַמעריקאַנער האָבן זיך באַטייליקט אין קאַמף קעגן דער אַראַבישער אַרמיי. אָבער די סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע גייט אָן מיט דעם שווינדל, וואָס דאַרף באַווייזן די אַראַבישע מאַסן, אַז די יידן גייען צוזאַמען מיט די ענגלישע און אַמעריקאַנישע „אימפעריאַליסטן".

די סאָוויעטישע פּרעסע, די „איזוויעסטיאַ" און די „פּראַוודאַ", געפינען זיך היינט אויף דעם אייגענעם זשורנאַליסטישן ניוואָ ווי די עגיפּטישע צייטונגען פון נאַסערס חדר, אויב ניט אַ קאַפּיטשקע נידעריקער. זיי פילן, אַז ניט די עגיפּטער זענען געשלאָגן געוואָרן אין דער מלחמה, נאָר סאָוויעט־רוסלאַנד, וואָס האָט צען יאָר נאָך אַנאַנד באַוואָפנט, אויסגעגעבן אויף זיי אַן ערך דריי ביליאָן דאָלאַר און מיט אייגענע אויגן געזען, ווי אַלע דריי אַראַבישע לענדער זענען געשלאָגן געוואָרן אין משך פון אייניקע טעג. מען קאָן פאַרשטיין אַז די עגיפּטער און סיריער שרייען; עס טוט זיי וויי וואָס אַלע זייערע חלומות זענען צערונען געוואָרן ווי רויך. אָבער די

באַנדע וואָס זיצט אין די צוויי גרויסע מאָסקווער צייטונגען און גייט אָן מיט העצן, זיי ווייסן דאָך אַז זיי זענען די שולדיקע, די הויפּטשולדיקע. וואָס קאָנען זיי דערגרייכן מיט זייער בילן, מיט איבערחזרן די ליגנס, וואָס די גאַנצע וועלט ווייסט אַז דאָס זענען ליגנס ?...

שולדיק אין דעם רוסישן הפקר איז אין אַ געוויסער מאָס די ישראל־רעגירונג און איר ניט גענוגנדיקע אינפאָרמאַציע־דינסט. יעדן טאָג באַגייט די סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע פאַרברעכנס און נאָר זייער זעלטן ווערט געענטפערט אויף די ליגנס, סיסטעמאַטיש אָרגאַניזירטע און בייזוויליקע ליגנס. די סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע איז אַזוי ווי דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָוויעטישער *שפּיאָנאַזש*: ניט אָפּשטעלן זיך אויף אַ מינוט, אפילו ווען מען פאַלט דורך. פאַר־סמען די לופט אַזוי פיל ווי עס איז נאָר מעגלעך.

זיי, די שרייבערס פון די אָפיציעלע צייטונגען אין מאָסקווע, ווייסן, נאַטירלעך, אַז דאָס פּנים און דער פּרעסטיזש פון סאָוויעט־רוסלאַנד זענען סיי ווי אַזוי פאַרשוואַרצט אין אויסלאַנד, אַז איצט איז שוין ניט וויכטיק צו זיין אַ ביסל פיינער. די גאַנצע וועלט וואַרט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אויף דעם בוך פון סוועטלאַנען, סטאַלינס טאָכטער, וועגן היינטיקן רעזשים אין רוסלאַנד. אָבער עס איז איצט פאַרשפּרייט אויףביידע זייטן פון אַטאַלנטיק אַן אַנדער בוך וועגן דעם רעזשים, דאָס בוך פון יעווגעניאַ גינזבורג, די מו־טער פון באַקאַנטן שרייבער אַקסיאָנאָוו. די פרוי, אַ פּראָפעסאָר אין דער גרויסער אוניווערסיטעט־שטאָט קאַזאַן, איז אָפּגעזעסן פופצן יאָר, פופצן יאָר! אין פאַרשידענע טורמעס, ווייל אימעצער האָט געזאָגט, אַז עס איז דאָ אַ חשד, אַז זי איז אַ טראָצקיסט. דער מאַנוסקריפּט פונעם בוך איז אַרויסגעגנבעט געוואָרן פון רוסלאַנד. עס איז פול מיט אַזעלכע ווילדע, פּשוט אומגלויבלעכע באַרבאַרישע פייניקונגען, אַז מען בלייבט שטום און דער מוח שטעלט זיך אָפּ. צען צאַרישע רעזשימען און צען געסטאַפּאָס וואָלטן ניט געקאָנט אויסטראַכטן אַזאַ אינקוויזיציע. סוף כל סוף האָט ניקיטאַ כרוש־טשאָוו, דער גרויסער צדיק, וואָס האָט זיך אַליין אָנגעליטן פון

סטאַלינען, געהייסן „רעהאַביליטירן״ די פרוי גינזבורג און באַ־
פרייען זי. האָט זיך דער רעזשים היינט אַ סך געענדערט? דער
פּראָצעס פון סיניאַווסקין און דאַניעל האָט באַוויזן אַז ס׳איז נאָך
אַלץ דער אייגענער רעזשים און די אייגענע אינקוויזיציע...

די אויסלענדישע פּאָליטיק פון אַ מלוכה איז שטענדיק אין
הסכם מיט דעם רעזשים, מיט דער אינערן־פּאָליטיק. עס קאָן אַנ־
דערש ניט זיין...

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, דעם 15־טן יולי 1967)

# פוילן און ליטע

געווידמעט **ראובן רובינשטיין** ז״ל

די שורות ווערן געשריבן ניט לזכר פון לאַנג פאַרגאַנגענע און פאַרגעסענע צייטן. דער גלגול פון טראַגישע געשעענישן אין יידישן לעבן מאַכן אַקטועל ענינים, וואָס מען וואָלט געקאָנט מיינען אַז זיי געהערן צו דער פאַרגאַנגענהייט. איך מיין דעם אויסברוך פון אָפיציעלן פוילישן אַנטיסעמיטיזם. מיר האָבן גע־מיינט אַז די צייטן פון דמאָווסקי און גראַבסקי (וועלכע איך האָב פערזענלעך געקענט) זענען אויף שטענדיק אַוועק און וועלן זיך ניט אומקערן. קומט אָבער פלוצלינג אַ גאָמולקאַ, אַ העלדן־פיגור אָן אַ נעכטן און מסתמא אָן אַ מאָרגן, און דערמאָנט אונדז, אַז די צייטן זענען ניט פאַרביי.

דאָס אַוועקגיין פון אונדזער רובינשטיין, דעם פיינעם פאַר־טרעטער פון ליטווישן יידנטום, פאַרלאַנגט אַז מען זאָל דערמאָנען דעם אויסערגעוויינלעכן אונטערשיד צווישן די באַציאונגען צווישן יידן און ליטווינער און צווישן יידן און פאָליאַקן. אין פאַרלויף פון אַ היפּש ביסל יאָרן, זייענדיק אַ פאַרטרעטער אין דער דומאַ, אין דער פערטער און אין דער לעצטער דומאַ, פון אַ גרויסער רוסישער צייטונג פון מאָסקווע (אוטראָ ראָסיאי), האָב איך גע־האַט אַ גוטע געלעגנהייט צו זען די פאַרטרעטער פון די פאָליאַקן און די עטלעכע פאַרטרעטער פון ליטע. פאַרשטייט זיך, קיין שום פאַרבינדונגען צווישן די צוויי גרופּן, וואָס ביידע האָבן זיך באַ־טראַכט פאַר אונטערדריקטע פון דעם צאַרישן רעזשים, זענען ניט

געוועזן. „קאָלאָ פּאָלסקיע", דער פאַרטרעטער פון פּוילן, כמעט אַלע אַזוי גוט ווי מיטגלידער פון דער אַנטיסעמיטישער און רעאַקציאָנערער „נאַראָדאָוואַ דעמאָקראַציאַ", איז אַרומגעגאַנגען אין גאַנצן איזאָלירט, אַזוי ווי אַן אָנגעבלאָזענע סטאַדע אינדיקעס. אויף די ליטווינער האָט מען ניט געקוקט פון אויבן אַראָפּ, נאָר מען האָט אויף זיי בכלל ניט געקוקט. עס איז געוועזן, אַזוי צו זאָגן, אונטער דעם כבוד פון דעם שטאָלצן „הערנפאָלק" זיך צו רעכענען מיט די ליטווינער. אָבער איינמאָל איז אויסגעבראָכן אומדערוואַרטעט אַ „סקאַנדאַל" אין טאווריש‎ן פּאַלאַץ: אַ פאַרטרעטער פון ליטע, אַ קליינוווקסיקער קאַטוילישער גלח, וועמענס נאָמען איך קאָן זיך ניט דערמאָנען (עס איז געשען אַן ערך מיט פינף און פופציק יאָר צוריק), איז אויפגעטראָטן מיט אַ שטורמישער רעדע קעגן די פּוילישע גוטבאַזיצער אין ליטע. דער גלח האָט געבראַכט פאַקטן וועגן דעם פּוילישן מיסברויך אין די דערפער, קעגן דער אומרחמנותדיקער עקספּלואַטאַציע פון די ליטווישע פּויערים.

די פּאָליאַקן זענען געזעסן ווי דערשלאָגן פון אַ דונער. זיי האָבן אָבער געשוויגן. עס איז זיי ניט אָנגעשטאַנען זיך צו פאַרטיידיקן. זייער שטאָלץ האָט עס זיי ניט דערלויבט צו טאָן.

אין דער דריטער און אין דער פערטער דומאַ האָבן די ליטווינער געלאָזט ווײַלן אַ יידישן פאַרטרעטער. דאָס איז געוועזן דער פּאָניעוויעזשער אַדוואָקאַט נפתלי מאַרקאָוויטש־פרידמאַן. יידן אַליין האָבן ניט געהאַט גענוג שטימען און עס האָט געדאַרפט באמת זיין אַ גוטער ווילן ביי די ליטווינער און אַ פאַרשטענדעניש פאַר יידישע אינטערעסן, כדי צו געבן אונדז אַ פּלאַץ אין דער דומאַ. אין דער דריטער דומאַ איז פרידמאַן געוועזן דער איינציקער יידישער דעפּוטאַט. אין דער פערטער זענען צוגעקומען נאָך צוויי יידן: ד"ר באמאש פון לאָדזש און גורעוויטש פון קורלאַנד.

מען קאָן ניט, רעדנדיק וועגן פרידמאַנען, וועלכער איז געוועזן, אַזוי צו זאָגן, דער וואָרטזאָגער פון דער יידישער גרופּע, ניט דערמאָנען אַז ער איז די אַלע יאָרן געוועזן דער קרבן פון דעם דומאַ־כוליגאַניזם. כמעט יעדן טאָג פלעגן אויפטרעטן אויף דער טרי־

בונע די געמיינסטע און שמוציקסטע „פירערס״ פון דעם רוסישן פאָגראָם־אַנטיסעמיטיזם: פורישקעוויטש, אַ מין גאַסן־כוליגאַן, מאַרקאָוו דער צווייטער, אַ טאַאַלנטלאָזער ריז, אַן אמתער באַנדיט, אָדער זאַמיסלאָווסקי, געוועזענער פּראָקוראָר און הויפּט־באַטיי־ליקטער קעגן מענדל בייליס. אָבער דער געפערלעכסטער פון זיי אַלעמען איז געווען שולגין, דער טאַלאַנטפולער רעדאַקטאָר פון דער אַנטיסעמיטישער צייטונג „קיעוולאנין״. יעדעס מאָל ווען פרידמאַן, אַ באַשיידענער און בכבודיקער אַדוואָקאַט אין פּאַניעוויעזש, איז אַרויף אויף דער טריבונע כדי אָפּצוגעבן אַ דערקלערונג אין נאָמען פון יידישע אינטערעסן, פלעגט די באַנדע אים באַגריסן מיט אַ כאָר פון זידלערייען, וואָס איך קאָן דאָ ניט ברענגען, ווייל דאָס פּאַפּיר פון דער צייטונג וואָלט עס פון שאַנדע ניט אויסגעהאַלטן.

יעדעס מאָל, ווען פרידמאַן פלעגט נאָך זיין רעדע אַרויפקומען צו מיר אין דער פרעסע־לאָזשע, איך האָב דעמאָלט אַ סך געשריבן פאַר דעם וואַרשעווער „היינט״, פלעגט ער זיין ווייס פון אויפ־רעגונג, קוים געהאַלטן זיך אויף די פיס.

ראָדזיאַנקאָ, דער פּרעזידענט פון דער דומאַ, פלעגט שטיין, צוהערן זיך צו די שמוציקע זילזולים און שווייגן: דאָס האָט ער אָפּגעהיט די „פרייהייט פון וואָרט״.

כמעט יעדן טאָג פלעגט מאַרקאָוו דער צווייטער — אַ דראָנג וואָס האָט אויסגעזען ווי פּעטער דער גרויסער אויף די פּאַטריאָ־טישע בילדער — אַרויפגיין אויף דער טריבונע און אָנהייבן:

„יידן, אָט דאָס פון גאָט פאַרשאָלטענע און פון מענטשן פאַר־אַכטעטע פאָלק, יידן, אָט די...״.

דער בראַדיאַגא אויף רעגירונגס־קעסט פלעגט רעדן און רעדן און דער פּרעזידענט פון דער דומאַ, ראָדזיאַנקא איז אַלץ געשטאַנען און אָפּגעהיט „די פרייהייט פון וואָרט״... פון זאַל האָט מען זעלטן רעאַגירט אויף דעם ספּעקטאַקל. יעדער אַנשטענדיקער מענטש האָט עס געהאַלטן אונטער זיין כבוד זיך אַריינצולאָזן אין אַ זיד־לעריי־דועל מיט דעם בראַדיאַגא.

עס זענען געווען אין דער דומאַ אויך ניט ווייניק פיינע מענטשן, פּאָליטיש ריין און ערלעך. געגוג אָנצורופן די פירערס פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי (קאַדעטן) מיליוקאָוו, שינגאַריאָוו, ראַ־דיטשעוו א. א. וו. צו די די אויסגעשפּראָכענע יידן־פריינד האָבן געהערט די פּאַרטרעטער פון ליטע. איך האָב גוט געקענט איטשאַס, דעם פירער פון די ליטווישע דעפּוטאַטן. איך האָב אים שפּעטער געטראָפן אויפן וועג צו דער שלום־קאָנפערענץ אין ווערסאַיל און שפּעטער אין קאָוונע, אין דעם באַפרייטן ליטע, ווו ראָזנבאַום איז געווען אַ מיניסטער און שפּעטער סאָלאָווייטשיק.

ראובן רובינשטיין האָט רעדאַגירט זיין טעגלעכע יידישע צייט־טונג און איז געווען אַ צענטראַלע פיגור אין קאָוונע.

מיר וועלן דאָ אָפּשליסן די קורצע סקיצע וועגן דעם אַמאָ־ליקן ליטע. איך האָב באַזוכט אַ מאַסע קליינע, אָבער פיינע יידישע ישובים. זיי האָבן געלעבט זייער אייגן לעבן. פילפאַרביק, אָרעם און רייך, אָבער שטענדיק מיט אַ יידישן אינהאַלט.

(„לעצטע נייעס", דעם 10־טן נאָוועמבער 1967)

# פּאָל ריינאָ

פּאָל ריינאָ איז געווען פון די אינטערעסאַנטסטע פראַנצייזישע מלוכה־מענער, געוועזענער פּרעמיער־מיניסטער בעת עס איז אויס־געבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. זיין לעבן איז פאַרבונדן מיט אַ וויכטיקן קאַפּיטל פראַנצייזישער געשיכטע. ביי דעם גרויסן עולם וועט זיין נאָמען שטענדיק אַרויסרופן דאָס בילד פון דעם היינ־טיקן פּרעזידענט פון דער פראַנצייזישער רעפּובליק — גענעראַל שאַרל דע גאָל. דאָס האָט פּאָל ריינאָ אַריינגענומען צום ערשטן מאָל אין זיין רעגירונג דעם וויניק באַקאַנטן אָבער איבערגעוויינלעך אַמביציעזן אָפיציר, וועלכן מאַרשאַל פּעטען האָט שטאַרק פּראָטע־זשירט. דאָס האָט פּאָל ריינאָ געשיקט דע גאָלן מיט אַ מיסיע צו דער ענגלישער רעגירונג ביים אָנהייב פון דער מלחמה און שפּע־טער באַוווּנדערט אים, געזען אין אים דעם גרויסן פירער. און דאָס האָט פּאָל ריינאָ די לעצטע יאָרן אָפּגעטרייסלט זיך פון דע גאָלן, צוערשט אים פּאָטערלעך קריטיקירט און צולעצט אים באַ־שולדיקט אין די גרעסטע פּאָליטישע אַוואַנטורעס.

אויב מען זאָל ערנסט נעמען פּאָל ריינאָס צוויי לעצטע ביכער־פּאַמפלעטן — און מ'האָט שטענדיק גענומען ערנסט פּאָל ריינאָ — וואָלט מען געדאַרפט איצט שטעלן גענעראַל דע גאָל פאַר אַ מילי־טערישן פעלד־געריכט אָדער צונעמען אים פון דעם עליזיי־פּאַלאַץ און אַריינזעצן אין אַ שפּיטאָל פאַר גייסטיק קראַנקע. דאָס ערשטע פון די ביכער הייסט „די אויסלענדישע פּאָליטיק פון גאָליזם" און דאָס צווייטע — „וואָס וועט זיין שפּעטער?". די גרעסטע אָנקלאַגע

קעגן דע גאָלן באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט געמאַכט פון פראַנקרייכס פאַרבינדעטע און אַלטע טראַדיציאָנעלע פריינד — שונאים פון פראַנקרייך. דערמיט איז פאַרבונדן זיין פאַטאָלאָגישע פיינדשאַפט צו אַמעריקע און זיין פערמאַנענטע קאַמפּאַניע קעגן אַמעריקע; דערמיט איז פאַרבונדן זיין אַמביציע, אַז פראַנקרייך זאָל שפּילן די ראָלע פון אַ גרויסמאַכט און פאַרמעסטן זיך מיט אַזעלכע צוויי ריזיקע מלוכות ווי די פאַראייניקטע שטאַטן און סאָוויעט־רוסלאַנד.

פּאָל ריינאָ איז געווען פון נידעריקן וווקס — מיט צוויי אָדער דריי קעפּ נידעריקער פון דע גאָלן — מיט אַ פּאָר לעבעדיקע פינקלדיקע אויגן וואָס האָבן אַפּעלירט צו מענטשן און שווייגנדיק גערעדט אַ הייסע שפּראַך. דער דאָזיקער פיזיש קליינער, ציווי־לער מענטש, אַן עקאָנאָמיסט פון ערשטן קלאַס, האָט געהאַט דעם מוט זיך אַוועקצושטעלן אַנטקעגן צוויי מיליטער־לייט ווי דאָס זענען געווען מאַרשאַל פּעטען און גענעראַל ווייגאַן! ווען יענע האָבן בעת אַ זיצונג פון דער רעגירונג געוואָלט באַווייזן אַז פראַנק־רייך איז ניט אין שטאַנד זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם שונא און דאַרף זיך אונטערגעבן דער דייטשער נאַצי־אַרמיי, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו פאָלגן זייער פּאָליטישן אַנאַליז און באַשטאַנען אויף דעם, אַז דער גרעסטער ווידערשטאַנד מוז תיכף געשטעלט ווערן.
אייגנטלעך איז פּאָל ריינאָ געווען דער אמתער גייסטיקער אָרגאַניזאַטאָר פון דעם גרויסן פראַנצייזישן ווידערשטאַנד. ווען דע גאָל איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן און האָט אָנגעהויבן זיין אַרבעט דאָרט מיט שאַרפע קאָנפליקטן קעגן טשערטשילן, זענען דאָרט שוין געווען גרופּעס פראַנצייזישע ווידערשטענדלער, וואָס האָבן ניט געהאַט צו טאָן מיט דע גאָלן. אַ דאַנק טשערטשילן האָט דע גאָל באַקומען די מעגלעכקייט זיך צו באַנוצן מיט דעם ענגלישן ראַדיאָ און האַלטן זיינע רעדעס פאַר פראַנקרייך. אָן דער דאָזיקער פאַרבינדונג וואָלט דע גאָלס מיסיע געווען דער אָנהייב און דער סוף פון זיין פּאָליטישער קאַריערע.

די דייטשן האָבן געכאַפּט פּאָל ריינאָ און אים געהאַלטן דריי

און פופציק חדשים אין געפאַנגענשאַפט. פעטענס פראָ־נאַצי רעגי־
רונג וואָלט וועלן ליקווידירן דעם געוועזענעם פרעמיער־מיניסטער,
וועלכער איז געווען דער סימבאָל פון ווידערשטאַנד, אָבער עס איז
ניט מעגלעך געווען צו געפינען וועלכן עס איז פּרעטעקסט, כדי
אים צו באַשולדיקן. דער דורשט נאָך בלוט איז אָבער געווען
גרויס ביי דער ווישי־רעגירונג, האָט מען גענומען דעם יידישן
געפאַנגענעם וואָס איז געזעסן מיט פאָל ריינאָ צוזאַמען, דעם מי־
ניסטער זשאָרזש מאַנדעל — געוועזענעם פיל־יאָריקן מיטאַרבע־
טער פון קלעמאַנסאָ — אַוועקגעפירט אים אין וואַלד און דאָרט
אים דערשאָסן.

פאָל ריינאָ איז געבליבן פּאָליטיש אַקטיוו ביז צום לעצטן טאָג
פון זיין לעבן. ער האָט ניט אויפגעהערט צו דערקלערן וואָס פאַר
אַ סכנה עס שטעלט מיט זיך פאָר דער רעזשים פון דע גאָלן פאַר
דער צוקונפט פון פראַנקרייך, וואָס פאַר אַ פאַרברעכנס דע גאָל
איז באַגאַנגען מיט דעם ברעכן די קאָנסטיטוציע פון לאַנד און
פירן אַ פערזענלעכע פּאָליטיק לויט זיינע אייגענע שטימונגען און
קאַפּריזן. מען האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דער מאַן האָט גע־
וואָלט גוטמאַכן זיין שולד, איז דאָך ער, פאָל ריינאָ, געווען דער
וואָס האָט אַריינגעפירט דע גאָלן אין דער פּאָליטיק פון דער
פראַנצייזישער רעפובליק.

ווען מען האָט געפרעגט ביי פאָל ריינאָ וואָס עס איז געווען
דער צוועק פון זיין בוך „די אויסלענדישע פּאָליטיק פון גאָליזם”,
האָט ער געענטפערט גאַנץ קלאָר :

— ווייל גענעראַל דע גאָל האָט אָפּגעשטעלט דעם מאַרש פון
אייראָפּע צו אַ פאַראייניקונג ;

— ווייל ער האָט זיך אָפּגעזאָגט בייצוטראָגן צו דער געמיינ־
זאַמער פאַרטיידיקונג, דאָס וואָס עס האָבן פון אים פאַרלאַנגט די
פאַרבינדעטע ;

— ווייל ער האָט צוניט געמאַכט די טראַדיציאָנעלע פּאָליטיק
פון פריינדשאַפט מיט די גרויסע דעמאָקראַטיעס פון ענגלאַנד און
די פאַראייניקטע שטאַטן ;

— ווייל ער האָט חוזק געמאַכט פון דער אָנ״ו;

— ווייל מיט זיינע אויפטוען האָט ער אַוועקגעשטעלט קעגן אונדז די פאַרבינדעטע אונדזערע און אַלע אונדזערע שותפים אין דעם געמיינשאַפטלעכן מאַרק און דערמיט צוגענומען אונדזער פּלאַץ אין דער פירערשאַפט פון איראָפּע;

— ווייל די דאָזיקע לאַגע מוז תיכף ומיד געענדערט ווערן, האָט ער, פּאָל ריינאָ, געהאַלטן פאַר זיין חוב צו אַלאַרמירן די „כלאָראָפאָרמירטע עפנטלעכע מיינונג".

***

פראַנקרייך האָט ניט פאַרגעסן פּאָל ריינאָס לעצטע ווערטער: דאָס לאַנד מוז זיך באַפרייען פון דעם איצטיקן קאָשמאַר.

(„פרייע אַרבעטער שטימע", דעם 15־טן אָקטאָבער 1968)

# אַ מאָנומענטאַל ווערק

## (וועגן דעם בוך „סאָציאַלע דענקער און קעמפער" פון דוד שוב)

### .1

אונטער דעם נאָמען „סאָציאַלע דענקער און קעמפער" — האָט דער פאַרלאַג פון שלמה מענדעלסאָן־פאָנד ביי דער געזעלשאַפט „קולטור און הילף" אַרויסגעגעבן דעם ערשטן באַנד פון דוד שובס מאָנומענטאַלן ווערק, געווידמעט די בויערס פון סאָציאַליזם אין אָנהייב פון לעצטן יאָרהונדערט. עס איז גענוג דאָ צו ברענגען די צוועלף נעמען פון די באַרימטע פערזענלעכקייטן, מיט וועלכע דער מחבר פון דעם בוך איז פאַרנומען, כדי אָפּצושאַצן די גרויסע באַדייטונג און דעם ווערט פון די אויסגעצייכנט געשריבענע און זייער גרינטלעך דאָקומענטירטע שטודיעס.

דער ערשטער קומט דער גרעסטער ענגלישער פריינד פון אַר־בעטער־קלאַס ראָבער אוען (1771 — 1858), דאַן שאַרל פוריע (1772 — 1837) און פיער זשאָזעף פּרודאָן (1808 — 1865), די צוויי גרויסע פראַנצייזישע דענקערס און די ערשטע באַגרינדערס פון סאָציאַ־ליזם; די צוויי דייטשע סאָציאַליסטן וויטלינג (1798 — 1871) און קאַרל מאַרקסעס נאָענטסטער פריינד און מיטאַרבעטער פרידריך ענגעלס (1820 — 1895); די דריי יידן — קאַרל מאַרקס (1818 — 1883), מאָזעס העס (1812 — 1875) און פערדינאַנד לאַסאַל

(1825 — 1864) ; צום סוף די פיר גרויסע רוסישע סאָציאַליסטן — אַלעקסאַנדער הערצען (1812 — 1870), ניקאָלאַי טשערני־שעווסקי (1828 — 1889), מיכאַאיל באַקונין (1814 — 1876) פּיאָטר לאַווראָוו (1823 — 1900).

מיטן אויסנאַם פון ראָבערט אועז און שאַרל פוריע זענען אַלע איבעריקע געבוירן אַנהייב דעם לעצטן יאָרהונדערט נאָך די גרויסע שטורעמס פון דער פראַנצייזישער רעוואָלוציע, נאָך די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות, נאָך דעם ווינער קאָנגרעס (1815) — אין אַן אייראָפּע וואָס איז געווען פאַרכאַפּט און באַהערשט פון אַ פינצטערער רעאַקציע, אויפן וועג צו דער רעוואָלוציע פון 1848. מען לייענט מיט שפּאַנונג די סקיצן ניט נאָר וועגן די אויפטוען פון די מענטשן נאָר אויך וועגן זייערע פערזענלעכקייטן. מען באַטראַכט די אַמאָליקע עפּאָכע און מען מיינט אַז דאָס איז אַלץ געווען אַמאָל, אַז דאָס איז „געשיכטע", אָבער אין דער אמתן איז דאָס ניט געשיכטע, אַלץ איז היינטיקע אַקטואַליטעט און האָט צו טאָן מיט די היינטיקע געשעענישן.

זייער אַ גרויסן טייל פון דעם בוך האָט דער מחבר געווידמעט די פיר רוסישע פירערס אין פאַרגלייך מיט די אַכט אַנדערע. דאָס קאָן מען גוט פאַרשטיין, ווען מען האָט אין זינען די ראָלע וואָס דאָס היינטיקע קאָמוניסטישע, כלומרשט סאָציאַליסטישע, אין דער אמתן אַרכי־רעאַקציאָנערע רוסלאַנד, שפּילט אין דער וועלט־פּאָליטיק. צי מען וויל, צי מען וויל ניט, מוז מען ביים לייענען דאָס בוך פאַרגלייכן דאָס רוסלאַנד פון סטאַלינען מיט רוסלאַנד פון נאַקאָלאַי דעם ערשטן ; די היינטיקע מאָסקווער פּאָליטישע פּאָליציי (קג"ב) מיט די זשאַנדאַרמען פון יענע אַלטע צייטן, ווייל ווו איז דער אונטערשיד צווישן דעם מאַסנמאָרד בעתן אויפשטאַנד פון די דעקאַבריסטן און די מאַסן־מערדערייען אין דער צייט פון סאָוויעטישן רעזשים וואָס דויערט שוין איבער פופציק יאָר ?

האָט סאָוויעט־רוסלאַנד געשאַפן אַזאַ באַצויבערנדיקע און ליכטיקע פּערזענלעכקייט, ווי אַלעקסאַנדער הערצען, אָדער טשערנישעווסקי און לאַווראָוו ?

אַמאָל האָבן רוסישע היסטאָריקער אָנגערופן אפילו אַלעק־סאַנדער דעם ערשטן, דעם באַטייליקטן אין מאָרד פון זיין פאָטער, „צאַר בלאַגאָסלאַוועני" — דער געבענטשטער צאַר, דער באַפרייער פון אייראָפּע פון נאַפּאָלעאָנען. נו, האָט ניט די מאָסקווער קליקע געהאַלטן אין פּראָקלאַמירן צענדלינגער יאָרן סטאַלינען פאַר דעם טאַטן פון די פעלקער פון דער גאַנצער וועלט — יאָסיף סטאַלינען דעם שותף פון אַדאָלף היטלער ?

די פיר שטודיעס וועגן די גרויסע רוסישע רעוואָלוציאָנערן דאַרף מען לייענען און איבערלייענען. אויף די ווערק פון הערצען און טשערנישעווסקי האָבן זיך דערצויגן דורות רוסישע אינטעלי־גענץ, און ניט נאָר דערפאַר ווייל יענע האָבן גרויסאַרטיק געשריבן, נאָר ווייל זיי האָבן רעפּרעזענטירט די דערהויבנקייט פון דעם איינ־צלנעם מענטשן, די פרייהייט פון דעם יחיד. דערפאַר ווייל דער יחיד האָט ניט געהאַט קיין שום ווערט פאַר דעם אַלטן באַרבאַרישן רעזשים, איז אַזאַ אַקטיווער רעוואָלוציאָנער, אַ קעמפער אויף די באַריקאַדן ווי מיכאַאיל באַקונין געווען קעגן רוף פון קאַרל מאַרקס צו „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט". באַקונין האָט בעסער געקענט דאָס רוסישע פאָלק ווי קאַרל מאַרקס, וועלכער האָט זיך אויסגעע־לערנט די רוסישע שפּראַך כדי צו קאָנען לייענען די ווערק פון טשערנישעווסקין. ווי אַ נביא האָט באַקונין פאָראויסגעזען דעם היינטיקן סאָוויעטישן רעזשים, וואָס פאַרוואַנדלט דאָס לאַנד אין אַ טייל פון אַזיע, וואָס האָט חרוב געמאַכט דאָס רוסישע פּויער־טום, צו נישט געמאַכט דעם רוסישן מענטש. אָבער אפילו באַ־קונין וועלכער האָט אַליין אויך געזינדיקט דורך זיין פאַרבינדונג מיט דעם משוגענעם טעראָריסט ניעטשאַיעוו, האָט נישט געקאָנט פאָראויסזען, אַז רוסלאַנד וועט אויף צענדלינגער יאָרן אַריינפאַלן אין די הענט פון פאַרברעכערס אַזעלכע ווי סטאַלין, בעריאַ און זייערע יורשים. דער ליבלינג פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, גע־נעראַל אַראַקטשייעוו, איז מיט זיין גאַנצער משוגעת געווען אַ היי־ליקער אין פאַרגלייך מיט אַ יעזשאָוו, מיט אַ קיראָוו, מיט אַ זשדאַ־נאָוו, מיט די היינטיקע העלדן פון דער קג"ב. קאַרל מאַרקס, צו

וועמען סאָוויעט־רוסלאַנד האָט צוגעטשעפּעט דעם נאָמען פון לע־
ניק, האָט אַ סך זאַכן נאָר פאַרשטאַנען טעאָרעטיש און ער וואָלט
אַליין היינט אויפגעציטערט זעענדיק אין וואָס די מאָסקווער חברה
האָט פּראַקטיש פאַרוואַנדלט זיין רוף צו „דיקטאַטור פון פּראָלע־
טאַריאַט".

**
*

פאַר דעם יידישן לייענער האָט נאַטירלעך אַ ספּעציעלן אינ־
טערעס די סעריע פון די דריי יידישע פּאָרטרעטן אין דעם בוך
פון דוד שוב, וואָס עס מיינט די פּאָרטרעטן פון: מאָזעס העס,
קאַרל מאַרקס און פערדינאַנד לאַסאַל. דעם גרעסטן אינטערעס
שטעלט מיט זיך פאָר מאָזעס העס, דער מחבר פון דעם באַקאַנטן
בוך „רוים און ירושלים", וועלכער איז געווען אַ רייכער און ער־
לעכער סאָציאַליסטישער דענקער אין אַ גרויסן פאַרנעם, אַ סאָ־
ציאַליסט, וועלכער האָט ערנסט גענומען זיין יידישקייט און צום
סוף פון זיין פּאָליטישער קאַריערע זיך אין גאַנצן אידענטיפיצירט
מיט זיין פאָלק. ער ווערט באַטראַכט ווי דער ערשטער טעאָרע־
טישער באַגרינדער פון ציוניסטישן סאָציאַליזם.

מאָזעס העס איז געבוירן געוואָרן אין דייטשלאַנד, אין אַן
אָרטאָדאָקסישער יידישער היים, אין 1812, דעם אייגענעם יאָר
ווען אין רוסלאַנד איז געבוירן געוואָרן אַלעקסאַנדער הערצען,
און איז געשטאָרבן אין 1875, פינף יאָר נאָך הערצענען. דאָס
הייסט, אַז מאָזעס העס האָט דערלעבט צו זען דאָס נייע אייראָפּע,
נאָך דער פראַנקאָ־פּרייסישער מלחמה פון 1870־1871, ווי אויך
די גרינדונג פון דעם דייטשן קייזער־רייך און דעם אויפבלי פון
דייטשן אימפּעריאַליזם.

פון די דריי גרויסע יידן איז דער באַרימטסטער געווען קאַרל
מאַרקס. ער איז ניט נאָר געווען אַ משומד און דערביי אַן אייניקל
פון אַ רב, נאָר האָט זיך פאַרוואַנדלט, אויב מען מעג אַזוי זאָגן,
אין אַן אַנטי־יידישן אַפּאָסטאָל. דערצויגן אין אַן אַטמאָספערע פון
אַ באַוווסטזיניקער אַסימילאַציע, האָט דער בויער פון וויסנשאַפט־

לעבן רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם געהאַט אין זיך ניט ווייניק עלע־מענטן פון „יידישער חוצפה". ער איז טאַקע געווען אַ גרויסער וויסנשאַפטסמאַן, אָבער געהאַט אַ היציקן טעמפּעראַמענט, שאַרף קריטיקירט גייסטרייכע שרייבערס, וואָס ער האָט אַ סך געגאָסן פון זייער אַרבעט, ווי למשל, זיין אַטאַקע אויף פּרודאָנען. ער האָט זיך אפילו דערלויבט אויף געמיינהייטן ווי דאָס איז געווען אין זיין קאַמפּאַניע קעגן באַקונינען.

דער גלענצנדיקסטער צווישן די דריי, אַן אמתער ברילליאַנט, איז אפשר געווען פערדינאַנד לאַסאַל. דוד שוב שילדערט אים זייער אינטערעסאַנט. דער ערשטער, און אַ סך יאָרן דער איינציקער ביאָגראַף פון לאַסאַלן איז געווען, דער דעמאָלט נאָך יונגער דע־ניש־יידישער ליטעראַטור־היסטאָריקער געאָרג בראַנדעס. ער איז אַרומגעפאָרן איבער דייטשלאַנד כדי צו טרעפן די מענטשן, וועל־כע האָבן געקענט לאַסאַלן פערזענלעך. לאַסאַל איז געבוירן אין ברעסלאַו אין יאָר 1825. ער האָט געמאַכט אַ בליץ־קאַריערע אין אַ קורצער צייט ווי דער ערשטער אָרגאַניזאַטאָר פון דער דייטשער אַרבעטער־פּאַרטיי און האָט אויף אַ משוגענעם און אומווירדיקן אופן פאַרענדיקט זיין לעבן בעת אַ דועל אין זשענעווע. דאָס איז געווען צוליב אַ נישטיקער קריסטלעכער מיידל, וועלכע ער האָט אייגנטלעך זייער ווייניק געקענט. די געשיכטע פון דער בליץ־ליבע און זיין טראַגישער טויט פאַסן גיכער פאַר אַ ביליקן, וואול־גאַרן גאַסן־ראָמאַן. אָבער דאָס איז געווען דער גורל פון דעם זעלטענעם יידישן מאַן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַ פיינער יידישער היים, באַקומען אַ גוטע יידישע דערציאונג.

לאַסאַל האָט שטודירט מיט דערפאָלג די געשיכטע פון דער דייטשער און אַלטער גריכישער פילאָסאָפיע און איז אויפגענומען געוואָרן ווי אַן אָפּגאָט דורך די דייטשע אַרבעטער. ווען ער האָט אין עלטער פון ניינצן יאָר באַזוכט אין פּאַריז היינריך היינע, האָט ער געמאַכט אַזאַ איינדרוק אויף דעם גרויסן דיכטער, אַז יענער האָט געשריבן צו זיינע פריינד קיין בערלין, אַז ער איז באַגייס־טערט פון דעם יונגן מאַן, וואָס איז אַ ניי אויפגעקומענער שטערן...

לאַסאַל איז אָבער אויפגעקומען ווי אַ שטערן און איז ווי אַ מעַ־טעאָר אַראָפּגעפאַלן פון הימל. דאָס איז געווען ווי מיר האָבן דאָס געזאָגט ניט ווייט פון זשענעווע, ביים באַרג סאלעוו אין דעם אָרט ווו די שורות ווערן איצט געשריבן.

די ערשטע סאָציאַליסטישע שרייבער האָבן ניט געקאָנט מוחל זיין לאַסאַלן זיין אופן פון לעבן ווי אַ צעלאָזענער בורזשואַ און אויך ניט זיינע ראָמאַנען מיט פרויען, באַזונדערס זיין טראַ־גישן סוף צוליב אַ פרוי בשעת ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ פרויען־באַוועגונג, וועלכע ער אַליין האָט אויפגעבויט. די העלדין פון דעם טראַגישן ראָמאַן — העלען דעניגג — האָט אויך טראַגיש פאַרענדיקט איר לעבן נאָך עטלעכע חתונות. זי האָט זיך שטענדיק אומגעקערט צו דער ליבע־געשיכטע מיט לאַסאַלן און אפילו פובליצירט זיינע בריוו צו איר, זיין פאַרלירן דעם קאָפּ. עס זענען אויך דערשינען אויף פראַנצייזיש ביכער און ביכלעך מיט שילדערונגען פון דעם זעלטענעם פאָלקס־טריבון.

אָן אויסערגעוויינלעכן חן האָט דוד שובס שטודיע וועגן מאָזעס העס, דעם איבערצייגטן סאָציאַליסט און רעוואָלוציאָנער, אָבער פריער פון אַלץ ייד, אַ ייד פון אָנהייב ביז סוף. „ניט אַסימילאַציע און ניט שמד — האָט מאָזעס העס געזאָגט — לייזט די יידישע פראַגע. אַן אַסימילאַטאָר און אַ געשמדטער ייד פאַרבלייבט אַ ייד, ניט נאָר אין זיין אויסערלעכן אויסזען, נאָר אויך אין זיינע אינער־לעכע כאַראַקטער־שטריכן און אין זיין באַציאונג צו גאָט, ווי ער זאָל זיך ניט מאַכן פאַר אַ קריסט. און אין דעם פּרט זענען אָפט די רעאַקציאָנערן און אַנטיסעמיטן מער גערעכט ווי אייניקע פון די אויפגעקלערטע ליבעראַלן וועלכע דענקען, אַז ווען אַ ייד שמדט זיך און פאַרגעסט וועגן זיין יידישקייט, הערט ער אויף צו זיין אַ ייד".

**
*

דאָס בוך פון דוד שוב „סאָציאַלע דענקער און קעמפער" איז פול מיט אַזאַ וויכטיקן שטאָף און איז אַזוי צוזאַמענגעשטעלט, אַז

עס דאַרף געלייענט ווערן פון יעדן באַוווסטזיניקן מענטש, וועל־
כער וויל באַנעמען דעם צוזאַמענהאַנג פון די היינטיקע גרויסע
געשעענישן מיט דעם וואָס איז געווען פאַר דעם. עס איז ניט
גענוג צו זאָגן, אַז מיר לעבן אין אַן עפּאָכע פון איבערגאַנג און
מיר קאָנען ניט היינט פאָראויסזען די אַנטוויקלונג פון די געשעע־
נישן ניט אין מזרח און ניט אין מערב. די געשיכטע פון די לעצטע
הונדערט אָדער הונדערט מיט פופציק יאָר, פאַרפליכטעט אונדז
צו קענען די יסודות פון די היינטיקע באַוועגונגען, זייער אויפקום
און זייערע אויסווירקונגען.

(„פרייע אַרבעטער שטימע", דעם 15־טן סעפּטעמבער 1968)

## 2.

דער צווייטער באַנד פון דוד שובס „סאָציאַלע דענקער און קעמפער" איז אַ ווירדיקער המשך פון דער גרויסער פּאָרטרעטן־גאַלעריע וואָס דער לייענער געפינט אין דעם ערשטן באַנד. ער איז פול מיט לעבעדיקע בילדער פון בויערס, דענעקרס און קעמ־פער, וואָס זענען שוין לאַנג ניטאָ אויף דער וועלט, אָבער וואָס זייער גייסט און אידעען לעבן מיט אונדז און ווירקן.

דער נייער, צווייטער באַנד הייבט זיך אָן מיט אַ גרויסער שטודיע איבער פּיאָטר קראָפּאָטקין (1842 — 1921) און ענדיקט זיך מיט אַ שטודיע וועגן וויקטאָר טשערנאָוו (1873 — 1952). וואָס פאַר אַן עפּאָכע עס זענען דאָס געווען די דאָזיקע הונדערט מיט צען יאָר; וואָס פאַר אַ באַוועגונגען, וויפיל רעוואָלוציעס און מלח־מות, וויפיל סאָציאַלע טראַנספאָרמאַציעס און וויסנשאַפטלעכער פּראָגרעס !...

איינע פון די גרינדלעכסטע שטודיעס אין דעם נייעם באַנד איז געווידמעט עדואַרד בערנשטיין, דעם למדן פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. ער שטייט פאַר מיינע אויגן ווי איך האָב אים געזען מיט קנאַפּע פינף און זעכציק יאָר צוריק. עס איז גע־ווען אין דייטשן רייכסטאַג, בערנשטיין איז שוין דעמאָלט געווען איבער די פופציק יאָר (1850 — 1932). עס איז געווען דער גלענצנ־דיקסטער אָפּשניט אין דער געשיכטע פון דייטשן סאָציאַליזם; עס איז די צייט פון אויגוסט בעבעל, דעם גייסטרייכן רעדנער און שטורמישן פירער, און צוגלייך פון פירשט בילאָוו, דעם רעאַק־

ציאָנערן קאַנצלער פון ווילהעלם דעם צווייטן, דעם גרעסטן בלאָפער אין דער האָהענצאָלערן־דינאַסטיע, וועלעכר איז ווי אַ מיזעראַבלער פחדן אַנטלאָפן קיין האָלאַנד און זיך דאָרטן באַ־האַלטן. בילאָוו איז אויך געווען אַ גלענצנדיקער רעדנער, אָבער אָן בעבעלס טיפקייט און טעמפעראַמענט. די דייטשע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע האָט געהאַט אַזעלכע טעאָרעטיקער ווי עדואַרד בערנשטיין און קאַרל קאַוטסקי (1854 — 1938).

די סאָוויעטישע טעאָרעטיקער, וועלכע צייכענען זיך אויס מער מיט כאַמסטווע ווי מיט וויסן, האָבן פאַרוואַנדלט בערנשטיינס פּירו־שים אויף קאַרל מאַרקס טעאָריע אין אַ מין סאָציאַליסטישן פאַר־ראַט; דאָס וואָרט „רעוויזיאָניזם" איז אַ מין זידלעריי. אָבער עדו־אַרד בערנשטיין איז גאָרניט געווען קיין אַנטי־מאַרקסיסט, ער איז פריער פאַר אַלעם געווען אַ גרויסער קענער און אַ פּאָליטיקער.

דער נייער באַנד פון דוד שובס „סאָציאַלע דענקער און קעמ־פער" האָט אַ גאַנץ ספּעציעלן אינטערעס איצט, בשעת דער אינ־וואַזיע פון די רוסישע אַזיאַטן אויף טשעכאָסלאָוואַקיע און דער אָקופּאַציע פון דעם קליינעם אָבער זייער אַלטן קולטור־לאַנד. ווען מען לייענט דאָרט די אויסגעצייכנטע שטודיעס וועגן קראָפּאָטיק־נען, וועראַ פיגנער, הערמאַן לאָפּאטין, יעקאַטערינאַ ברעשקאָווס־קאַיאַ, סטיעפּניאַק און אַנדערע רוסישע סאָציאַליסטן פון יענער צייט, קאָן מען זיך ניט באַפרייען פון האַרץ־קלעמעניש און זאָגן ווי מען זאָגט צו אַ געפאַלענער גאָסן־פרוי:

— זע, באַטראַכט זיך, וואָס דו ביסט געוואָרן און וואָס פון דיר איז געוואָרן!...

אַזוי אייגנטלעך האָבן געקלונגען די פאָרווורפן פון קראָפּאָט־קינען געווענדעט צו לענינען בשעת דעם שמועס וואָס זיי האָבן גע־האַט. דאָס איז געווען אַ קורצע צייט פאַר דעם טויט פון דעם זעל־טענעם, קרישטאַל־ריינעם מענטש, דעם געהויבענעם רוסישן מענטש וועלכער עס איז געווען פּיאָטר קראָפּאָטקין. עס איז אַ פראַגע צי די גרויסע וועלט האָט פריער פאַרשטאַנען דאָס ריזיקע סלאַווישע

לאַנד וואָס איז דאָך מזרח־איראָפּע און צי זי פאַרשטייט איצט זיין אַזיאַטישן רעזשים ?

אָט זענען אַרויס אין ענגלאַנד אַלע ווערק פון אַלעקסאַנדער הערצען אין דער ענגלישער איבערזעצונג. פיינע ענגלישע שריי־בער האַלטן אַז דאָס איז אַ בידנער שטאָף, ניט וויכטיק און ניט אינטערעסאַנט. אפילו אַזאַ שרייבערין ווי רעבעקאַ וועסט זאָגט, אַז זי פאַרשטייט ניט, צו וואָס מען האָט דאָס געדאַרפט אַרויס־געבן. אָנשטאָט הערצען גלאַנצט היינט אין סאָוויעט־רוסלאַנד דער נאָמען פון מיכאַאיל שאָלאָכאָוו. די געפאַלנקייט פון דער היינטי־קער אַזוי גערופענער רוסישער קולטור קאָן מען זען נאָר ביים מעסטן די קאָנטראַסטן, פון דערמאָנען דאָס וואָס ס'איז געווען און אויף וואָס מען האָט געבויט אַלע האָפענונגען און פאַרגלייכן עס מיט דעם וואָס האָט היינט באַהערשט דאָס דאָזיקע לאַנד. „כאַם אידיאָט" (דער כאַם קומט) האָט אַמאָל געזאָגט מערעזשקאָווסקי, און דער כאַם, דער אויסוווּרף איז געקומען!

פון זייער אַ גרויסן אינטערעס אין דוד שובס בוך איז די שטודיע געווידמעט דעם כמעט פאַרגעסענעם יידישן רעוואָלוציאָ־נער אהרן זונדעלעוויטש (1852 — 1923), וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע ביי אַן אָרעמער אָבער אינטעליגענטער משפחה ווי איינער פון ניין קינדער ביי זיינע עלטערן. נאָך אַלס קינד איז אהרן דורכגעגאַנגען די שווערע שול פון דער ביטערער אָרעמקייט ביי די יידישע מאַסן און איז געוואָרן שפּעטער אַ פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער. ער האָט באַוויזן ווונדער אַלס אָרגאַניזאַטאָר. ער האָט פון פאָטער זיינעם, אַ ייד אַ למדן, באַקומען אַ רעליגיעזע דערציאונג, דערנאָך געלערנט אין אַ ראַבינער־שול און געגעבן לעקציעס קינדער צוגרייטנדיק זיי פאַר אַ גימנאַזיע. ער האָט דער־ביי פאַרדינט אַן ערך פינף און זיבעציק קאָפּיקעס אַ חודש... אַריינ־געצויגן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, באַפרייט און עמאַנ־ציפּירט פון דער פרומער סביבה, ווערט זונדעלעוויטש אַ רו־סישער רעוואָלוציאָנער, אַ דערצויגענער אויף די אידעאַלן פון דער רוסישער ליטעראַטור און פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע אידעען.

דוד שוב ברענגט אַ ציטאַטע פון וולאַדימיר יאָכעלסאָנס זכרו־נות וועגן אהרן זונדעלעוויטשן. יאָכעלסאָן איז געווען זונדעלע־וויטשעס אַ פריינד. עס לוינט זיך דאָ איבערצוחזרן דעם דאָזיקן ציטאַט:

— „מיר האָבן גערעכנט אַז די באַפרייאונג פון רוסישן פאָלק פון אונטער דער הערשאַפט פון דעספּאָטיזם און פון אונטערן דרוק פון די הערשנדיקע קלאַסן וועט אויך ברענגען צו דער פּאָ־ליטישער און עקאָנאָמישער באַפרייאונג פון אַלע פעלקער אין רוסלאַנד, דאָס יידישע פאָלק אַריינגערעכנט. מען מוז אָבער מודה זיין, אַז די רוסישע ליטעראַטור, וועלכע האָט ביי אונדז איינגע־פלאַנצט אַ ליבע צו בילדונג און ליבע צום רוסישן פויער האָט ביי אונדז אין אַ געוויסער מאָס אויך איינגעפלאַנצט אַ פאַרשטע־לונג וועגן יידנטום ניט ווי וועגן אַ פאָלק נאָר ווי וועגן אַ קלאַס פון פּאַראַזיטן. אַזעלכע מיינונגען האָבן אויך ניט זעלטן אַרויס־געזאָגט די ראַדיקאַלע רוסישע שרייבער. דאָס איז געווען איינע פון די סיבות פון דעם פאַר וואָס מיר האָבן זיך אָפּגעקערט פון אונדזער יידישן פאָלק".

די דאָזיקע ווערטער קלינגען היינט ערגער ווי אויטאָ־קריטיק. ווען אַזעלכע גייסטער ווי קאַרל מאַרקס און פערדינאַנד לאַסאַל האָבן זיך געקאָנט דערטראַכטן צו אַזעלכע אַבסורדן און מיאוסע דעפיניציעס וועגן יידישן פאָלק און וועגן יידנטום, קאָן מען דאָס צום טייל דערקלערן דערמיט, וואָס זיי האָבן ניט געהאַט קיין פאַרשטעלונג וועגן די יידישע מאַסן, זיי האָבן ניט געלעבט צווישן זיי און ניט געקענט זייערע נויטן און זייערע ליידן. די יידישע רעוואָלוציאָנערן אָבער פון אַלטן, פאַרשאָלטענעם רוסלאַנד, פאַר זיי זענען דאָך די יידישע מאַסן ניט געווען פרעמד, אַ גרויסער טייל האָט דאָך פון זיי געשטאַמט, איז ווי איז עס? יאָ, מען בלייבט דערשטוינט אָן אַן ענטפער...

אהרן זונדעלעוויטש איז אַ זעלטענע, באַקאַנטע פערזענלעכ־קייט, אָבער אַזעלכע ווי ער זענען דאָך געווען הונדערטער יידן, אמתע העלדן פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. פון

די זכרונות פון מ. קראָל, דעם יידישן מיטגליד פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, קאָן מען צוזאַמענשטעלן אַ גאַנצע ענציקלאָפּעדיע פון יידישע טוערס, וועלכע האָבן מקריב געווען זייערע לעבנס פאַר דער באַפרייאונג פון רוסלאַנדס פעלקער. דער וויסטער, פינצטערער רעזשים פון היינטיקן רוסלאַנד, דער יורש פון דעם טראַדיציאָנעלן, אַלטן רעאַקציאָנערן און אַנטיסעמיטישן רעזשים, דאַרף אונדז דערמאָנען די העלדן און זייערע אויפטוען לטובת הכלל. מיר טאָרן זיך ניט אָפּזאָגן פון דער האָפענונג, אַז דער היינטיקער רוסישער רעזשים וועט זיך צוזאַמענברעכן און אַז אַלע פעלקער פון רוסלאַנד, אַריינגערעכנט די דריי מיליאָן רוסישע יידן, וועלן אויסגעלייזט ווערן.

די „סאָציאַלע דענקער און קעמפער“ פון דוד שוב געהערן ניט צו דער פאַרגאַנגענהייט. זיי זענען היינט צווישן אונדז און מיט אונדז ווי אַ לעבעדיקער כוח, וואָס שטאַרקט אונדזערע האָפענונגען אויף בעסערע צייטן און אינספּירירט צו אַן אַקטיוון אָנטייל אין די היינטיקע געשעענישן.

(„פרייע אַרבעטער שטימע“, דעם 11־טן אָקטאָבער 1968)

# אָקטאָבער 1915

דאָס איז ניט קיין דרוק־פעלער: עס איז ניט געמיינט אָקטאָ־בער 1917. עס איז אַקוראַט מיט צוויי יאָר פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע; עס איז נאָך דאָס אַלטע רוסלאַנד.

פּלוצלינג, בעת אַ רייזע איבער די סקאַנדינאַווישע לענדער, איבערראַשט מיך אַן אַלטער פריינד מיט אַ נומער פון דעם רוסיש־יידישן וואָכנבלאַט „די יידישע וואָך״ (יעווריעיסקאַיאַ ניעדיעליאַ) פון 25־טן אָקטאָבער 1915, אַרויסגעגעבן אין מאָסקווע. עס איז ניט גענוג צו זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַן איבערראַשונג. עס איז ווי פון יענער וועלט, ניט ווי מיט דריי און פופציק יאָר צוריק, נאָר ווי פון מיט הונדערט און פופציק יאָר צוריק. דאָס איז דאָך געווען אין מיטן ברען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין אָנהייב פון די גרויסע מפּלות פון דער רוסישער אַרמיי, בעת דעם שרעקלעכן גרויסן גירוש פון זעקס הונדערט טויזנט יידן פון פּוילן, ליטע און די באַלטישע פּראָווינצן. לאָמיר דאָס זאָגן אַנדערש: דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דעם אונטערגאַנג פון דעם גרויסן יידישן ישוב אין מזרח־אייראָפּע.

דער גרעסטער טייל נומער פון דעם פאַרבלאָנדזשעטן וואָכנ־בלאַט איז טאַקע פאַרנומען מיט שילדערונגען פון דעם גירוש, פון דעם ווי די לאָקאַלע אַדמיניסטראַציע טרייבט די פּליטים פון איין אָרט צום אַנדערן, ווי דער יידישער קאָמיטעט אין פּעטערסבורג ווענדעט זיך צו דער רעגירונג מיט בקשות און פּראָטעסטן — אָן שום דערפאָלג. דער לייט־אַרטיקל באַווײנט די נייע פּאָגראָם־

קאַמפּאַניע אין לאַנד געפירט כלומרשט פון אַ געהיימער אונטער־ערדישער אָרגאַניזאַציע, אָבער אָפן געשטיצט פון דער רעגירונג. דער נוסח פון די אָנקלאַגעס איז ניט קיין נייער: מיר האָבן גע־מיינט און געהאָפט, אַז עס קומען נייע צייטן, אָבער וואָס זעען מיר? די שולד פאַר אַלע אומגליקן פון דעם לאַנד ווערט גע־וואָרפן אויף יידן.

עס איז דאָן געווען אַ גרויסע קאָנסערוואַטיווע פּרעסע, וואָס האָט קיין מאָל ניט אויפגעהערט צו העצן קעגן יידן. זי האָט ניט געדרוקט קיין מיאוסע אַנטיסעמיטישע קאַריקאַטורן, ווי די היינ־טיקע קאָמוניסטישע „פּראַוודאַ״ דערלויבט זיך צו דרוקן; די מי־ניסטאָרן פון יענער צייט האָבן ניט דערקלערט עפנטלעך אַז יידן זענען „אַגרעסאָרן״ אָדער „נאַציס״, אָבער די רעגירונג האָט דעמאָלט פאַרקוקט די פאַרברעכנס פון דער לאָקאַלער אַדמיניס־טראַציע.

דער נומער פון דער ׳יעווריעיסקאַיאַ ניעדיעליאַ״ פון 25־טן אָקטאָבער 1915 איז פאַרנומען מיט אַן אוקאַז פון דעם „נאַמיעסט־ניק״ פון קאַווקאַז, וועלכער האָט באַפוילן אַרויסצושיקן פון קאַוו־קאַז אַלע יידישע פּליטים. ווהין זיי אַרויסשיקן, ווי אַזוי זאָל מען זיי אַרויסשיקן? אויף דעם איז קיין שום ענטפער ניטאָ.

מיין זכרון איז ניט גענוג שטאַרק צו דערמאָנען גענוי די אַלע ציפערן, אָבער איך געדענק, אַז נאָך דעם ערשטן יאָר פון גרויסע מפּלות האָבן די דומאַ און די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס פאַר־לאַנגט, אַז דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער רוסישער אַרמיי, גרויס־פירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און זיין באַרימטער שטאַב־שעף גענעראַל יאַנושקעוויטש זאָלן באַפרייט ווערן פון זייערע פּאָסטנס. דער גרויספירשט איז געווען באַקאַנט פאַר איינעם פון די ברו־טאַלסטע און בייזוויליקסטע טיפּן אין דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע. אַ ווילדער באַרבאַר פאַר וועלכן דער צאַר ניקאָלאַי דער צווייטער פלעגט ציטערן, איז ער געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע פאַר־פאָלגונגען פון יידן אין דער אַרמיי, פאַר דעם גירוש, פאַר מאַסן

געהאָנגענע יידן וועלכע מען האָט באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש יעדעס מאָל ווען די אַרמיי האָט געליטן אַ מפּלה.

דעם דאָזיקן מערדער האָט מען צוגענומען פון דעם איירראָ־פּעאישן פראָנט און געשיקט אים קיין קאַווקאַז ווי דעם שעף פון דעם רוסישן פראָנט אויף דער גרענעץ מיט טערקיי. די ווילדקייט פון דעם דאָזיקן שונא ישראל קאָן מען היינט פאַרגלייכן נאָר מיט די אויפטועון פון אַ געבוירענעם קאַווקאַזישן מערדער — יאָסיף סטאַלין... איך קוק זיך אַריין אין דעם נומער פון דעם רוסיש־יידישן וואָכנבלאַט ווו עס געפינט זיך אויך מיינס אַן אַרטיקל וועגן די דעמאָלטיקע זייער געשפּאַנטע פּויליש־יידישע באַצי־אונגען. איר פאַרליר ביסלעכווייז דעם חוש פאַר דיסטאַנץ — איז דאָס אַלץ געשען מיט דריי און פופציק יאָר צוריק?...

...בין איך דען ניט געווען מיט אַ זיבן־אַכט חדשים פריער, איידער דער דאָזיקער נומער איז אַרויס, אין וואַרשע אויפן רוסיש־דייטשן פראָנט ביי סאָכאַטשעוו? האָב איך דען ניט פאַרבראַכט אַזוי גוט ווי יעדן טאָג אין דער וואַרשעווער גמינע אויף גזשיבאָוו־סקאַ, געהאַט אַ שמועס מיט י. ל. פּרץ גאַנץ קורץ פאַר זיין טויט?... אויף די גאַסן פון וואַרשע איז טאָג און נאַכט אַרומגעגאַנגען אַ מי־ליטערישער פּאַטרול צוזאַמען מיט אַ פּאָליציאַנט אויף אַ פערד, כדי צו זוכן און צו כאַפּן אַנטלאָפענע סאָלדאַטן און אָפיצירן. וואָס פאַר אַן אומרו האָט דאַן געהערשט אין וואַרשע: אַ הונדערט טויזנט יידישע גערודפטע פּליטים האָבן פאַרפלייצט אַלע הויפן און „פּזשי־טולקעס" פאַר קינדער!

איז עס מעגלעך אַז דאָס אַלטע וואַרשע איז מער ניטאָ — ניטאָ די נאַלעווקעס, ניטאָ מיין כלאָדנע 8, ניטאָ די צייטונגען, ניטאָ קיין ישוב און מיר זענען געצוווּנגען אויסצוהערן אומפאַר־שעמטע מוסר־רייד פון אַ גאָמולקאַ און קוויקן זיך מיט יידן־פריינדלעכע רייד פון קאַרדינאַל ווישינסקי? יאָ, אַלץ וואָס מען האָט אַמאָל געהאַלטן פאַר אוממעגלעך איז געוואָרן מעגלעך. אפילו דאָס פאַרוואַנדלען זיך פון קאָמוניסטישן מאָסקווע אין אַ צענטער

פון דער געמיינסטער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע איז געוואָרן מעגלעך...

די עטלעכע יידישע שרייבערס אין דעם רוסיש־יידישן וואָכנ־בלאַט זענען שוין אויף יענער וועלט, אָבער פאַר מיר זענען זיי לעבעדיקע גייסטער. דער נומער איז אַרויס דעם 25־טן אָקטאָבער 1915. מיט אַ האַלב יאָר פריער האָב איך אויף שטענדיק פאַרלאָזן דעם רוסישן גיהנום, כדי מער ניט אומקערן זיך צוריק, כדי צו דערציילן דער יידישער וועלט, וואָס יידן האָבן אויסצושטיין אין דעם גיהנום!

האָט זיך אַ סך געענדערט דאָרט פאַר די דריי און פופציק יאָר? עס האָט זיך נאָר אויף אַזוי פיל געענדערט אויף וויפל פון אַן אָרגאַניזירטן ישוב פון זעקס מיליאָן יידן איז געבליבן אַ חורבן פון אַ ישוב מיט דריי מיליאָן צעזייטע און צעשפּרייטע און טעראָריזירטע יידן. מיר האָבן דעמאָלט געמיינט, אַז דאָס אַלטע רוסלאַנד גייט אונטער. עס איז געווען אַ טעות, דאָס אַלטע רוסלאַנד לעבט ווייטער אין נאָך שרעקלעכערע און ברוטאַלערע פאָרמען, דאָס נייע רוסלאַנד איז נאָך ניט געקומען. בעתן פייערן דעם פופ־ציק־יאָריקן יובל פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ווייסט דאָס די גאַנצע וועלט. די רוסישע פּאַטריאָטן האָבן אַמאָל געשריגן אַז פון מזרח וועט קומען די גאולה, דאָס גרויסע ליכט. זיי האָבן געהאַט אַ פּרעטענסיע צו האַלטן זיך פאַר דעם פייערדיקן זייל, וואָל וועט פירן די מענטשהייט צו בעסערע צייטן. זיי האָבן נאָך איצט די פּרעטענסיע, כאָטש דער נאָמען אַליין פון סאָוויעט־רוסלאַנד רופט אַרויס פאַראַכטונג, נאָר פאַראַכטונג.

דאָס אַלטע רוסלאַנד לעבט נאָך און וויל נאָך אַלץ ניט אונ־טערגיין...

(„פרייע אַרבעטער שטימע", דעם 15־טן אָקטאָבער 1968)

# הונדערט און פופציק יאָר קאַרל מאַרקס

אויב מען זאָל רעכענען די הונדערטער מיליאָנען מאָאָ־כינע־זער, פאַר ריינע, אָדער, ווי מאָסקווע מיינט, אומריינע מאַרקסיסטן און די עטלעכע הונדערט מיליאָן סאָוויעטישע און פראָ־סאָוויעטישע לעניניסטן פאַר אמתע מאַרקסיסטן און ניט, ווי מאָאָ מיינט, פאַר־דאַרבענע רעוויזיאָניסטן־מאַרקסיסטן, קאָן דער חשבון באַווייזן, אַז צוזאַמען איז די צאָל פון קאַרל מאַרקסעס נאָכפאָלגער מער פון אַ האַלבן מיליאַרד, דאָס הייסט, מער פון די נאָכפאָלגערס פון אַן אַנדערן ייד — יעזוס קריסטוס. דאָס וואָלט געהייסן, אַז גענעראַל דע גאָל איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט וועגן דעם יידישן פאָלק, אַז „דאָס איז אַ פאָלק אַן עליטע, וואָס וויל דאָמינירן די וועלט!".

אמת, דע גאָל האָט געמיינט נאָר בני אחינו, נאָר משה רבינוס גאָר קליינע מינדערהייט, אָבער אין פּרינציפּ איז דאָס כמעט דאָס אייגענע. עס איז שווער צו רעדן היינט וועגן דעם „תנ"ך פון מאַרק־סיזם" נאָך דעם ווי עס זענען אַוועק פינף און אַכציק יאָר נאָך דעם טויט פון דעם גרויסן מייסטער און די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג פון דער וועלט האָט זיך אַ רוק געטאָן אויף עטלעכע הונדערט יאָר פאָראויס. עס איז אויך היינט ניט די צייט צו רעדן וועגן די מאָראַלישע און קולטורעלע ווערטן און איינפלוסן פון מאַרקסיזם. ווען דאָס אייניקל פון דעם טריער רב זאָל היינט אויפשטיין פון קבר און אַ קוק טאָן אויף זיינע גייסטרייכע תלמידים אינעם קרעמל און זיינע כינעזער סטאַליניסטן מיט מאָאָס רויטן עוואַנגעליזם אין

דער האַנט, וואָלט ער געבעטן, מען זאָל אים וואָס גיכער צוריק אַריינלייגן אין קבר...

וואָס פאַר אַ ווונדערלעכע דערגרייכונגען ער וואָלט געזען אין דער סאָוויעטישער קאָמוניסטישער אימפּעריע! פּופּציק יאָר הער־שאַפט פון דזשערזשינסקין ביז סטאַלינען, בעריאַן, יעזשאָוון און די היינטיקע ק.ג.ב.! ער וואָלט זיך דערמאָנט ווי ניקאָלאַי דער ערשטער האָט בשעת דער רעוואָלוציע פון 1848 געשיקט אַ גרויסע אַרמיי קיין אונגאַרן אויף צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד און ער וואָלט באַקומען צו וויסן מיט וואָס פאַר אַ דערפאָלג ניקיטאַ כרוש־טשאָוו האָט מיט הונדערט און אַכט יאָר שפּעטער דורכגעמאַכט די אייגענע אָפּעראַציע אין נאָמען פון קאָמוניזם און צעשאָסן בודאַ־פּעשט מיט רוסישע טאַנקען!

ער וואָלט מיט דערשטוינונג געהערט דעם פּאָרטראַג, וואָס דער סאָוויעטישער טעאָרעטיקער סוסלאָוו האָט געהאַלטן פאַר זעקס טויזנט צוהערער אין קרעמל וועגן קאַרל מאַרקס און מאַרק־סיזם. ער וואָלט זיך דאָך געמוזט פרעגן צי איז דאָס ניט איינער פון די מיטבאַטייליקטע אין דעם רעזשים פון די מאָרד־פּראָצעסן, ווען מען האָט ווי ווילדע מערדערס אומגעבראַכט אַלע גרינדערס און בויערס פון באָלשעוויזם, ווען מען האָט געשיקט אַ ספּעציעלן מערדער קיין מעקסיקע אויף אומצוברענגען טראָצקין, ווען מען האָט פאַרשיקט קיין סיביר הונדערטער טויזנטער אומשולדיקע מענטשן, ווען מען האָט דעם נאָמען „וואָרקוטאַ", דעם שרעקלעכן פאַרניכטונגס־לאַגער אין צפון רוסלאַנד, געמאַכט פאַר אַ לאָזונג, פאַר אַ סימבאָל פון סאָוויעטישן סאָציאַליזם און קאָמוניסטישן יושר?!...

קאַרל מאַרקס וועלכער האָט אַליין געליטן פון דער אונטער־דריקונג פון דער רעוואָלוציע פון 1848 וואָלט ביי דער געלעגנהייט געדאַרפט פרעגן: ווער איז דאָס, פון וואַנען האָט זיך גענומען די היינטיקע באַנדע פון קאָמוניסטישע קלימאַקעס, צוזאַמען מיט אַ קליקע וואָס האָט אין נאָמען פון קאָמוניסטישער „דיסציפּלין" דערקלערט אַן אמתע מלחמה די שרייבערס און אינטעלעקטואַלן

ווען זיי ווילן זאָגן אַ וואָרט!?... זייער לאַנג וואָלט ער געדאַרפט וואַרטן אויף אַן ענטפער...

***

קאַרל מאַרקס איז געבוירן אין יאָר 1818, דאָס הייסט, דריי יאָר נאָך דעם ווינער קאָנגרעס פון 1815, ווו די זיגערס פון דער גרויסער קאָאַליציע קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן פראַנקרייך האָבן זיך פאַרזאַמלט, כדי צו טיילן די ירושה פון דער גרויסער פראַנ־צייזישער רעוואָלוציע און ברענגען „אָרדענונג" אין אייראָפּע נאָך די שטורעמס פון נאַפּאָלעאָנס מלחמות. און די שטורעמס האָבן צעבראָכן און אויף שטענדיק צעשטערט, אַוועקגעטראָגן מיטן ווינט, אַ גרויסן טייל פון מיטלעלטערלעכן אייראָפּע. אין דעם שטורעם זענען געפאַלן אויך די מויערן פון די געטאָס אין וועלכע עס האָט געשמאַכט די דעגראַדירטע און די דערנידעריקטע יידישע באַ־פעלקערונג.

כדי ריכטיק צו פאַרשטיין דעם רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַ־מענט פון דעם יונג אָפּגעשמדטן קאַרל מאַרקס און זיין פיינדלעכע באַציאונג צום יידנטום, איז וויכטיק צו געדענקען אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד דאָס נאָך־נאַפּאָלעאָנישע אייראָפּע האָט זיך געפונען. די עפּאָכע צווישן ווינער קאָנגרעס פון 1815 און דער רעוואָלוציע פון 1848 איז באַהערשט געוואָרן נאָך אַלץ פון איין זייט פון דעם אַרכי־רעאַקיצאָנערן עסטרייכישן קאַנצלער פירשט מעטערניך און פון דער אַנדערער זייט, פון דער רוסיש־פּרייסישער קאָאַליציע אונ־טער דער קאָמאַנדע פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, איינעם פון די ווילדסטע באַרבאַרן פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע. די פינצטערע רע־אַקציע האָט אַלץ געזוכט גוט צו מאַכן די שאָדנס פון דער פראַנ־צייזישער רעוואָלוציע.

ערשט ביים אויסברוך פון דער רעוואָלוציע פון 1848 איז מע־טערניך געצוווּנגען געווען צו אַנטלויפן פון ווין און ערשט בשעת דער רוסישער מפּלה פון 1855 ביי סעוואַסטאָפּאָל האָט ניקאָלאַי דער ערשטער אויסגעהויכט די נשמה.

געבוירן אין טריער, איינע פון די עלטסטע שטעט אין אַלטן סופּער־קאַטוילישן אייראָפּע, אַן אייניקל פון דעם רב אין טריער, דער זון פון אַ געשמדטן אַדוואָקאַט, האָט קאַרל מאַרקס געהערט צו יענעם דור פון יונגע עמאַנציפּירטע, געבילדעטע יידן, וועלכע האָבן ניט גוט געוווּסט און זיך ניט אָריענטירט וועגן דעם וווהין דער שטראָם פון דער עמאַנציפּאַציע טראָגט זיי. אַ סך האָבן אין דעם שמד געזען דעם איינציקן אויסוועג אין דער נייער פרייער וועלט. אין דער בערלינער „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קולטור צווישן יידן״, אָנגעפירט צווישן אַנדערע פון היינריך היינע און לעאָפּאָלד צונץ, דעם צוקונפטיקן גרויסן למדן און געשיכטע־שריי־בער פון יידישער מאַרטיראָלאָגיע, האָבן די אַלע פירערס מיט דער איינציקער אויסנאַם פון צונץ, זיך געשמדט. היינע, וואָס האָט זיך אויך געשמדט, איז געווען אַ קענער פון מיטלעלטער־געשיכטע און דאָס הייסט אַ קענער אויך פון יידישע ליידן אין מיטלעלטער און האָט געליטן פון זיין שמד. וועגן היינען (1799 — 1856) וואָלט מען געקאָנט זאָגן דאָס אייגענע וואָס מען מעג מיט רעכט זאָגן פון בענדזשאַמין דיזראַעלי ביקאָנספילד (1804 — 1881), אַז דער שמד האָט זיי אומגעקערט צום יידנטום. כמעט דאָס אייגענע איז געשען מיט פערדינאַנד לאַסאַל (1825 — 1864).

דאָס מערקווערדיקע איז, וואָס אין דעם אייגענעם יאָרהונ־דערט זענען אויפגעקומען אַזעלכע יידישע גדולים, ווי לעאָפּאָלד צונץ (1794 — 1866) און אונדזער גרויסער היסטאָריקער גרעץ (1817 — 1891), בשעת אין פּרייסן־דייטשלאַנד האָט געהערט אַן עקלדיקע רעאַקציע ניט נאָר אין דער רעגירונג, נאָר אויך אין די אוניווערסיטעטן. גרעץ און זיין מחנה געלערנטע תלמידים זענען אויפגעקומען אין דעם אייגענעם ברעסלאַו, וו עס איז געבוירן גע־וואָרן און דערצויגן געוואָרן פערדינאַנד לאַסאַל.

גרויס און ברייט האָט זיך אויסגעשפּרייט דער יידישער רענע־סאַנס, עס האָט געבליט די יידישע וויסנשאַפט, אָבער גלייכצייטיק איז אָנגעגאַנגען דער שמד. פּופציק יאָר נאָך לעאָפּאָלד צונץ איז צווישן מיינע פּראָפעסאָרן אין בערלינער לאַנדווירטשאַפטלעכער

היכשול געווען אַ באַרימטער פיזיאָלאָג פּראָפעסאָר צונץ, אַ קליין־געוואַקסענער יידעלע מיט זשעסטן און מאַנירן פון אַ קליינשטעטל־דיקן רבל, אָבער ער איז געווען אַ משומד און האָט אפילו ניט געוווּסט וואָס פאַר אַ נאָמען ער טראָגט...

**
*

מען מעג זאָגן, אַז קאַרל מאַרקס געשמדט נאָך ווי אַ קינד, דער־צויגן ווייט פון דער יידישער סביבה, און אָן וועלכע עס איז יידי־שע אינטערעסן, ניט זייער גליקלעך פון דעם, וואָס ער שטאַמט פון יידן און דערצו נאָך פון אַ רבנישן יחוס, האָט געהאַט אַ בולטן יידישן כאַראַקטער: שאַרף דור־שטיק נאָך אוניווערסאַלן וויסן, זייער אינטעליגענט, שוין קינדוויז זייער סענסיטיוו און היציק. נאָך איין יאָר אין אוניווערסיטעט פון באָן שטודירט ער שפּעטער אין דער אוניווערסיטעט פון בערלין, ווו עס האָט געקיניגט דער גרעסטער פון די דייטשע פילאָסאָפן העגעל, אַן אָפּגאָט אין דער גאַנצער דייטשער גייסטיקער וועלט. עס איז שטאַרק געוואַקסן די דייטשע אינדוסטריע און די אַרמיי פונעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט און נאָך שטאַרקער איז געוואַקסן די רעאַקציע און די פּאָליציי־מאַכט פון דעם אויפגעקומענעם פּרייסן, דעם קערן פון דעם שפּע־טערדיקן קייזער־רייך, געגרינדעט נאָכהער נאָך דער זיגערישער פּראַנקאָ־פּרייסישער מלחמה פון 1870־1871. נאָך דעם עלעגאַנטן קליינטשיקן, אַלט־מאָדישן טריער, ווו ער איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן, נאָך דעם ניט וויניקער קליינעם, נעטן באָן, איז דאָס אומגעלומפּערטע, ריזיקע און איבערבאַפעלקערטע בערלין גע־ווען מיאוס און אַנטיפּאַטיש פאַר דעם יונגן בחור. ער האָט דאָ אַ סך שטודירט, באַזוכט די ביבליאָטעקן און מוזעאומס, אַריינ־געזאַפּט אין זיך וויפיל ער האָט נאָר געקאָנט און אויסגעלערנט זיך דאָ צו האַסן דעם טיפיש דייטשן פּאָליציי־רעזשים.

קאַרל מאַרקס איז געווען איינער פון אַכט קינדער ביי זיינע עלטערן, אָבער דער פאָטער, דער פּרייסישער אַדוואָקאַט און משומד, דער זון פון רב אין טריער, האָט זיך פאַרנומען הויפּט־

זאַכלעך מיט דער דערציאונג פון קאַרלען. ער האָט געפילט, אַז דאָס וואַקסט אַ גאון, מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער אינטעליגענץ און באַגאַבונג און מיט אַ — גרויסער צוקונפט. און דער פאָטער האָט געזאָרגט פריער פאַר אַלעם דער זון זאָל אויסוואַקסן אַ גוטער פּרייסישער דייטש, ווייט, ווייט פון יידן.

אָבער אַ סך גרעסערן איינפלוס אויף דעם יונגן מאַן האָט געהאַט דער שכן און פריינד פון הויז, דער פּרייסישער אַריסטאָ־קראַט פרייהער לודוויג פאָן וועסטפאַלן, אַ געבילדעטער און לי־בעראַלער פּרייסישער באַאַמטער, וועלכער האָט ליב געהאַט קאַר־לען, פאַרבראַכט מיט אים אַ סך צייט אין אינטערעסאַנטע ליטע־ראַרישע שמועסן. עס איז געווען אַ קעגנזייטיקע ליבע. דעם דייטשן באַראָן האָט קאַרל מאַרקס געווידמעט די טעזע פון זיין דאָקטאָראַט ביים פאַרענדיקן דעם בערלינער אוניווערסיטעט און די טאָכטער פון דעם דייטש, זשעני פאָן וועסטפאַלן, אַ שיינע, געראָטענע פרוי, האָט חתונה געהאַט מיט קאַרלען. ווי באַקאַנט, זענען די צוויי געראָטענע געווען פאַרליבט ביז צום לעצטן אָטעם פון זייער לעבן. קאַרל מאַרקס, דער שטענדיק אויפגערעגטער און היציקער, האָט געהאַט מער פיינד ווי פריינד, אָבער אין זיין פאַמיליע־לעבן איז ער געווען דער בעסטער מאַן און דער ליבסטער פאָטער, פּונקט אַזוי ווי זיין פרוי זשעני איז אים געווען דער טייערסטער און גע־טרייסטער פריינד. אַ סך זייער שווערע צייטן האָט דאָס פּאָרפאָלק שפּעטער, אין די עלטערע יאָרן, געהאַט דורכצומאַכן. געלעבט אין גרויסער אָרעמקייט, אָבער די פרוי זשעני איז, ווי געזאָגט, פאַר־בליבן זיין שטענדיקע איבערגעגעבענע שטיצע.

פאָן וועסטפאַלן, דער פּרייסישער דייטש, האָט זיכער ניט גע־קאָנט איינפלאַנצן ביים יונגן קאַרל מאַרקס קיין ספּעציעלן אינטע־רעס פאַר דער געשיכטע פונעם יידישן פאָלק. אויף יעדן פאַל האָט ער קיין יידישע מאַסן ניט געזען, קיין יידישע אַרבעטערס ניט געטראָפן, פון יידישע יידן ניט געוווּסט אָדער ניט געוואָלט וויסן. די לאַסט פון שמד האָבן געוויינטלעך די „באַפרייטע" געפילט ניט ווייניקער ווי דעם גענוס פון דער „באַפרייאונג". דאָס ווייסן מיר

פון אַ סך משומדים, אויך פון די, וועלכע זענען ווי היינריך היינע אין האַרצן פאַרבליבן יידן...

מאַרקס האָט אָנגעהויבן זיין שרייבערישע קאַריערע ווי אַ פּובליציסט מיט אַרטיקלען אין דער „ריינישער צייטונג" אין קעלן. די אַרטיקלען האָבן געצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט זייער קלאָרקייט און שאַרפקייט. ווען ער איז אין גיכן געוואָרן דער רע־דאַקטאָר פון דער צייטונג, האָבן די אַרטיקלען אַרויסגערופן דעם צאָרן פון דעם רוסישן זשאַנדאַרם פון אייראָפּע, דעם אידעאָלאָגישן, פּאָליטישן פּאַרטנער פון פּרייסן. מען האָט דאָס בלאַט געשלאָסן און קאַרל מאַרקס האָט פאַרלאָזן פּרייסן און אויסגעוואַנדערט קיין פּאַריז.

פאַר אונדז האָט די פאַרבינדונג פון קאַרל מאַרקס מיט דער „ריינישער צייטונג" גאָר אַ גרויסן אינטערעס. ער האָט פיינט געהאַט בורזשואַזיע. אָבער דאָס, וואָס ער זאָגט און ווי אַזוי ער זאָגט דאָס וועגן די יידן, מאַכט באמת אַ פיינלעכן איינדרוק, פּשוט עס טראָגט זיך פון דעם ריח פון יידן־פיינדשאַפט, אויב מען זאָל דאָ ניט נוצן קיין מיאוס׳ן אויסדרוק. דער גרויסער פאָרשער און אַנאַליטיקער מיט זייער וויניק טאַקט און מיט זייער וויניק וויסנ־שאַפטלעכער גרינטלעכקייט, אַן אייניקל פון אַ רב, וואָס זעט אויס אַליין אויף די שפּעטערדיקע בילדער ווי אַ בכבודיקער רב, האָט זיך ניט געגעבן די קלענסטע מי צו פאַרשטיין די טראַגישע גע־שיכטע פון דעם מיטלעלטערלעכן יידנטום, וואָס איז געצוווּנגען געווען צו פאַרנעמען זיך נאָר מיט געלט און מיט צינזן און ניט געהאַט קיין צוטריט ניט צו די יידן־פיינדלעכע צעכן פון בעלי־מלאכות, ניט צו ערד־אַרבעט. אפילו פאַר אַ פּרייסישן משומד פאַר עקסעלאַנס וואָלט געפּאַסט אַ מינימום פון וויסנשאַפטלעכער אָביעק־טיווקייט. ער וואָלט זיך געקאָנט אַראָפּנעמען אַ ביישפּיל פון אַן אַנדערן משומד, מיט וועמען ער איז אין פּאַריז געווען אין זייער גוטע פריינדלעכע באַציאונגען, מיט היינריך היינע, וועלכער האָט ניט מורא געהאַט צו אַנטפּלעקן פאַר דער גרויסער וועלט זיין פאַרוווּנדעט יידיש האַרץ, זיינע גרויסע יידישע אינטערעסן.

הגם קאַרל מאַרקס האָט געהאַט זיין פּרייסישע, אָפּשטויסנדיקע רעאַקציע, האָט ער, אַזאַ איינדרוק מאַכט עס, אַליין עפּעס איבער־גענומען פון דער דייטשער פּרייסישער פעאיקייט צו פאַרטיפן זיך אין וויכטיקע שטודיעס און אויך איינזייטיקייט און אַ מין ברוטאַלע עקשנות. ער האָט ניט געהאַט דעם חן פון היינען און ניט די מענטש־לעכע ברייטקייט פון פערדינאַנד לאַסאַל, אוודאי ניט די אוניווער־סאַלע מענטשלעכקייט פון קראָפּאָטיקנען אָדער באַקונינען. פאַר אים, און אַ סך טיפער ווי ער, האָבן סען סימאָן און פּרודאָן, ניט זיצנדיק צוואַנציק יאָר אין דער ביבליאָטעק פון בריטישן מוזע־אום, אַוועקגעשטעלט די גרויסע פּראָבלעמען פון דער געזעל־שאַפטלעכער סטרוקטור. די היציקע קאַמפּאַניע פון קאַרל מאַרקס קעגן באַקונינען דערמאָנט שטאַרק היינעס „דיספּוט" צווישן דעם גלח און דעם רב. דער יידישער טעמפּעראַמענט פון דעם משומד איז אַרויס פון די כלים, אַרויס איבער אַלע גרענעצן...

ניט קוקנדיק אויף אַלע גרויסאַרטיקע פאָרשונגען, האָט קאַרל מאַרקס ניט פאָראויסגעזען דעם געוואַלדיקן טעכנישן פּראָגרעס און די פולשטענדיקע פונדאַמענטאַלע פאַרענדערונג פון דער אינדוסט־ריעלער אַנטוויקלונג, ווי ער האָט אויך ניט פאָראויסגעזען דאָס וואַקסן פון דער מאַכט פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און זייער היינטיקער כמעט דירעקטער באַטייליקונג אין דער פּלאַנירונג און אָרגאַניזאַציע פון דער אינדוסטריע. ער איז נאַטירלעך ניט דער ערשטער פאָרשער, וועלכער האָט ניט געקאָנט פאָראויסזען אַלע פונדאַמענטאַלע ענדערונגען אין דער וועלט. זיכער האָט ער ניט געקאָנט פאָראויסזען, אַז דער היינטיקער סאָוויעטישער רעזשים וועט דעקן מיט זיין נאָמען די אָרעמקייט פון דעם רוסישן סאָציאַ־ליזירטן אַרבעטער און דורכפירן אַ פולשטענדיקע דעגראַדאַציע און פּאַופּעריזאַציע פון דעם רוסישן פויער.

קאַרל מאַרקס האָט טאַקע געהאַלטן רוסלאַנד פאַר אַן אַזיאַ־טיש לאַנד, אָבער מיט זיין גאַנצער שאַרפקייט און איינזייטיקייט וואָלט ער געווען דערשיטערט צו זען, אַז באַרבאַרן ווי סטאַלין און זיינע יורשים פירן דורך זייער פּראָגראַם פון מאַרקסיזם־לעני־

**ניזם. מיט דער דאָזיקער פאָרמולע ווי דער הייליקסטער שם המפורש האָט דער סאָוויעטישער קאָמוניזם אָנגעפירט מיט אַ טעראָר, וואָס האָט באַדעקט די ערד מיט מיליאָנען קרבנות, מיט שאַנד און מיט שפּאָט און געלאָזט מענטשן בענקען נאָך דעם אַלטן, פאַרשאָלטענעם רוסישן רעזשים...**

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, דעם 1־טן נאָוועמבער 1968)

# נייע באַגריפֿן — נייע ווערטער

ווען קאַרל מאַרקס, דער פּאַראַמעטער און פּאַרביטערטער, האָט געוואָלט פאַרשאַרפן און צושפּיצן דעם רעוואָלוציאָנערן מוט פון די אויסגעהונגערטע און עקספּלואַטירטע מאַסן, האָט ער געפונען דעם מיטל צו דער מגפה אין דער „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט". אָבער מיכאַאיל באַקונין, דער געבוירענער בונטאַר און קעמפער אויף די באַריקאַדן, האָט געהאַלטן דאָס מיטל פאַר דער גרעסטער סכנה. באַקונין האָט געקענט די מאַסן ניט פון די ביכער אין בריטיש מוזעאום, ווו מאַרקס האָט פאַרבראַכט צענדליגער יאָרן, נאָר פון די גאַסן, פון דעם פינצטערן לעבן, ווו מענטשן ווערן פאַרוואַנדלט אין ווילדע חיות. מאַרקס אַליין איז אין געוויסע צייטן, אונטער געוויסע אומשטענדן, געווען אַ קרבן פון אומטאָלעראַנץ און ברייזוויליקייט. „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט" האָט געהאַט דעם קלאַנג פון מוזיק, אָבער ניט געבראַכט קיין גליקן דערוויייל...

די היינטיקע מאָסקווער פילאָסאָפן, נוסח סטאַלין און קאָמפּאַני, וואָס האָבן אין אַ פולער מאָס די „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט", האָבן יאָרנאַלנג געזוכט אַ פּאַסנדע פאָרמולע פאַר זייערע גרויזאַמע אויפטוען און זענען נאָך דעם הימלשרייענדן פּאָגראָם אין טשעכאָסלאָוואַקיע אַרויסגעטראָטן מיט אַזאַ לאָזונג:

— „לימיטעד סוווערעניטעט!"... „באַגרענעצטע אומאָפּהענגיקייט"... דאָס הייסט, אַז אַ קליין פאָלק, עס מעג זיין דער טרעגער פון אַן אַלטער קולטור און געהערן צו עלטסטע מערב־אייראָפּע־

אישע פעלקער אין סאַמע צענטער פון אייראָפּע, דאַרף זיך באַ־גנוגענען מיט אַ שטיקל זעלבשטענדיקייט, בפרט נאָך אויב אַ שכן זיינס, אַ האַלב־אַזיאַטיש פאָלק מיט אַ געוואַלדיק שטאַרקן כוח, וויל עס פאַרשלינגען. „לימיטעד סוווערעניטעט" איז אַ גנבישע פאָרמולע, וואָס איר אינהאַלט איז געבויט אויף אַ ווידערשפּרוך, ווי למשל, „טרוקענע וואַסער", „קאַלטע פייער". נאָר לצים, ווי אַ ברעזשניעוו אָדער אַ סוסלאָוו, אַלץ טעאָרעטיקער פון פּערווי קלאַס, וואָס ווילן אַ ביסל אויסבעסערן מאַרקסיזם־לעניניזם, האָבן זיך געקאָנט דערטראַכטן צו אַזעלכע חכמות. צוערשט איז געקומען אַ ריין אַלט־מאָדישער רוסישער פּאָליציי־געשריי: „מישט זיך ניט אין די אינערע פאַמיליע־מחלוקות פון די סאָציאַליסטישע פעלקער". די שטורמישע רעאַקציע פון דער וועלט אויף די מעשים פון די מאָסקווער וואַנדאַלן האָט ניט באַרואיקט די געמיטער. אָן קאָנ־פערענצן און קאָנגרעסן איז אָנגענומען כמעט איינשטימיק און ווערט פּאַקטיש דורכגעפירט אַן אַלגעמיינער באָיקאָט פון סאָוויעט־רוסלאַנד, אַנדערש קאָן מען עס ניט אָנרופן...

די רוסישע גייסטיקייט איז צייטנווייז אויף אַ מערקווערדיקן אופן פּראָדוקטיוו. דאָס האָבן רוסישע ליבהאָבער פון פּאַראַדאָקסן געשאַפן דעם פּזמון: „עקס אָרעיענטע לוקס!" — „פון מזרח וועט קומען דאָס ליכט!". אפילו אַזאַ געניאַלער מאַן ווי דאָסטאָ־יעווסקי, אַליין אַ קרבן פון דעם רוסישן אינקוויזיציע־גייסט, האָט געהאַלטן, אַז די מערב־אייראָפּעאישע קולטור איז ניט ווערט קיין צעבראָכענעם דרייער.

דער אויסדרוק „עקס אָריענטע לוקס" האָט געמאַכט אין זיין צייט אַ געוויסן איינדרוק מיט זיין פּשטות און זיין קלאַנג, קיין פּראַקטישן ווערט און קיין איינפלוס האָט דער שפּרוך ניט געהאַט. די סלאַוויאַנאָפילן האָבן אין אַ קורצער צייט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רעאַקציאָנערער באַוועגונג, אין אַ שוואַרצער קראַפט, און זיך דערקייקלט ביז צו דער „שוואַרצער מאה".

דער אויסדרוק אָבער „לימיטעד סוווערעניטעט" איז אַזאַ אַב־סורד, דערצו אַ געמיינער, גנבישער אַבסורד, אַז ער קאָן קיינעם

ניט פאַרפירן. מיר ברענגען אים אָבער דאָ ניט נאָר ווי אַ מוסטער פון אַ נאַרישן קוריאָז, נאָר ווי צו באַווייזן אַ פאַרזוך פון שיטן זאַמד אין די אויגן פון פאַרפירטע נאַאיווע מענטשן. בעסער גע־זאָגט: אַ פאַרזוך אַרויסצוקריכן פון דער בלאָטע אין וועלכער מען איז אַריין.

בכלל דאַרף מען זאָגן, אַז די ברוטאַלע אָקופּאַציע פון דער טשעכאָסלאָוואַקיע און דאָס גלייכצייטיקע אַריינדרינגען פון סאָ־וויעט־רוסלאַנד אינעם מיטללענדישן ים האָט גוט געדינט אַלגע־מיינע פּאָליטישע אינטערעסן, אַ סך מער ווי די סאָוויעט־רעגירונג האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן.

ערשטנס, איז אויפגעוועקט געוואָרן דער אינטערעס צו דער ראָלע פון סאָוויעט־רוסלאַנד ביי די גרויסע קאָמוניסטישע פּאַר־טייען. סאָוויעט־רוסלאַנד האָט זיך אויסגעקליבן פיינע שותפים פאַר דעם פּאָגראָם אין טשעכאָסלאָוואַקיע: גאָמולקאָ פון וואַרשע, אולבריכט פון מזרח־דייטשלאַנד און קאַדאַר פון בודאַזעשט! אַ פיינער פּרייז קומט דעם וואָס האָט אַוועקגעשטעלט אין פראָנט פון דער עפנטלעכער מיינונג די דאָזיקע פּראָמינענטע הערשאַפטן...

די אומרואיקע קאָנפערענץ פון דער פראַנצייזישער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי און איר „מאַניפעסט" איז אַ באַווייז, אַז די צייט פון אויסניכטערונג פון די פריינד פון מאָסקווע איז ניט זוייט. צווייטנס, עס איז זייער וויכטיק, וואָס דער אַנטי־סאָוויעטישער לאַ־גער, וועלכער וויל זיכער אויסמיידן אַ מלחמה, האָט זיך אויפגע־כאַפּט. מאָסקווע האָט קלאָר באַוויזן, אַז צווישן אַ געוויינטלעכן, גוט־פּלאַנירטן פּאָגראָם נוסח אַלט־רוסלאַנד, „לימיטעד סוווערעניטעט" און אַזיאַטישע אָקופּאַציע איז ניטאָ קיין אונטערשיד. מען האָט באַשלאָסן יאָ צו „מישן זיך" אין דעם פאַמיליע־לעבן פון די קאָ־מוניסטישע לענדער.

מיר זענען היינט עדות פון אַן אינטערעסאַנטן פּראָצעס: וואָס ווייטער אַלץ וויכטיקער זעט אויס אין די אויגן פון דער וועלט די באַדייטונג פון דעם פּאָגראָם אין טשעכאָסלאָוואַקיע. רוסלאַנד האָט דערוואַרטעט דאָס פאַרקערטע, מען וועט זיך צוגעוווינען, מען

וועט ביסלעכווייז פאַרגעסן און נאָך דעם וועט מען מאַרשירן ווײַ־טער. מען האָט זיך צוגעאײַלט און אײדער מען איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער טשעכאָסלאָוואַקישער אַקציע, האָט מען זיך שוין גענומען צו דער אַקציע אין דעם מיטללענדישן ים. מען מעג צווייפלען אין דעם צי די חברה אין דעם קרעמל באַשטייט נאָר פון אַזעלכע איגנאָראַנטן, אַז זיי ווייסן ניט, אַז ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס עס זענען אַוועק קנאַפּע הונדערט יאָר נאָך דעם בערלינער קאָנגרעס (1879) און קיין דיזראַעלי איז שוין לאַנג ניטאָ אויף דעם פּאָסטן פונעם ענגלישן פּרעמיער־מיניסטער, איז דער מיטללענדישער ים פול מיט דינאַמיט. די חברה האָט געמיינט, אַז איצט הערשט פולשטענדיקער הפקר און אַ „לימיטעד סוווערעניטעט" איז אײַנגעפירט נאָר פאַר דער קלײנער שוצלאָזער טשעכאָסלאָוואַקיע.

מיר וועלן ניט זאָגן הײַנט קיין נביאות וועגן דער ווײַטערער אַנטוויקלונג פון די געשעענישן וואָס די סאָוויעט־רעגירונג האָט אַליין פּראָוואָצירט, אָבער זיכער איז עס, אַז גרינג וועט איר ניט אָנקומען צו באַרואיקן די בייזע געמיטער, וואָס זי האָט אַרויסגערופן. אַלס קלאָרער ווערט עס, אַז די אָקופּאַציע פון טשעכאָסלאָוואַקיע איז אַן אַקט פון אַ דיווערסיע און אַ פּאַרזוך צו אָקופּירן און דאָמינירן דעם מיטללענדישן ים איז דער הויפּטציל. עס איז אַזוי ווײַט געקומען, אַז די סאָוויעטישע פּרעסע זאָגט אָפן, אַז רוסלאַנד וועט ניט דערלאָזן, אַז אַמעריקע זאָל פאַרכאַפּן דעם מיטללענדישן ים, כדי צו באַקעמפן די אַראַבער לטובת די יידן פון ישראל... מען גרייט זיך, הייסט עס, צו אַ קאַמף פאַר שלום, פאַר אַן אַראַבישן שלום.

אין איר אויסגעשפּראָכענער עקספּאַנסיע־פּאָליטיק, אין איר טאַקטיק און פּראָפּאַגאַנדע וואַרפט זיך די רעגירונג פון רוסלאַנד מיט די ווערטער „קאָנטער־רעוואָלוציע", „אימפּעריאַליזם", „קאַפּיטאַליזם", בשעת זי אַליין פּראַקטיצירט די אימפּעריאַליסטישע עקספּאַנסיע אויף אַזאַ אופן און אין אַזאַ מאָס ווי מען האָט עס שוין לאַנג, אַ סך צענדלינגער יאָרן ניט געזען. זיי פאַרזוכן צו שאַפן נײַע באַגריפן און נײַע פאָרמולירונגען. עס איז אַן אומ־

זיסטע אַרבעט. דער קרעמל היט אָפּ די טראַדיציעס און די פּראַק־
טיק פון דעם אַלטן צאַריסטישן רעזשים און ניט נאָר אין די אַל־
געמיינע ליניעס, נאָר אין אַלע איינצלהייטן...

(„דער וועקער", יאַנואַר 1969)

# סוועטלאַנאַ און איר פֿאָטער

מאָדנע: די גאַנצע וועלט האָט זיך צוגעכאַפּט צו די מעמואַרן פון סוועטלאַנאַן, סטאַלינס טאָכטער, מיט אַזאַ אימפּעט, אַז מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז דער עולם האָט דערוואַרט אויסערגעוויינטלעכע סענסאַציעס; אַלע האָבן געוווסט און געווען איבערצייגט, אַז דער קאַווקאַזישער מערדער איז געווען אַ בלוטדורשטיקער אויסוואָרף, אַ דעגענעראַט, און פון די מעמואַרן וועט מען אפשר זען, אַז ער איז גאָר געווען אַ צדיק, אַ הומאַניסט, וואָס האָט נאָר געטראַכט וועגן טאָן גוטס פאַר מענטשן, פאַר דעם לאַנד, בכל־אופן געווען אַ גרויסער סאָציאַליסט...

מיר פאַרגינען פון גאַנצן האַרצן סוועטלאַנאַן די פּאָר מיליאָנען דאָלאַר פאַר אירע רעוועלאַציעס, וואָס זענען בכלל ניט קיין רעוועלאַציעס. סוועטלאַנאַ ווייסט זיכער אַ סך וויניקער ווי מיר וויסן וועגן איר פֿאָטערס פאַרברעכנס, וועגן זיין ווילדער אוממענטשלעכקייט און ברוטאַליטעט. וועגן דעם טראַגישן טויט פון איר מוטער האָט זי ערשט מיט יאָרן שפּעטער באַקומען צו וויסן. מיט אַ געוויסער נאַאיוויטעט דערציילט זי, ווי די מוטער האָט פיינט געהאַט בעריאַן און ניט געוואָלט אים זען ביי זיך אין הויז, אָבער סטאַלין אַליין האָט אים גערן געהאַט און געהאַלטן אים ביי זיך. וואָס מיר קאָנען איר דערציילן וועגן בעריאַס אויפטוען, וועגן זיינע פאַרברעכנס, איז אויך אַ סך שרעקלעכער פון דעם, וואָס זי האָט צוגעזען.

אָבער דאָס גאַנצע דערשיינען פון סוועטלאַנאַן אין דער פרייער

וועלט, איר פאַרשווינדן פון מאָסקווע, איבערלאָזנדיק דאָרט אירע קינדער, דאָס קריצן מיט די ציין ניט נאָר פון די אַלטע סטאַ־ליניסטן, נאָר אויך פון די קאַזיאָנע שרייבערס, דער פאַמיליע־סקאַנדאַל אין דער קרעמל־משפחה — דאָס אַלץ איז אַזוי ווערטפול פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון דער סאָוויעטישער פירערשאַפט, אַז דאָס אַליין איז „ווערט דאָס געלט".

סוועטלאַנאַ איז אַ פיינע רוסישע פרוי, אָבער ניט קיין פּאָלי־טיקער. ערשט איצט און ערשט אין דער פרייער וועלט וועלן זיך ביי איר עפענען די אויגן און פון דער ווייטנס וועט זי דערזען דאָס אמתע פנים פון היינטיקן רוסלאַנד און איר פירערשאַפט. עס איז אַ שאָד, וואָס איר בוך האָט זי געשריבן מיט פיר יאָר צוריק, זייענדיק אין רוסלאַנד און ניט זייענדיק קיין פרייער מענטש. סטאַלין און סטאַליניזם קען סוועטלאַנאַ ניט אַנאַליזירן און ניט אָפּשאַצן. זי ווייסט, אַז איר פאָטער איז געווען אַ מאָנסטער, נעבעך „אַן איינזאַמער" מאָנסטער און נעבעך „אַ קרבן" פון דער סביבה, וואָס באַהערשט דעם קרעמל. אפשר ווייסט זי גאָרניט וועגן דעם, אַז קיין איינציקע סאָציאַליסטישע גרופּע אויף קאַווקאַז האָט ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט אים און אַז פאַר אַזעלכע גרויסע קאַוו־קאַזישע רעוואָלוציאָנערע פּערזענלעכקייטן, ווי נאָי זשאָרדאַניאַ און צערעטעלי, האָט גאָרניט געקאָנט קומען אין פראַגע צו זיצן מיט אים ביי איין טיש.

די רוסישע אַרכיוון זענען נאָך אַלץ געשלאָסן און מען וועט דאַרפן וואַרטן זייער לאַנג ביז זיי וועלן געעפנט ווערן. ערשט דע־מאָלט וועט מען קענען האָבן די גאַנצע געשיכטע פון סטאַלינס קומען צו דער מאַכט און פון אַלע זיינע אויפטועז... און ערשט דעמאָלט וועט מען קאָנען וויסן אונטער וועלכע אומשטענדן איז בעריאַ, דער שרעקלעכער מערדער און הויפּט־געהילף פון סטאַלי־נען, אומגעבראַכט געוואָרן. דערמיט האָט זיך אָבער בשום אופן ניט פאַרענדיקט דאָס סטאַלין־קאַפּיטל פון דער געשיכטע. און ניט פון סוועטלאַנאַס מעמואַרן וועט קומען און קאָן קומען דאָס אויפקלערן פון דער גאַנצער טראַגישער געשיכטע.

מיר, און צוזאַמען מיט אונדז אַ האַלבע וועלט, שטייען היינט פאַרגאַפטע, צוזעענדיק די טייוולאָנישע סאָוויעטישע פּאָליטיק, בנוגע צו יידן בכלל און גאַנץ באַזונדערס צו מדינת ישראל. עס לייגט זיך ניט אויפן שכל דאָס פאַרוואַנדלען זיך פון אַ סאָציאַ־ליסטישן רעזשים אין אַ ריין טאָטאַליטאַרן, פאַשיסטישן רעזשים, וואָס פאַרטראָגט ניט קיין אָפּאָזיציע און קיין פריי וואָרט, וואָס פירט זיך אויף ווי אַ קאָנספּיראַציע פון אַ באַגרענעצטער קליקע סיי אין דער אינערן־ און סיי אין דער אויסערן־פּאָליטיק. סוועט־לאַנאַס בוך איז ווערטפול הויפּטזאַכלעך דערמיט, וואָס מיר באַ־קומען פון אים אַ פאָרשטעלונג וועגן דער סביבה, וועגן דער קאַ־טאָרזשנער אַטמאָספער, אין וועלכער עס לעבט און אַרבעט די קליקע. סוועטלאַנאַ מיינט, אַז איר פאָטער איז געווען אַ קרבן פון דער דאָזיקער אונטערוועלט, בשעת ער איז געווען דער, וואָס האָט געהערשט דאָרט און איז געווען דער הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכער. זי איז נאָך אַלעמען און פאַר אַלעמען אַ טאָכטער און אפילו וויסנ־דיק, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן אין זיין לעבן, זוכט זי אַ זכות אויף אים. עס איז איר לעבנס־דראַמע און מען קאָן פאַרשטיין אירע געפילן, אירע אַנגסטן, איר שאַנד. די בעסטיעס אין מאָסקווע, וואָס דאַרפן ווי עס איז שטילן זייער צאָרן, שרייען, אַז זי האָט פאַרקויפט פאַר דאָלאַרן איר פאָטער און אירע קינדער און באַווייזן דערמיט נאָר די געפאַלנקייט פון דער גאַנצער סביבה, פון די הערשערס אויבן־אָן. נאַטירלעך, האָט זי צעפּאַטשקעט זייער יום־טוב און זייער פייערלעכע שטימונג.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז אין סוועטלאַנאַס לעבן האָבן צוויי יידישע מענער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע און דאָס האָט מסתמא געהאַט אַ געוויסע שייכות צו סטאַלינס משוגענער שנאה צו יידן. מיר געדענקען זייער גוט די אויסבראָכן פון זיין האַס צו יידן די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, דאָס אומברענגען די יידישע שריי־בערס, זיין קאַמפּאַניע קעגן די יידישע דאָקטוירים. די אַפּאָפּלעקסיע פאַר זיין טויט איז געקומען הויפּטזאַכלעך פון זיין פיינדשאַפט צו מענטשן און גאַנץ באַזונדערס צו יידן.

סוועטלאַנאַ דערציילט אונדז, אַז ניט ווייניק פון סטאַלינס נאָ־ענטסטע מיטאַרבעטערס, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין זיינע שרעקלעכע אויפטועןן, געפינען זיך נאָך היינט ביי דער מאַכט. מיט דער דאָזיקער פאַרזיכטיקער באַמערקונג האָט זי ניט אַנט־פּלעקט פאַר אונדז עפּעס, וואָס מיר האָבן ניט געוווּסט. אַלץ איז געבליבן אַזוי ווי ס׳איז געווען אין סטאַלינס צייטן. און אַזוי ווי ס׳איז געבליבן אין דער סאָוויעטישער אינערן־פּאָליטיק, אַזוי איז עס געבליבן אין דער אויסערן־פּאָליטיק. פאַר סטאַלינען איז היטלער געווען אַ פּאַסיקער שותּף און נאָך סטאַלינען איז מען געוואָרן שותּפים פון די אַראַבישע רעאַקציאָנערע קליקעס.

די יורשים פון סטאַלינען! סוועטלאַנאַ דערציילט, אַז ווען דער פאָטער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה, האָט זי ביטער געוויינט און צוזאַמען מיט איר האָט ביטער געוויינט בולגאַנין. אַלע האָבן זיי געוויינט צוזאַמען מיט איר, אפילו כרושטשאָוו, וועמען סטאַלין פלעגט באַפעלן, אַז ער זאָל טאַנצן פאַר אים דעם אוקראַאינישן האפּאַק, האָט אויך געוויינט. ערשט שפּעטער האָט ער זיך אָפּגע־רעכנט מיטן טויטן דעספּאָט און דערציילט פאַר דעם גרויסן סאָ־וויעט, וואָס פאַר אַ פאַרברעכנס יענער האָט אָפּגעטאָן. און אַזעל־כע שרעקלעכע זאַכן האָט ער דערציילט, אַז פון זאַל האָט מען צו אים געשריען: פאַר וואָס האָט איר אים ניט דערהרגעט ?...

דאָס האָט די חברה געוויינט ביים שטאַרבן און ביי דער לוויה פון דעם דעספּאָט פון פרייד, אַז דאָס לאַנד און דאָס פאָלק זענען פּטור געוואָרן פון אים. אָבער פאַר סוועטלאַנאַן, פאַר דער טאָכ־טער, זענען די טרערן געווען אַ באַוויז, אַז ביי אימעצן זענען פאָרט נאָך פאַרבליבן וואַרעמע געפילן...

מען לייענט סוועטלאַנאַס בוך וועגן איר פאָטער און וועגן דער גאַנצער סביבה פון הערשערס אין היינטיקן רוסלאַנד, אַזוי ווי מען לייענט די שילדערונגען פון די געשעענישן אין מיטל־עלטער ביי די הויפן פון די פאַרשידענע דעפּעראַדאָס, גזלנים און מערדערס פון פאַך. אָבער די באָרדזשיאַס, די גרויזאַמסטע פון זיי, זענען דאָך געווען צדיקים אין פאַרגלייך מיט סטאַלינען און

בעריאַן, יעזשאָוון און אַנדערע פּראָפּעסיאָנעלע באָלשעוויסטישע אַוואַנטוריסטן און מערדערס.

קיין שענערן בייטראַג צו דער געשיכטע פון די פופציק יאָר סאָוויעטישער רעוואָלוציע האָט סוועטלאַנאַ ניט געקאָנט געבן. מיר האָבן שטענדיק געטענהט, אַז קיינער דאַרף ניט פירן קיין פּראָ־פּאַגאַנדע קעגן דעם סאָוויעטישן רעזשים, ווייל קיינער וועט עס ניט קאָנען טאָן אַזוי גוט ווי דער רעזשים אַליין און זיינע משר־תים. די סאָוויעטישע אָפיציעלע פּרעסע האָט איצט אָנגעהויבן פירן אַ קאַמפּאַניע קעגן יידן אונטער דער לאָזונג: „אַזוי ווי די נאַצים, אַזוי פירט זיך אויף מדינת ישראל״! די שותפים פון היטלערן, אָפענע, אָפיציעלע שותפים פון נאַציזם, האָבן, מיינען זיי, אויסגע־פונען אַ נייעם און שטאַרקן מיטל אויף צו העצן קעגן יידן, פאַר־געסנדיק, אַז די גאַנצע וועלט איז אַן עדות און געדענקט גוט די געשעענישן פון די לעצטע פופציק יאָר. סוועטלאַנאַס בוך וועט אָפּ־פרישן דעם זכרון פון די, וואָס האָבן אפשר פאַרגעסן. קיין סאָ־וויעטישע קאַמפּאַניע קעגן איר בוך און קעגן איר וועט ניט העלפן דער סאָוויעטישער רעגירונג, וויפיל זיי זאָלן ניט פּרווון פייערן זייערע בלוטיקע דערגרייכונגען.

(„פריע אַרבעטער שטימע״, דעם 15־טן יאַנואַר 1969)

# דער אינטערנאַציאָנאַל פון ניו־יאָרק
## (אָנ"ו)

די „יונייטעד ניישאָנס" (אָנ"ו) באַשטייט היינט פון הונדערט פינף און צוואַנציק מיטגלידער, גרויסע לענדער, קליינע מלוכות, גאָר קליינטשיקע מלוכהלעך. דאָס לאַנד מיט דער גרעסטער באַ־פעלקערונג, כינע מיט כמעט זיבן הונדערט מיליאָן נפשות, געהערט ניט צו דער אָרגאַניזאַציע און דעריבער קאָן מען ניט די אָרגאַני־זאַציע אָנרופן „אינטערנאַציאָנאַל" אין דעם בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט. אָבער כינע האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַ מויער, עס איז אַ וועלט פאַר זיך און ווער ווייסט, וואָס עס וועט אַרויסקומען פון דער מערקווערדיקער וועלט, פאַר וועלכער אייראָפּע איז רע־פּרעזענטירט מיט דער קליינער, מיזעראַבלער מלוכה פון אַלבאַניע, אַ מיקראָסקאָפּישע באַשעפעניש ביים אַדריאַטישן ים.

עס איז זיכער געקומען די צייט אַוועקצושטעלן די פראַגע וועגן דעם קיום פון דער אָנ"ו, וועגן איר פאַרגאַנגענהייט און איר צוקונפט, וועגן איר סובסטאַנץ, וועגן איר פירערשאַפט, וועגן איר לאָבי און הינטערקוליסן. די אָרגאַניזאַציע האָט אַן אָפּטיילונג אין אייראָפּע, אין זשענעווע מיט עטלעכע טויזנט אָנגעשטעלטע און נאָך עטלעכע ריזיקע הילפס־אָרגאַניזאַציעס, פאַרבונדן ענג מיט דער צענטראַלע; די אָרגאַניזאַציע קאָסט אָפּ הונדערטער מיילאָנען דאָלאַרן און האָפענונגען — האָפענונגען אָן אַ סוף...

עס לאָזט זיך בשום אופן ניט לייקענען אַז די אינטערנאַציאָ־נאַלע פּאָליטישע לאַגע איז היינט אָפּהענגיק פון צוויי דאָמינירנ־דיקע בלאָקן, איינער מיט סאָוויעט־רוסלאַנד אין דער שפּיץ און

דער צווייטער מיט די פּאַראייניקטע שטאַטן אין דער שפּיץ. אויב דע גאָל האָט פאַרגעניגן צו האַלטן פראַנקרייך פאַר אַ גרויסמאַכט, איז דאָס ניט מער ווי אַן איינרעדעניש, אַן איינבילדונג, וואָס קאָסט קיינעם ניט קיין געלט, אָבער פירט נאָר צו געפערלעכע אילוזיעס. כינע איז זיכער אַ גרויסמאַכט, אָבער ווי געזאָגט, דאָס איז אַ וועלט פאַר זיך — אַ שונא פון קאָמוניסטישן רוסלאַנד און אַ שונא פון די אַנטי־קאָמוניסטישע פאַראייניקטע שטאַטן. די צוויי בלאָקן האָבן זייערע אייגענע אַפּאַראַטן: דער אַטלאַנטיק־פּאַקט מיט דער נאַט"אָ געהערן צום אַנטי־קאָמוניסטישן בלאָק און דער „וואַרשעווער פּאַקט" וועלכער געהערט צום קאָמוניסטישן בלאָק.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט עס ליגט אויף דער פירערשאַפט פון דער אָנ"ו, ווען די צוויי בלאָקן זענען פּערמאַנענט אין אַ קעגנערשאַפט און ביידע צוזאַמען ווערן דורך כינע באַטראַכט און באַהאַנדלט ווי שונאים. דער ערשטער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אָנ"ו איז געווען טריגווע לי, אַ נאָרוועגישער שטאַטסמאַן, דער צווייטער איז געווען האַמער־שילד — אַ שוועדישער, ביידע געבילדעטע, זייער דערפאַרענע איי־ראָפּעער. דער היינטיקער גענעראַל־סעקרעטאַר או טאַנט איז אַ מאַן פון בורמאַ, אַ געוועזענער לערער, אַ פולשטענדיק אומבאַ־קאַנטער מענטש און דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער מענטש פון אַזיע איז אַוועקגעזעצט געוואָרן אויף דעם העכסטן פּאָסטן, צוליב וועלכע ס'איז ספּעציעלע אייגנשאַפטן, ספּעציעלע טאַלאַנטן, צוליב גרויסער דערפאַרונג? איז ער פריער געווען אַ באַקאַנטער פּאָלי־טיקער, אַ באַקאַנטער וויסנשאַפטסמאַן, אַ געלערנטער, אַ שרייבער, אַ רעדנער? ווער איז דער מאַן פון בורמאַ וואָס הייסט או טאַנט?

ווי פיינלעך עס זאָל ניט זיין אַוועקצושטעלן אַזוי די פראַגע, מוז עס דאָך איין מאָל געשען. אין דער שפּיץ פון דעם וויכטיקסטן אינטערנאַציאָנאַלן פּאָסטן מוז דאָך שטיין אַ פּערזענלעכקייט מיט אַ קאָלאָסאַלן פּרעסטיזש, געבויט אויף וויכטיקע אויפטוען און יעדער מענטש איז באַרעכטיקט צו פרעגן: ווער איז ער, פון וואַנען האָט ער זיך גענומען? או טאַנט איז דערווייל באַרימט

דערמיט וואָס אַזוי ווי קיינער ווייסט גאָר ניט וועגן אים, קאָן ער האָבן דאָס פּאַרטרויען פון דער וועלט וואָס איז אייביק אין שפּאַנונג, שטענדיק אין אַ צושטאַנד פון אַ געפערלעכן קריזיס, נאָך אַ מלחמה אָדער פאַר אַ מלחמה. איז או טאַנט אַזוי גרויס, אַז קיין גרעסערן האָט מען ניט געקאָנט געפינען ניט אין אייראָפּע, ניט אין אַזיע, ניט אין אַמעריקע, אין ערגעץ ניט? ווער איז או טאַנט?

פאַר די אַלע יאָרן וואָס די אָנ״ו פונקציאָנירט האָט מען זיך געענוג פּערזענלעכקייטן אָנגעזען אויף דעם גרויסן אינטערנאַציאָנאַלן פאָרום, גענוג רעדעס אויסגעהערט וועגן אַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות צום לעבן פון פעלקער מיט פעלקער. פאַר אַ גרינטלעכן אַנאַליז פון דעם ווי אַזוי דער פאָרום ווערט אויסגענוצט, איז דאָ איבער גענוג מאַטעריאַל. אַזאַ גרינטלעכע אויספאָרשונג מוז אונדז ברענגען צו אַ וויכטיקן אויספיר: דער פּרעסטיזש פון דער אָנ״ו איז ניט געוואַקסן, קיין שום פּראַקטישן ווערט האָט די אומגעהויער גרויסע מאַשין ניט געהאַט. זי איז פּשוט איגנאָרירט. קיין ספּעציעלע באַווייזן דערצו דאַרף מען ניט האָבן, אָבער ביישפּילן האָבן מיר יעדן טאָג פאַר אונדזערע אויגן.

פיר יאָרן נאָך אַנאַנד גייט אָן אַ גרויסע מלחמה אין אַזיע צווישן די צוויי וויעטנאַמס — צפון־וויעטנאַם און דרום־וויעטנאַם. צפון־וויעטנאַם ווערט אָפן געשטיצט פון סאָוויעט־רוסלאַנד און כינע, און דרום־וויעטנאַם — דורך די פאַראייניקטע שטאַטן מיט אַן אַרמיי פון אַ האַלבן מיליאָן סאָלדאַטן און מיט אויסגאַבן פון מיליאַרדן דאָלאַרן. אַ האַלבע וועלט באַטייליקט זיך דירעקט אָדער אומדירעקט אין דער מלחמה, נאָר די אָנ״ו האָט ניט צו טאָן מיט דעם דאָזיקן שרעקלעכן בלוט־פאַרגיסן. דער דאָזיקער „העכסטער טריבונאַל פאַר שלום אין דער וועלט״ האָט אויך גאָר ניט צו טאָן מיט די שלום־פאַרהאַנדלונגען.

די געשעענישן אין נאָענטן מזרח, דאָס הייסט, די פּערמאַנענטע מלחמה צווישן די אַראַבישע מלוכות און מדינת ישראל ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער אָנ״ו אויף אַזאַ מין אופן, אַז גענוג אָנקלאַגעס זענען דאָ קעגן דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער

אָנ״ו, וועלכער האָט מיט זיינע דיספּאָזיציעס פּאַקטיש דירעקט גע־בראַכט דעם אויפרייס פון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה. די אָנ־קלאַגעס מעגן זיין געָרעכט אָדער אומגערעכט, אָבער אַ פּאַקט איז, אַז דער פּערזענלעכער פּרעסטיזש פון או טאַנטן איז ניט גענוג, כדי די היינטיקע מושלים פון די אַראַבישע לענדער זאָלן זיך רעכענען מיט זיינע אַרגומענטן און מיט זיין אינטערפּרעטאַציע פון זיינע פולמאַכטן און מיט זיין אויסטייטשן דעם טשאַרטער פון דער אָנ״ו.

אַ חוץ די צוויי כלומרשט „קליינע מלחמות״ זענען צענד־לינגער מלחמות אָנגעגאַנגען אין אַפריקע און אין דרום־אַפריקע, אָבער די אָנ״ו, ווי די איינציקע וועלט־אָרגאַניזאַציע, האָט ניט דעם נייטיקן פּרעסטיזש און ניט פאַרנומען דעם פּלאַץ וואָס גע־הערט צו אַזאַ אָרגאַניזאַציע. זי האָט אויך ניט דעם מאָראַלישן כוח און ניט די פיזישע מאַכט צו קאָנען האָבן אַן איינפלוס אויף די גרויסע און ניט אויף די קליינע, אפילו ניט אויף די קלענסטע מלו־כות. פּאַקטיש איז אַלץ געבליבן אַזוי ווי עס איז געווען איידער די אָנ״ו איז געגרינדעט געוואָרן.

איצט טראָגט זיך אין דער לופט דער געשריי פון אַלע זייטן: פּאַרהאַנדלונגען וועגן אַן אַנטשפּאַנונג; „דעטאַנט״!... אַלע זענען צוגעגרייט צו אַ מלחמה און אַלע האָבן מורא פאַר אַ מלחמה ווי פאַר דעם טויט!

די אַנטשפּאַנונג דאַרף זיך אָנהייבן מיט אַ פולער רעאָרגאַני־זאַציע פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער, די אָנ״ו — פון דעם ניו־יאָרקער אינטערנאַציאָנאַל...

(„דער וועקער״, מערץ 1969)

## „ריינע" און „אומריינע"

מיר מיינען דערמיט דעם אומווערדיקן שפּראַכנקאַמף אין דער יידישער געמיינדע אין אַרגענטינע, אַ קאַמף וואָס דערמאָנט אונדז די אַלטע צייטן, ווען די יידישע באַפעלקערונג פונעם לאַנד איז צע־טיילט געווען אויף צוויי באַשטימטע גרופּעס: „ריינע" און „אומ־ריינע". דער יונגער דור איז אפשר ניט באַקאַנט מיט דער גע־שיכטע פון דעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע, מיט דער אַלטער איינוואַנדערונג, מיט דעם אָנהייב פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין לאַנד, מיט די ייק"א־פּראָבלעמען. אויף יעדן פאַל האָט קיינער ניט קיין חשק צו דערמאָנען דעם יידישן שאַנד־פלעק, וואָס איז באַ־שטאַנען אין דער באַטייליקונג פון יידן אין דעם פרויען־האַנדל.

זאָלן אונדז די פאַנטאַזירטע העבּרעאיסטן, וואָס פירן היינט זייער שענדלעכע קאַמפּאַניע קעגן יידיש אין די אַרגענטינער יידי־שע שולן, טויזנט מאָל מוחל זיין ווען זיי הערן אונדז זאָגן, אַז זייער אויפטרעטן צווינגט אונדז צו דערמאָנען יענע אַלטע קאַמ־פּאַניע פון אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק בעת דעם קאַמף צווישן דעם נייעם ישוב און דער געמיינדע פון די יידישע פאַרברעכערס. יאָ, די גרויסע צאָל יידישע פרויען־הענדלערס האָט זיך געשאַפן אייגענע געמיינדעס, מיט אייגענע שולן און מיט אייגענע בית־עולמס — אין גאַנצן אָפּגעזונדערט פון דער אנערקענטער יידי־שער געמיינדע. ריינע און אומריינע יידן!...

דער גאַנצער ענין וועגן דער באַטייליקונג פון יידן אין פרויען־האַנדל איז געווען אַזוי שענדלעך פאַר יידן אין דער גאַנצער

וועלט, אַז מען האָט עס געקאָנט באַטראַכטן ווי אַ נאַציאָנאַלע דראַמע. דער היינטיקער קאַמף אין בוענאָס איירעס קעגן יידיש, פּראָוואָצירט פון די וויכטיקסטע ציוניסטישע קאָרפּנקעפּ, וועט זי־כער פירן צו אַ שפּאַלטונג פון דעם ישוב אין אַרגענטינע מיט קאָנסעקווענצן פאַר גאַנץ דרום־אַמעריקע.

עס איז אַ מין קללה אויף דעם ישוב: כמעט אין דער איי־גענער צייט, ווען עס איז אָנגעגאַנגען דער אַלטער קאַמף קעגן די „אומריינע" זענען פאָרגעקומען די גרויסע קאָנפליקטן מיט דער ייק"א־אַדמיניסטראַציע ביים אָנהייב פון דער באַראָן הירש־קאָלאָ־ניזאַציע. דער באַזוך אין די נייע קאָלאָניעס פון נאָמבערגן און שפּעטער פון לעאָן כאַזאַנאָוויטש און זייערע פּראָטעסטן האָבן אָפּ־געהילכט אין דער גאַנצער יידישער וועלט. פון דעסטוועגן האָט זיך דער ישוב ווייטער אַנטוויקלט און ווייטער געבויט. עס איז אויסגעוואַקסן אַ געזונטער ישוב מיט אַ קולטור־המשך פון אַלטע רוסיש־יידישע ישובים, אַ ישוב וואָס האָט זיך אידענטיפיצירט מיט אַלע לעבנס־וויכטיקע פּראָבלעמען פונעם וועלט־יידנטום, מיט אַן אַטקיווער באַטייליקונג, מיט ברייטהאַרציקער באַטייליקונג אין אַלע יידישע באַוועגונגען און נאַציאָנאַלע אונטערנעמונגען.

איז עס ניט קיין וווּנדער, אַז בעת עס איז געשאַפן געוואָרן די יידישע מדינה, האָבן זיך די ציוניסטישע שליחים פון אַלע ראַנגען, צוגעכאַפּט צו אַרגענטינע ווי צו אַ פעטן ביסן. פון דעם פרישן און אייגנטלעך געזונט יונגן ישוב אין אַרגענטינע האָט אָנגעהויבן פליסן אַ שטאַרקער שטראָם פון עולים קיין ישראל. קיין גרויסן דער־פאָלג האָט די דאָזיקע עמיגראַציע ניט געהאַט. אַ סך הונדערטער אַרגענטינער יידן האָבן זיך ניט געקאָנט איינריכטן אין דעם נייעם לאַנד, אָבער דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. קיין שום קאָלאָניזאַציע איז קיין מאָל ניט געווען אַ הונדערט־פּראָצענטיקער דערפאָלג. ניט יעדער מענטש טויג זיך אויס פאַר לעבן און אַרבעטן אין אַ נייעם לאַנד, דאָס הייסט, ניט יעדער קאָן זיך צופּאַסן צו אַ ניי לאַנד און אַ ניי לעבן. אַ געוויסער טייל פון נייע איינוואַנדערערס פאָרט שטענדיק צוריק און זענען דערפאַר ניט קיין „יורדים".

די איינוואַנדערונג קיין ישראל איז בכלל אין אַ צושטאַנד פון אַ גרויסן קריזיס. די אידעע פון באַקומען איינוואַנדערערס, הויפּטזאַכלעך פון לענדער ווו יידן לעבן זיך גוט, קאָן קיין מאָל ניט ברענגען קיין גוטע רעזולטאַטן. מען האָט גענומען רעדן וועגן אַן ערנסטן קריזיס אין ציוניזם, וועגן רעפאָרמירן די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע און מען איז אַרויסגעקומען צו פאַרשטאַרקן און אויס־ברייטערן די קאַמפּאַניע פאַר העברעאיש, וואָס האָט ביז איצט אָפּ־געקאָסט שווערע געלטער אָן שום רעזולטאַטן. ניין, דאָס איז ניט גענוג: אַ קאַמפּאַניע פאַר העברעאיש און קעגן יידיש! אַרויסרייסן און אויסוואָרצלען יידיש...

די פאַלאַנגע פון שליחים, וואָס פירט אָן מיט דער קאַמפּאַניע קעגן יידיש און פאַר העברעאיש אין דרום־אַמעריקע, וואָלט גע־קאָנט דערציילן גענוג וועגן דעם, מיט וואָס פאַר אַ צאָרן און פאַר־אַכטונג די יידישע באַפעלקערונג אין די נייע ישובים באַגעגנט זיי. די אַטאַקע פון די שליחים אויף דער מוטער־שפּראַך פירט אָפט צו פיינלעכע סקאַנדאַלן; פון אייניקע געמיינדעס האָט מען די חשובע געסט פשוט אַרויסגעטריבן.

עס איז ניטאָ קיין צווייפל אַז דער סך־הכל פון דעם מיאוסן פּאָגראָם אויף יידיש וועט ברענגען די געהעריקע רעזולטאַטן אי ביים רופן יידן צו אויסוואַנדערן קיין ישראל, אי ביים געבן געלט פאַר ישראל. צי ווערט דאָס אַלץ געטאָן אָן דעם וויסן פון דער ישראל־רעגירונג און פון דער יידישער אַגענץ, אָדער פאַרקערט, מיט זייער הסכמה און מיט זייערע ברכות?

אויב מענטשן קאָנען ערנסט טראַכטן און רעדן וועגן דעם, אַז מדינת ישראל זאָל איבערנעמען די אויבערשטע פירערשאַפט פון דעם יידישן קולטור־לעבן, פון יידישער בילדונג און דערצי־אונג אין אַלע יידישע ישובים פון דער וועלט, קאָן דאָך אוודאי מעגלעך זיין אַ מין דעקרעט וועגן פאַרווערן יידיש און מאַכן הע־ברעאיש פאַר אָבליגאַטאָריש אין יעדער יידיש הויז?

דערווייל איז מדינת ישראל אין אַ געפערלעכער פאָליטישער לאַגע, אפשר גאָר פאַר אַ נייער מלחמה מיט די אַראַבישע לענדער,

וואָס ווערן געהעצט און געשטיצט פון סאָוויעט־רוסלאַנד. נאָר פול־שטענדיק אומפאַראַנטוואָרטלעכע „פירערס" קאָנען זיך איצט דער־לויבן אַרויסצורופן געפערלעכע קאָנפליקטן אין יידנטום גופא. זיי דאַרפן ניט מאַכן דעם טעות און מיינען, אַז גראדע צוליב דער שפּאַנונג און דעם טומל אַרום דער אַראַבישער סכנה וועלן זיי קאָנען האַנדלען מיט זייערע פאַנאַטישע אידעען. זיי וועלן זיך דאָס מאָל אָנשטויסן אויף דעם גרעסטן ווידערשטאַנד.

די אחריות פאַר די קומענדיקע ערנסטע יידישע קאָנפליקטן איז פאַרבונדן מיט די „אידעאָלאָגישע אַוואַנטורעס" פון דער ציוני־ניסטישער פירערשאַפט.

(„פרייע אַרבעטער שטימע", דעם 1־טן סעפטעמבער 1969)

# פון יאַלמאַר בראַנטינג ביז טאגע ערלאַנדער

## אַ בלאַט סאָציאַל־דעמאָקראַטישע געשיכטע אין שוועדן

איך ווייס אַז ניט די נעמען פון בראַנטינג און ניט ערלאַנדער, די גרויסע פירערס פון די שוועדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, און ניט דער נאָמען פון אַדאָלף פּאַלמע, דעם ערשט געוויילטן נייעם פירער פון די שוועדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און נייעם שוועדישן פּרעמיער־מיניסטער, זענען גוט באַקאַנט דעם יידישן לייענער. גראָד דערפאַר איז אָבער נייטיק צו רעדן וועגן זיי היינט, ווען דער פּאָפּולערער און באמת דערפאָלגרייכער טאגע ערלאַנדער האָט מיט אַ יאָר צוריק באַשלאָסן, אַז לויט אַלע דינים פון דעמאָקראַטיע איז עס איבער געניג צו זיין פירער און פּרעמיער־מיניסטער גאַנצע דריי און צוואַנציק יאָר. ער האָט זיך ניט געלאָזט איבעררעדן און אויף דעם צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי האָט ער דעם היינטיקן 1־טן אָקטאָבער דעמיסיאָנירט פון ביידע וויכטיקע פּאָסטנס. אויף זיין פּלאַץ איז אויסגעקליבן געוואָרן זיין קאַנדידאַט, זיין פיל־יאָריקער נאָענטער מיטאַרבעטער, מיטגליד פון פּאַרלאַמענט און בילדונגס־מיניסטער, דער צוויי און פערציק־יאָריקער אָלאָף פּאַל־מע. אויך ערלאַנדער איז געוואָרן מיט דריי און צוואַנציק יאָר צוריק פּרעמיער־מיניסטער זייענדיק אַ יונגער בילדונגס־מיניסטער.

אַז דאָס איבערגעבן די פירערשאַפט פון דער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער פּאַרטיי און פון דער רעגירונג אין נייע הענט איז אַ

גרויסע געשעעניש אין סקאַנדינאַוויע, פאַרשטייט זיך פון זיך אַליין. שוועדן איז דאָס גרעסטע סקאַנדינאַווישע לאַנד, דאָס רייכסטע, מיט דער גרעסטער און מאָדערנסטער אינדוסטריע און מיט דער גרעסטער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט. עס איז אָבער פון אַ גרויסער באַדייטונג אויך פאַר דער יידישער עפנטלעכער מיינונג צו וויסן און צו קענען דעם גאַנג פון די גרויסע סאָציאַלע באַ־וועגונגען און געשעענישן אין סקאַנדינאַוויע. זייער קליין איז די צאָל יידן אין די סקאַנדינאַווישע לענדער — אַן ערך זיבן טויזנט נפשות אין שוועדן, אַן ערך זעקס טויזנט אין דענעמאַרק און ווײַ־ניקער פון איין טויזנט אין נאָרוועגן נאָך דעם שרעקלעכן פּאָגראָם בעת דער דייטשער אָקופּאַציע פון נאָרוועגן, אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — אָבער גרויס און וויכטיק איז שטענדיק געווען די באַטייליקונג פון יידן אין אַלע צווייגן פונעם עפנטלעכן לעבן אין שוועדישן לאַנד. עס איז גענוג דאָ צו דערמאָנען די נעמען פון די וויכטיקסטע פאָרשערס פון דער געשיכטע פון דער שוועדישער ליטעראַטור, פּראָפ. שיק, פּראָפעסאָר וואַרבורג, פּראָ־פעסאָר לאַם, דעם גרעסטן שוועדישן מאָלער ערנעסט יאָנעס־סאָן, גרויסע אינדוסטריעלערס, שרייבערס, געזעלשאַפטלעכע טו־ערס און אַזוי ווייטער אָן אַ שיעור.

דער גרויסער אינטערעס פונעם שוועדישן פאָלק פאַר אַלץ, וואָס קומט פאָר אין דעם לעבן פון וועלט־יידנטום, לאָזט זיך אָבער ניט מעסטן נאָר מיט דער באַטייליקונג פון יידן אין דעם לעבן פון שוועדן. דער אינטערעס איז פאַרבונדן מיט דער אַלגע־מיינער קולטורעלער און פּאָליטישער ענדערונג אין צפון פון אייראָפּע, מיט דער אַנטוויקלונג ספּעציעל אין שוועדן, מיט איר אַקטיווער באַטייליקונג אין אינטערנאַציאָנאַלן לעבן. ערשט מיט הונדערט יאָר צוריק איז שוועדן געווען אַן אָרעם לאַנד, אַ לאַנד פון גרויסער אויסוואַנדערונג. די צוויי באַרימטע ראָמאַנען פון דעם באַוווסטן שוועדישן שרייבער ווילהעלם מאָבערג — „אויס־וואַנדערער" און „איינוואַנדערער" שילדערן דאָס אַלטע שוועדן אַזוי, אַז מען קאָן זיך גאָר ניט פאָרשטעלן אַז דאָס האָט עפּעס

צו טאָן מיט דעם היינטיקן אינדוסטריעלן שוועדן, וואָס האָט אייזן און האָלץ, דעם בעסטן שטאָל אין דער וועלט, די פיינסטע אינ־דוסטריען, שיף־בוי, לאַנדווירטשאַפט א. א. וו.

צום באַדויערן, מוז איך אין די שורות צו אָפט באַנוצן דעם „איך", ווייל עס איז געווען מיין זכות צו קומען אין פאַרבינדונג מיט דעם גרעסטן בויער פון דער סקאַנדינאַווישער, הויפּטזאַכלעך שוועדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דעם ערשטן יאָר פון דער ער־שטער וועלט־מלחמה, יאַלמאר בראַנטינג, ווען איך האָב אויף שטענדיק פאַרלאָזן רוסלאַנד. עס זענען געווען ספּעציעל טראַגישע פאַר דעם רוסישן יידנטום יאָרן און איך בין אין אַ באַזונדערער שליחות געשיקט געוואָרן, כדי צו באַקענען די יידישע פירערשאַפט אין פּאַריז, לאָנדאָן און ניו־יאָרק ניט נאָר מיט דעם גירוש פון זעקס הונדערט טויזנט יידן פון פּוילן, ליטע און די באַלטישע פּראָווינצן. די רוסישע אַרמיי האָט דאַן געליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער און דער ברוטאַלער שעף פון דער רוסישער אַרמיי — גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און זיין פּוילישער גע־נעראַל־שטאַב־שעף גענעראַל יאַנושקעוויטש, האָט אָנגעפירט אַ ווילדע מאָרד־קאַמפּאַניע קעגן יידן אַלס שולדיקע אין די רוסישע מפּלות. מען האָט דאַן געהאַנגען מאַסן יידן און מען האָט אָנגעצ־הויבן נעמען יידישע ערבניקעס (לעבעדיקע משכונות), דעריבער האָט מען געמוזט אַלאַרמירן די אויסערלעכע וועלט אַזוי גיך ווי מעגלעך. איך האָב אָנגענומען די שליחות און פאַרלאָזן דאָס טייערע פאָטערלאַנד אונטער זייער שווערע אומשטענדן. רוסלאַנד איז גע־ווען אַזוי גוט ווי הערמעטיש אָפּגעשלאָסן. וויכטיקע דאָקומענטן פון דעם רוסישן גענעראַל־שטאַב וועגן יידן זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט; וויכטיקע אַקציעס זענען אונטער־גענומען געוואָרן.

דער ערשטער מאַן, מיט וועלכן איך בין געקומען אין פאַר־בינדונג אין שטאָקהאָלם איז געווען יאַלמאר בראַנטינג, דער וויכ־טיקסטער פירער פון דער שוועדישער אַרבעטערשאַפט, דעמאָלט

נאָך ניט פּרעמיער־מיניסטער, אָבער איינע פון די באַקאַנטסטע סאָ־
ציאַליסטישע פיגורן אין אייראָפּע.

דאָס צעפּאַלעניש פון רוסלאַנד און דער כאַאָס אין לאַנד איז
געווען אַזוי גרויס נאָך פאַר דעם, ווי דער צאַר האָט אַבדיקירט.
דאָס לעבן פון דעם רוסלענדישן יידנטום איז געווען אין דער
גרעסטער געפאַר, אַלע יידישע אינסטיטוציעס אין לאַנד זענען
חרוב געוואָרן. אין אַמעריקע איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער „פּיפּלס
רעליעף קאָמיטעט" פון וועלכן עס איז שפּעטער געשאַפן געוואָרן
דער „דזשאָינט". גרויסע אַקטיוויטעטן האָבן אַרויסגעוויזן לאָנדאָן
און פּאַריז.

***

מיט דריי און צוואַנציק יאָר צוריק, רעכנענדיק פון היינט,
נאָך דעם טויט פון דעם שוועדישן פּרעמיער־מיניסטער פּער אַלבין
האַנסאָן, ווען די שוועדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז
שוין געווען אָרגאַניזירט (1920) און אַקטיוויזירט פון אַזעלכע פּי־
רער ווי בראַנטינג און גוסטאַוו מעללער, (וועלכער לעבט נאָך היינט
און נעמט אָנטייל אין דער אַרבעט פון דער פּאַרטיי), איז אַלס
פּרעמיער־מיניסטער און פּרעזידענט פון דער פּאַרטיי אויסגעקליבן
געוואָרן דער ערשט דעמיסיאָנירטער טאַגע ערלאַנדער. די דריי
און צוואַנציק יאָר פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישער רעגירונג באַדייטן
אַ גרויסע געשעעניש אין דער נייער געשיכטע פון שוועדן: אַ קאָ־
לאָסאַלע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג אויף אַלע געביטן, אַן אויסער־
געוויינטלעכע פּראָגרעסיווע אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַלער גע־
זעצגעבונג פאַר דער עקאָנאָמיש ניט־פּריווילעגירטער טייל פון
דער באַפעלקערונג, אַ מוסטער פון אַ מאָדערנער מלוכה. שוועדן
האָט זיך ניט באַטייליקט אין די צוויי וועלט־מלחמות. בשעת דער
צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיך דעריבער אין שוועדן געראַטע־
וועט פון זיכערן אונטערגאַנג כמעט אַלע יידן פון דענעמאַרק, אַן
ערך פינף טויזנט נפשות. שוועדן האָט באַצייטנס געוווסט וועגן
די צוגרייטונגען פון דער דייטשער אַקציע אין דענעמאַרק און גע־
וואָרנט די דענישע רעגירונג און די דענישע יידן.

עס איז אפשר ניט מער ווי אַ צופאַל, אַז גראַד די טעג ווען טאגע ערלאנדער, דער בילדונגס־מיניסטער, וועלכער איז אויסגע־קליבן געוואָרן צו זיין דער נייער פירער פון דער אַרבעטער־פּאַר־טיי און דער נייער פּרעמיער־מיניסטער, האָט דער שרייבער פון די שורות אָנגעהויבן זיין אַרבעט אַלס „פּאבליק רעליישאנס מאַן" אין די סקאַנדינאַווישע לענדער פאַר דער „אָרט" וועלט־אָרגאַני־זאַציע. איך האָב פריער פאַרבראַכט אַן ערך פופצן יאָר אין די סקאַנדינאַווישע לענדער, ס׳רוב אין קאָפּענהאַגן, געהאַט נאָענטע פאַרבינדונגען מיט דער סקאַנדינאַווישער פּרעסע און פּאָליטישע טוערס. איצט ווען דער „אָרט" האָט איבערגעלעבט אונדזער גרויסן חורבן און האָט געדאַרפט ווידער אויפגעבויט ווערן, זענען די פאַר־בינדונגען מיט די סקאַנדינאַווישע רעגירונגען געווען פון גאָר גרויסן ווערט.

עס זענען אַוועק דריי און צוואַנציק יאָר און אין די יאָרן איז אַ סך געשען. די „אָרט"־אָרגאַניזאַציע איז אויסגעוואַקסן. די „אָרט"־שולן זענען אין אַלע לענדער אָפן פאַר יידן און פאַר ניט־יידן און אַ גאַנצע ריי רעגירונגען האָבן ספּעציעלע אָפּמאַכן מיט דער „אָרט"־אָרגאַניזאַציע — צווישן זיי די רעגירונג פון די פאַראיי־ניקטע שטאַטן — וועגן איבערנעמען אויף זייער רעכענונג טעכ־נישע הילף פאַר אָפּגעשטאַנענע לענדער. דער יערלעכער בודזשעט פון דעם „אָרט" וועלט־פאַרבאַנד, וועלכער איז מיט צוואַנציק יאָר צוריק געווען אַן ערך זעקס מיליאָן דאָלאַר, איז היי־יאָר דריי מאָל אַזוי גרויס.

עס וועט ניט זיין צופיל געזאָגט, אויב איך וועל מיט אַ ריינעם געוויסן דערקלערן, אַז אין אַ זייער גרויסער מאָס איז דאָס אַ סך־הכל פון אַ גרויסער הילף מצד די סקאַנדינאַווישע לענדער, צו־ערשט כראָנאָלאָגיש מצד דער שוועדישער רעגירונג. אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען מיט איין וואָך צוריק געדענק איך דעם טאָג מיט דריי און צוואַנציק יאָר צוריק. ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן נאָך דעם ווי ערלאנדער האָט איבערגענומען דעם פּאָסטן פון פּרעמיער־מי־ניסטער, איז אין זיין קאַבינעט, אין אָנוועזנהייט פון הויכע באַ־

אַמטע, פֿאַרגעקומען אַן אָפֿיציעלע זיצונג וועגן הילף פֿאַר דער „אָרט"־אַרבעט און דער ערשטער פערטל מיליאָן שוועדישע קראָ־נען, צו יענער צייט פֿינף און אַכציק טויזנט דאָלאַר. לויט דעם פֿאָרשלאָג פֿון דעם פּרעמיער־מיניסטער אַליין זענען קיין שוועדן געבראַכט געוואָרן צוואַנציק „אָרט"־אינסטרוקטאָרן פֿון די די.פּי.־קעמפּס פֿאַר אַ ווייטערער פּראָפֿעסיאָנעלער אויסבילדונג.

די שוועדישע איניציאַטיוו איז מיט גרויס דערפֿאָלג נאָכגע־פֿאָלגט געוואָרן אין דענעמאַרק און נאָרוועגן מיט גרויסע ביי־טראגן — ביז צום היינטיקן טאָג. אין דער סקאַנדינאַווישער הילפֿס־אַרבעט פֿאַר „אָרט" האָבן זיך באַטייליקט מיט אַ ברייטער האַנט די רעגירונגען, די יוניאָנס און אין אַ געוויסער מאָס יידישע אָרגאַ־ניזאַציעס. צוזאַמענגענומען האָט די הילפֿסאַרבעט באַדייט אויסער־געוויינטלעך פֿיל. עס איז געווען פֿינאַנציעלע הילף פֿאַר דעם איינ־קויף פֿון מאַשינען און וועררקצייג, אָבער עס איז פֿריער פֿאַר אַלץ געווען אַ מאָראַלישע שטיצע, אַ צייכן פֿון ברידערלעכער פֿריינד־שאַפֿט מצד די צפֿון־אייראָפּעאישע לענדער נאָך דעם גרויסן חורבן.

(„דער וועקער", יאַנואַר 1970)

# אַרום ענין ד״ר נחום גאָלדמאַן

לויט דער אַראַבישער ליגנערישער פּראָפּאַגאַנדע קומט אויס, אַז יידן זענען ניט געפּערלעך און אַז אַלע אומגליקן קומען פון די „ציוניסטן״, וואָס האַלטן אין זייערע הענט דאָס גאַנצע יידנטום. אַראַבישע אַוואַנטוריסטן קענען די מלאכה און ווייסן אַז מיט אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע קאָן מען גוט באַווירקן די פאַנטאַזיע ניט נאָר פון די אַראַבישע מאַסן, נאָר אפילו פון די רוסישע און פּוילישע מאַסן.

לויט דעם אויפפירן זיך פון דער ישראל־רעגירונג, וואָס איג־נאָרירט אין גאַנצן דאָס פּראָבלעם פון מינדערהייט און מערהייט, קומט אויס אַז אַלע יידן אין דער גאָרער וועלט זענען ציוניסטן און וואָס די רעגירונג פון ישראל זאָגט, איז דאָס די מיינונג פון דעם וועלט־יידנטום און איז פאַרפליכטנדיק פאַר דעם וועלט־יידנטום. דערביי איז דאָ נאָך אַ ספּעציעלער ענין: יעדער ייד אין דער וועלט דאַרף דינען די אינטערעסן פון דער יידישער מדינה און געבן אַזוי פיל געלט פאַר דער יידישער מדינה וויפל ער קאָן, אפילו מער ווי ער קאָן. קיין דעה פרעגט מען אָבער ניט ביים פרעמדן ייד און אויב ער וויל זיך יאָ „מישן״ אין די ישראלדיקע פּראָ־בלעמען בעט מען אים ניט מאַכן זיך נאַריש.

היינט, בשעת עס גייט אָן אַ מלחמה און מען דאַרף האָבן „אחדות״ ניט ווייניקער ווי גוטע און מאָדערנע פלי־מאַשינען, קאָנען מיר ניט אָנהייבן אַ דיסקוסיע אויף וויפל די ישראל־פּאָ־ליטיק מאַכט דעם איינדרוק פון זיין צופיל אַראַביזירט. די פּרעמ־מיערשע פון ישראל האָט פאָרגעוואָרפן נחום גאָלדמאַנען, אַז ער

ווינט ס׳רוב אין אויסלאַנד און דאַרף זיך ניט מישן אין דער יש־ראל־עגיפּטישער מלחמה־פּאָליטיק. צי איז דאָס ניט אַ ביסל צו־פיל?

בכלל איז די ציוניסטישע פּאָליטיק אַ היפּש ביסל אַראַבי־זירט: נאַסער רופט אָן עגיפּטן די „פאַראייניקטע אַראַבישע רעפּוב־ליק" בעת ער איז מיט קיינעם ניט פאַראייניקט. אין דער אַראַ־בישער וועלט לאַכט מען זיך אויס פון דער פּרעטענסיע צו זיין „פאַראייניקט". ווי באַקאַנט, איז זיין פאַראייניקונג מיט סיריע גע־ווען אַ דורכפאַל.

ד״ר נחום גאָלדמאַן רופט אָן זיין אָרגאַניזאַציע ניט מער און ניט ווייניקער, ווי דער יידישער „וועלט־קאָנגרעס", ווען עס איז בפירוש ניטאָ אַזאַ אָרגאַניזאַציע ביי יידן. מיט אַ סך מער רעכט קאָן דער „דזשאָינט" אָנרופן זיך „יידישע וועלט־הילף־אָרגאַני־זאַציע", אָדער דער „אָרט", וואָס האָט יידישע פאַכשולן אין צוויי און צוואַנציק לענדער מיט קנאַפּע 60 טויזנט שילערס.

דאָס זענען אָבער אַלץ באמת קלייניקייטן, ווען מען האָט צו טאָן מיט דעם פּראָבלעם פון מלחמה און שלום. די זעקס־טאָגיקע מלחמה גייט נאָך אַלץ אָן שוין דריי יאָר. אין ישראל זענען שוין היינט קוים דאָ משפּחות וואָס האָבן ניט קיין געפאַלענע קרבנות אָדער זייערע מאָביליזירטע קינדער אין דער אַרמיי. גאַנץ ישראל, די גאַנצע באַפעלקערונג באַשטייט פון העלדן. דיווירקלעכקייט איז גרויזאַם. אַמעריקע שטיצט מדינת ישראל, אָבער אַמעריקע פירט אַמעריקאַנער פּאָליטיק און ענגלאַנד פירט ענגלישע פּאָלי־טיק ניט קיין ישראל־פּאָליטיק. האָבן מיר דאָך דערלעבט, אַז דריי משומדים פאַרנעמען וויכטיקע פּאָסטנס אין דער פראַנצייזישער רע־גירונג און גייען אָן מיט דער פּראָ־אַראַבישער און אַנטי־יידישער פּאָליטיק. האָבן מיר דאָך דערלעבט שוין נאָך היטלערס מפּלה דעם פּאָגראָם פון אַזאַ קליינעם יידישן ישוב ווי דער וואָס איז געווען אין היינטיקן פּוילן און דאָס פינף און צוואַנציק יאָר נאָך דעם ווי אַדאָלף היטלער האָט זיך דערשאָסן אינעם בונקער אויף ווילהעלם־שטראַסע. די מלחמה קעגן יידנטום גייט אָן.

גאָלדע מאיר רעדט מיט אַזאַ הויכן טאָן צו ד״ר נחום גאָלד־מאַן, ווי זי רעדט צו פּרעזידענט ניקסאָן. זי פאַרגעסט אַז די יידי־שע מלוכה איז געגרינדעט אויף די חורבות און קברים פון זעקס מיליאָן אומגעבראַכטע יידן. זי שטעלט זיך אַוועק אין אַ שטעלע, ווי נאַסער, להבדיל, און מוסרט יעדן וואָס אַקצעפּטירט ניט אירע אידעען און איר פּאָליטיק. גאָלדע מאיר פאַרגעסט דערביי דאָס וויכטיקסטע: די ציוניסטן זענען אַ מינדערהייט און דערביי אַ קליינע מינדערהייט ביים יידישן פאָלק. די ערשט געגרינדעטע יידישע מדינה איז פון אָנהייב אָן פון איר עקסיסטענץ ביז צום היינטיקן טאָג, געשטיצט געוואָרן פון אַלע יידישע קרייזן גלייכ־גילטיקע צו דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע אָדער אפילו קעגנער פון דער אידעאָלאָגיע.

וואָס מער ישראל ווערט געבויט, אַלץ מער פאַרשפּרייטן זיך די אַנטי־יידישע כוחות. סאָוויעט־רוסלאַנד איז געווען צווישן די ערשטע לענדער וואָס האָבן אנערקענט און געשטימט פאַר דער אנערקענונג פון מדינת ישראל, און היינט? היינט איז סאָוויעט־רוסלאַנד דער גרעסטער און געפערלעכסטער שונא פון מדינת ישראל און פון יידנטום בכלל.

מיר דאַרפן דאָ ניט אונטערשטרייכן, אַז די גאַנצע יידישע וועלט, ציוניסטן אָדער ניט־ציוניסטן, פאָלגן נאָך די געשעענישן אין ישראל מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, באַוויינען די אומשולדיקע קרבנות און ווילן אַ זיכערע עקסיסטענץ און שלום פאַר דער יידי־שער מדינה. סאָוויעט־רוסלאַנד און אירע קאָמוניסטישע באַהעלפערס פירן אַ מערדערישן קאַמף קעגן דעם יידנטום, עס איז ניט נאָר אַן אַטאַקע קעגן מדינת ישראל. זיי זענען גרייט צו קעמפן ביז דעם לעצטן אַראַבישן סאָלדאַט. יעדע איניציאַטיוו וואָס קען פירן צו צעשטערן די פאַרברעכערישע פּלענער פון סאָוויעט־רוסלאַנד מוז געשטיצט ווערן. קיין שום פּאַרטיי־פּאָליטישע לאָקאַלע אינטערעסן דאַרפן ניט שפּילן אַ ראָלע אין די פאַרהאַנדלונגען וועגן מלחמה און שלום.

זיכער איז עס, אַז דער גורל פון מדינת ישראל איז אין די

הענט פון די יידן אין ישראל און אַז די הענט דאַרפן געשטאַרקט ווערן פון אַלע יידן פון אַלע לענדער. די קאָמפּאַניע פון סאָוויעט־רוסלאַנד קעגן דעם יידנטום איז דער צווייטער פּרווו — נאָך דעם מאַסנמאָרד פון יידן דורך היטלערס פאַרברעכער־באַנדעס — אונטערצוגראָבן דעם קיום פון יידישן פאָלק. דאָס זענען ניט קיין מליצות, דאָס איז די פינצטערע ווירקלעכקייט.

דער ערנסטער קאָנפליקט וואָס האָט אויסגעבראָכן איצט צווישן דער רעגירונג פון ישראל און ד״ר נחום גאָלדמאַן צוליב דער ישׂ־ראל־עגיפּטישער מלחמה, איז ניט ווייניקער געפערלעך פאַר דער עקסיסטענץ פון ישראל ווי די מלחמה. דאָס וואָס גאָלדמאַן האָט געהאַט דעם מוט צו זאָגן פראַנק און פריי, ניט קוקנדיק אויף דער מלחמה, איז אָן שום ספק אַ געדאַנק, וואָס ליגט טיף אין האַרצן ביי אַ סך יידן. דאָס וואָס ער האָט איצט געשריבן אין דעם וויכטיקן און אַ סך געלייענטן חודש־זשורנאַל געווידמעט פּראָבלעמען פון אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק אין אַן אַרטיקל אונטער דעם נאָמען „די צוקונפט פון ישראל״ איז אויך אַ מין קריגס־דערקלערונג. גאָלדמאַן, אַ וועטעראַן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און אַ מאַן וואָס קען די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק אפשר בעסער ווי די מיטגלידער פון דער ישראל־רעגירונג, מאַכט אַ סך־הכל פון דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג און אויך פון מדינת ישראל.

די ישראל־רעגירונג ווידער רעדט אַזוי ווי זי וואָלט רעפּרע־זענטירט ניט נאָר דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, נאָר אויך עטלעכע הונדערט מיליאָן פריינד פון יידן. דאָס שוואַכט ניט אָפּ אויף אַ האָר גאָלדמאַנס דערקלערונג און זיינע אַרגומענטן. דער סך־הכל איז, לויט ד״ר גאָלדמאַן, אַן אַבסאָלוט נעגאַטיווער. מדינת ישראל איז איינע פון די קליינע נייע מלוכות און איז ניט דאָס וואָס מען האָט דערוואַרט פון דער רעאַליזאַציע פון דעם ציוניסטישן אידעאַל. ד״ר גאָלדמאַן איז שטאַרק באַזאָרגט וועגן דער צוקונפט פון מדינת ישראל, ניט קוקנדיק אויף דעם גרויסן ווידערשטאַנד וואָס יידן שטעלן די שונאים פון יידנטום.

עס איז טראַגיש צו הערן פון אַ וועטעראַן פון דער ציוניס־טישער באַוועגונג אַזאַ מין דעקלאַראַציע. און עס איז ניט קלוג צו מינימיזירן אָדער פּשוט צו איגנאָרירן דעם סך־הכל. די לאַגע ווערט פון טאָג צו טאָג ניט בעסער נאָר ערנסטער. די הונדערטער מיליאָנען מחמדאַנער שטעלן מיט זיך פאָר אַ כוח וואָס קאָן אויסהאַלטן צען פאַרלוירענע מלחמות. מדינת ישראל ווערט אַלץ מער איזאָלירט. דריי יאָר נאָך דעם גרויסן נצחון אויף דעם שלאַכט־פעלד איז די לאַגע פון מדינת ישראל ניט בעסער און ניט זיכע־רער. יידן בכלל און גאַנץ באַזונדערס די איבערגעגעבענע פריינד פון ישראל, צוזאַמען מיט ישראל, דאַרפן זיך גוט באַטראַכטן וועגן דער צוקונפט.

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, דעם 1־טן מאַי 1970)

# הונדערט יאָר
# זינט דעם איטאַליענישן „ריסאָרדזשימענטאָ״
# און פראַנצייזישן „רענעסאַנס״

מען מעג זיין זיכער, אַז אויב עס וואָלט ניט געהערשט אַזאַ כאַאָס אויפן מיטעלן מזרח, אַ כאַאָס וואָס פּאַראַליזירט די וועלט, וואָלט די דאַטע פון 20־טן סעפּטעמבער 1870 געפייערט געוואָרן אין אַלע עקן פון אונדזער ערד־קיילעך. אין אָט דעם טאָג, מיט הונדערט יאָר צוריק, האָט די איטאַליענישע רעוואָלוציאָנערע אַר־מיי אַריינמאַרשירט אין דער באַפרייטער הויפּטשטאָט פון איטאַ־ליע, רוים. אין דעם דאָזיקן טאָג איז ענדגילטיק געבראָכן געוואָרן די וועלט־מאַכט פון וואַטיקאַן און עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די פאַראייניקונג פון איטאַליע. דאָס איז געווען די קרוין פון דעם איטאַליענישן „ריסאָרדזשימענטאָ״, פון דער אויפלעבונגס־באַוועג־גונג פון איטאַליענישן פאָלק, פון דער באַפרייאונג פון דער מאַכט פון דער קאַטוילישער קירכע און פון עסטרייך, וועלכע האָט גע־הערשט אין לאָמבאַרדיע.

יענע עפּאָכע איז שוין היינט כמעט פולשטענדיק פאַרגעסן געוואָרן, ספּעציעל אויסערהאַלב די גרענעצן פון איטאַליע. דער שרייבער פון די שורות געדענקט נאָך די צייט פון מיט זיבעציק יאָר צוריק, ווען מען האָט גערעדט מיט ליבע וועגן די העלדן פון איטאַליענישן „ריסאָרדזשימענטה״, וועגן גאַריבאַלדי, מאַדזיני און אַנדערע. דאָס נייע איטאַליע האָט ניט געהאַט די אַמביציע צו שפּילן די ראָל פון דער אַמאָל מעכטיקער רוימישער אימפּעריע.

גאַריבאַלדי האָט ניט געוואָלט נאָכמאַכן די קאַריערע פון אַ צעזאַר. דערפאַר האָט דער נאַרישער און באָמבאַסטישער מוסאָליני יאָ באַצאָלט פאַר זיין שפּיל: איטאַליענער, און ניט פרעמדע זיגער, האָבן אים געטויט און אויפגעהאָנגען מיט דעם קאָפּ אַראָפּ.

איך בין געשטאַנען אין דעם קליינעם ווונדער־שיינעם שטעטל וועראָנאַ, ווו עס קומט פאַר שעקספּירס דראַמע „ראָמעאָ און יוליאַ״, און געקוקט צוזאַמען מיט באַגייסטערטע און גליקלעכע איטאַליע־נער אויף דעם איצט הייליקן באַלקאָן — דעם באַלקאָן פון וואַנען גאַריבאַלדי האָט גערעדט און גערופן זיין פאָלק צום קאַמף.

דאָס אַריינמאַרשירן קיין רוים פון די סאָלדאַטן פון קעניג וויקטאָר עמאַנועל האָט אַ סוף געמאַכט צו דער טויזנט־יאָריקער הערשאַפט פון וואַטיקאַן, פון דער וועלט־מאַכט פון דער קאַטוי־לישער קירכע. אין אַוויניאָן, דרום־פראַנקרייך, געפינט זיך דער ריזיקער פּאַלאַץ פון פּויפּסט, וווהין ער איז בשעתו כלומרשט אַנטלאָפן פון רוים, כדי ניט ווערן קיין געפאַנגענער פון אַ וועלט־לעכער מאַכט. אין דער צייט פון דער פראַנצייזישער רעוואָלוציע האָט דער קאָנווענט באַשלאָסן צו צעשטערן די דאָזיקע „צווייטע באַסטיליע״ ווו די פּויפּסטן האָבן געהערשט איבער הונדערט יאָר. עס איז אָבער צעשטערט געוואָרן נאָר איין טייל, דער צווייטער דינט היינט ווי אַן אַטראַקציע פאַר טוריסטן. ביינאַכט, ווען די שטאָט שלאָפט, כאַפּט אָן דעם מענטשן אַ שרעק ווען ער קוקט אויף דער מאַסיווער קאָלאָסאַלער געביידע, ווו עס האַלטן אָפּ מסתמא זייערע צוזאַמענטרעפן שוואַרצע אומהיימלעכע כוחות פון דער זינדיקער וועלט.

⁂

עס איז צו שטוינען פון דעם, וואָס די געשיכטע קאָן אָפּטאָן. גראָד אין דעם יאָר, ווען דאָס איטאַליענישע פאָלק האָט זיך פאַראייניקט, און דער וואַטיקאַן איז פאַרשווונדן אַלס אַ וועלטלעכע מאַכט, איז דער לעצטער נאַפּאָלעאָן, דער דריטער, דער געפער־לעכסטער פון די נאַפּאָלעאָנישע אַוואַנטוריסטן, געשלאָגן געוואָרן דורך דעם דייטשן אַוואַנטוריסט. די פראַנצייזישע מאָנאַרכיע איז

געפאַלן און די פראַנצייזישע רעפובליק איז געבוירן געוואָרן. אמת, די שחיטה פון די טויזנטער קאָמונאַרן איז געווען אַ שרעקלעכע. אויף פער לאַ שעז אין פאַריז קאָן מען נאָך היינט זען די לעכער פון די מערדערישע קוילן, וואָס האָבן פאַרגאָסן טייכן בלוט פון די פראַנצייזישע רעוואָלוציאָנערן. דער אַוואַנטוריסט און זיין רע־זשים זענען פאַרשווונדן, די יאָרן פון דער נייער רעפובליק זענען געווען שווערע, דער דרייפוס־פּראָצעס האָט זיך געענדיקט מיט חרפה פאַר דער מיליטערישער קליקע.

נאַפּאָלעאָן דער דריטער איז געווען אַ געשווירענער שונא פון דעם איטאַליענישן „ריסאָרדזשימענטאָ" און זיין אַוואַנטוריס־טישע אַמביציע איז געווען צו שטיצן דעם וואַטיקאַן און ניט דער־לאָזן אַז דאָס איטאַליענישע פאָלק זאָל אויפלעבן אַלס אַ פאַראיי־ניקטע נאַציאָנאַלע איינהייט. דער אַוואַנטוריסט האָט ניט דער־לעבט צו זיין אַן עדות פון דעם פראַנצייזישן רענעסאַנס, ווען פראַנקרייך האָט אַנולירט דעם אַלטן קאָנקאָרדאַט צווישן נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן און דעם וואַטיקאַן ; ווען דער רוקנביין פון דער יעזו־איטן־מאַכט איז געבראָכן געוואָרן און די יעזואיטן זענען געלאָפן פון פראַנקרייך, געראַטעוועט זיך פון צאָרן פון פאָלק. די מלוכה האָט זיך באַפרייט פון דער קירכע, פון די בורבאָנען און פון די באָנאַפּאַרטיסטן.

***

אין יאָר 1866 האָט פּרייסן, אין אַ קורצער מלחמה, געשלאָגן עסטרייך־אונגאַרן. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט עסטרייך זיך גע־מוזט אָפּטראָגן פון דער איטאַליענישער לאָמבאַרדיע. אייגנטלעך איז דער „אייזערנער קאַנצלער" ביסמאַרק געווען אַ פאָרגייער פון היטלערן. די פּרייסיש — פראַנצייזישע מלחמה אין 1870 איז פּאַקטיש אויסגעבראָכן אַלס רעזולטאַט פון ביסמאַרקס אַ שווינדל, וועלכער איז באַקאַנט אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען „די געפעלשטע טעלעגראַמע פון עמס", ווען די פראַנצייזישע אַרמיי איז געשלאָגן געוואָרן ביי סעדאַן און גענומען געוואָרן אין געפאַנ־גענשאַפט צוזאַמען מיט נאַפּאָלעאָן דעם דריטן, האָבן די זיגער

פראָקלאַמירט די גרינדונג פון דייטשן רייך. די דאָזיקע צערעמאָניע איז פאָרגעקומען אין שפּיגל־זאַל פון ווערסאַלער פּאַלאַץ — אַנ־דערש האָט זיי ניט געפּאַסט! אין דעם זעלבן זאַל האָט אין ווײַ־ניקער ווי אין פופציק יאָר אַרום, נאָך דעם סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, דער דייטשער דעלעגאַט בראָקדאָרף רענצלאַו גע־חלשט ביים אונטערשרייבן דעם ווערסאַלער שלום־אָפּמאַך. דאָס אַלץ איז אָבער ניט געווען גענוג פאַר דעם מיליטאַנטישן פּאַן־גער־מאַניזם, וועלכער האָט אין אַ פופצן יאָר שפּעטער אויסגעוויילט אַלס זיין פירער דעם פאַרברעכער היטלער...

דאָס איז דער גאַנג פון דער געשיכטע פאַר די לעצטע הונ־דערט יאָר. אָט האָט פיל פּאַסירט אין די הונדערט יאָר. נאָך די הונדערט יאָר איז די קאַטוילישע קירכע געבליבן בלויז אַ קירכע און אפילו די וואַטיקאַן־„אַרמיי" איז פאַרשוווּנדן. צי איז אָבער פאַרשוווּנדן דער פּאַן־גערמאַניזם? ניין, ער איז נאָר דערוויַיל פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ מערב־דייטשלאַנד פון איין זייט און אין אַ קאָמוניסטיש־נאַצי־דייטשלאַנד אונטער סאָוויעטישער הערשאַפט פון דער צווייטער זייט. אמת, צווישן זיי איז פאַראַן אַ מויער... אויך אַנדערע לענדער זענען אַדורכגעגאַנגען זייער שטיקל היסטאָרישן וועג: איטאַליע האָט אָפּגעמאָזלט מיט פאַשיזם, פראַנקרייך מיט גאָליזם און נאָך פריער, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז פאַרשוווּנדן די עסטרייך־אונגאַרישע אימפּעריע.

וואָס־זשע איז יאָ פאַראַן אין דער היינטיקער וועלט אַ חוץ אַמעריקע אין דעם רעשט פון דער אַמאָליקער גרויס־בריטאַניע? עס איז פאַראַן דער בונד פון סאָוויעטישן פּאַן־סלאַוויזם, מיט דעם אויפגעקומענעם טרוים פון פּאַן־אַראַביזם. די צוקונפט פון די צוויי רעפּובליקן, איטאַליע און פראַנקרייך, וואָס פייערן זייער הונדערט־יאָריקן יובל איז ניט קיין הונדערט־פּראָצענטיק זיכערער און קלאָ־רער. איינס איז נאָר זיכער: דאָס וואָס דאַרף אונטערגיין, וועט אונטערגיין און דאָס וואָס דאַרף לעבן און בויען — וועט לעבן און בויען.

(„לעצטע נייעס", דעם 9־טן אָקטאָבער 1970)

## נײַנציק יאָר „אָרט"־אַרבעט

די „אָרט"־אָרגאַניזאַציע, די עלטסטע און גרעסטע, אפשר אויך די אַקטיװוסטע ייִדיש־אינטערנאַציאָנאַלע אינסטיטוציע פאַר פאַך־אויסבילדונג, גרייט זיך צו אַ גרויסן קאָנגרעס הײַנטיקן חודש נאָ־וועמבער אין גענף, שווייץ. די „אָרט"־אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין אַלטן רוסלאַנד אין 1880 און עקסיסטירט ניט הײַנט אין דעם נײַעם סאָוויעט־רוסלאַנד, גייט פײַערן דעם וויכטיקן יובל מיט, אַזוי צו זאָגן, אַן עקסטראַ ספּעציעלן „עמוירד־זשענסי"־קאָנגרעס. עס זענען הײַנט אין דער גאַנצער וועלט עמוירדזשענסי־אומשטענדן, עמוירדזשענסי־צײַטן...

דער „אָרט" אַרבעט הײַנט אין צוויי און צוואַנציק לענדער, האָט הונדערטער שולן, ניט קיין קורסן פאַר קורץ־טערמיניקער פאַך־אויסבילדונג, האָט אין זיי קנאַפּע זעכציק טויזנט שילערס. אין מדינת ישׂראל אַליין האָט דער „אָרט" ערשטקלאַסיקע קנאַפּע זעכציק פּראָפעסיאָנעלע שולן מיט אַן ערך פינף און צוואַנציק טויזנט שילערס. עס וועט ניט זײַן איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז די „אָרט"־אַרבעט אין דעם נײַעסטן ייִדישן ישוב איז דער הויפּט־קוואַל פון אויסגעבילדעטע און טעכניש גוט צוגעגרייטע אַרבעטערס, זייער אַ וויכטיקער בײַטראַג צום בויען דאָס לאַנד.

ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז דער קערן פון דער אָרגאַ־ניזאַציע אין רוסלאַנד האָט איבערגעלעבט צוויי וועלט־מלחמות און דעם שרעקלעכן רוסישן בירגער־קריג, וואָס זײַן גלײַכנס איז שווער צו געפינען אין דער געשיכטע, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן פאַר דעם רוסישן ייִדישן

ישוב מיט אַן אַלגעמיינעם פּאָגראָם און מיט אַ גירוש פון זעקס הונדערט טויזנט יידן פון פּוילן, ליטע און די באַלטישע פּראָווינצן, ווען אַזוי גוט ווי אַלע יידישע אינסטיטוציעס אין לאַנד זענען צע־שטערט און אומגעבראַכט געוואָרן, איז דאָס אַ וווּנדער פון ווונ־דער, אַז דער „אָרט״לעבט היינט און אַרבעט.

עס איז ניט אינטערעסאַנט אָפּצושטעלן זיך אויף די אומ־שטענדן פון דער געבורט פון „אָרט״ אין אַלטן רוסלאַנד מיט ניינ־ציק יאָר צוריק און דעם אונטערגאַנג פון „אָרט״ אין סאָוויעט־רוס־לאַנד אין 1938, דאָס הייסט, מיט צוויי און דרייסיק יאָר צוריק. דעמאָלט מיט ניינציק יאָר צוריק, איז געווען די אָנהייב־עפּאָכע פון רוסלאַנדס אינדוסטריאַליזאַציע. די אַזוי גערופענע „עפּאָכע פון גרויסע רעפאָרמען״, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער באַ־פרייאונג פון דער פויערים־שקלאַפעריי אין 1861 און האָט זיך געענדיקט מיט דעם מאָרד פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן אין 1881, האָט געפירט צו דער גרויסער פּאָליטישער ערד־ציטערניש אין אַלטן רוסלאַנד. מאַסן פּאָגראָמען אויף יידן האָבן דעמאָלט פאַר־פלייצט דאָס גאַנצע לאַנד און גראַף איגנאַטיעוו, דער נייער אי־נערן־מיניסטער, האָט אונטערגעשריבן די באַרימטע „צייטווייליקע רעגולאַציעס״, וואָס האָבן מיט אַמאָל פאַרוואַנדלט רוסישע יידן אין בירגער פון אַ נידעריקערן קלאַס. אויפן טראָן איז געזעסן אַלעק־סאַנדער דער דריטער, אַ גראָביאַן, אַן איגנאָראַנט און זיין וויכ־טיקסטער פאַרטרויאונגס־מאַן און ראַטגעבער איז געוואָרן פּאָביעדאָ־נאָסצעוו, דער פּראָקוראָר פון דעם הייליקן סינאָד, אַן אמתער שוואַרצער אינקוויזיטאָר. איגנאַטיעוו איז געווען אַ דיפּלאָמאַט, קיין מאָל ניט געהאַט צו טאָן מיט אינערלעכער פּאָליטיק. נאָך אַ קאָנ־פליקט מיט דעם צאַר האָט ער פאַרלאָזן דעם פּאָסטן פון אינערן־מיניסטער זייענדיק אויפן פּאָסטן ווייניקער פון אַ יאָר. זיין זון, דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון קיעוו און שפּעטער דער לעצ־טער בילדונגס־מיניסטער פון דעם לעצטן צאַר ניקאָלאַי דער צוויי־טער, שרייבט אין זיינע זכרונות — וואָס דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט אַ געלעגנהייט צו לייענען אין אָריגינאַל, — אַז זיין פּאָטער האָט אונטערגעשריבן די „צייטווייליקע רעגולאַ־

ציעס״ („ווֹרעמיענאַ פּראַווילאַ״) ווייל מען האָט אים געהייסן אונ־טערשרייבן...

נאָך דער „עפּאָכע פון די גרויסע רעפאָרמען״ איז געקומען די „עפּאָכע פון פּאָביעדאָנאָסצעוו״, דאָס הייסט, פון אַ פינצטערער רעאַקציע.

אויף די פּאָגראָמען, אויף דער אָפיציעלער אַנטיסעמיטישער פּאָ־ליטיק פון דער רעגירונג האָט דאָס רוסישע יידנטום געענטפערט מיט אַ מאַסן־אויסוואַנדערונג. מען איז געלאָפן ביז הונדערט און פופציק טויזנט נפשות אַ יאָר. ווי אָפט אין דער יידישער געשיכטע איז די גרויסע מאַסן־אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד געווען אייגנט־לעך אַ גליק פאַר דעם יידנטום; עס זענען געראַטעוועט געוואָרן מיליאָנען יידן פון שווערע פאַרפאָלגונגען און עס זענען מיט זייערע הענט געבויט געוואָרן די נייע יידישע ישובים — אין צפון־אַמע־ריקע און אין קאַנאַדע, אין דרום־אַמעריקע און אין דרום־אַפריקע, אין אויסטראַליע און דערצו נאָך — מדינת ישראל. מיר מעגן זאָגן, אַז אונדזער מאַסן־וואַנדערונג האָט קאָנסאָלידירט און סטאַביליזירט דאָס וועלט־יידנטום.

די געשיכטע פון דער יידישער מאַסן־וואַנדערונג איז נאָך ניט געשריבן. בשעת דעם גרויסן כאָאָס אין אַלטן רוסלאַנד, דעם עקאָנאָמישן און הויפּטזאַכלעך פּאָליטישן כאָאָס, זענען יידן ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. די אַלטע ישובים און זייערע מנהי־גים האָבן נישט געוואָלט סתם אונטערגיין, ווייל דאָס וואָלטן גערן געוואָלט דערלעבן רוסישע סאַמאָדערזשאַוויע און פּראַוואָסלאַוויע. מען האָט געבויט שולן, מען האָט דערצויגן דעם יונגן דור און איידער דער „אָרט״ איז געבוירן געוואָרן האָט אָדעס געהאַט אַ יידישע באַקאַנטע שולע פאַר פאַך־אויסבילדונג „טרוד״ („אַרבעט״). געווען אויך אין אַנדערע שטעט קלענערע פאַך־שולן. קיין פּלאַנ־מעסיקע, סיסטעמאַטישע פאַך־אויסבילדונגס־אָרגאַניזאַציע, ווי מען קען היינט די „אָרט״־אָרגאַניזאַציע, האָט מען נאָך ניט געקאָנט לאָזן פונקציאָנירן, הגם די דערלויבעניש פאַר אַזאַ אַרבעט האָט מען באַקומען אין 1880, און יידן אין אַלע עקן פון רוסלאַנד האָבן

תיכף גענומען ביישטייערן מיט אַ סך מיטלען צום אָנהייב פון דער אַרבעט.

די יידישע עקאָנאָמיק, וועגן וועלכער יידן און ניט־יידן האָבן וויניק געשריבן, איז שפּאַנענד אינטערעסאַנט. גראָד אין דעם יאָר־הונדערט פון יידישער עמאַנציפּאַציע, ווען אונדזערע פאַרפאָלגטע און פאַראָרעמטע מאַסן זענען ס׳רוב באַשטאַנען פון קבצנים און יורדים, האָבן מיר געהאַט אין פאַרשידענע לענדער ניט בלויז גבי־רים און מאַגנאַטן, נאָר אויך וויכטיקע פירערס און גייסטרייכע כלל־טוערס מיט גרויסע פּאָזיציעס און אָפיציעלע שטעלעס, אָבער אויך אידעאַליסטן־מאַגנאַטן. גראָד אין די פינצטערע יאָרן זענען מיר געבענטשט געוואָרן מיט צוויי באַראָנען: באַראָן האָראַצי גינזבורג אין רוסלאַנד, באַראָן מאָריס הירש אין דייטשלאַנד, ביידע גע־הויבענע גייסטער, ביידע איבערגעגעבן די אינטערעסן פון זייער „אויסגעוויילטן״ און גענוג געפּלאָגטן פאָלק.

פון אַ גאַנץ ספּעציעלן ווערט איז דער אויפטו פון באַראָן הירש, דעם גרינדער פון דער „יידישער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט״ (ייק״א). ער איז טאָקע ניט געווען קיין וויסנשאַפטסמאַן ווי דער גדול בישראל קאַרל מאַרקס, וועמענס יידישע אַרטיקלען אין דער „ריינישער צייטונג״ שמעקן מיט דעם ריח פון היינטיקן סאָוויע־טישן קאָמוניזם, אָבער אַלס אַ גרויסער מאַגנאַט, דערצויגן אין אַ טראַדיציאָנעלער יידישער היים און טיף געוויטיקט מיט דיליידן פון יידן, האָט ער זיך דערטראַכט צו זיין אייגענער אידעע פון לייזן כאָטש טיילווייז דאָס יידישע פּראָבלעם: צונעמען יידן פונעם רוסישן גלות, לערנען זיי באַאַרבעטן די ערד, קאָלאָניזירן זיי אין קאַנאַדע, אין דרום־אַמעריקע, אין צפון־אַמעריקע, איבער־בויען זייי עקאָנאָמיש. דאָס איז געווען אַ געזונטע אידעע. קאַרל מאַרקס, איז געזעסן צענדלינגער יאָרן אין בריטישן מוזעאום אין לאָנדאָן, געזוכט פאַר זיך דאָס אָפּשטויסנדיקע געשפּענסט פון יידי־שע קאַפּיטאַליסטן, אָבער ניט געזוכט קיין יידישע אָרעמקייט. קראָ־פּאָטקין וועלכער האָט אויך צענדלינגער יאָרן געלעבט אין לאָנדאָן האָט יאָ געהאַט אַ שייכות צו די יידישע אַרבעטערס, געלעבט מיט

זיי און צווישן זיי, געקענט זייערע ליידן, און זייער אָרעמקייט. אויך פערדינאַנד לאַסאַל, דער ברילאַנטענער סאָציאַליסט פון אַ יידישער משפּחה אין ברעסלאַו, האָט געהאַט טענות צו יידן און איז אַוועק פון יידנטום און סוף כל סוף פאַרשפּילט זיין לעבן אין אַ לייכט־זיניקן און, מען מעג זאָגן, ניט זייער ווירדיקן שפּיל. דערפאַר האָט באַראָן הירש, געבוירן אין מינכן אין יאָר 1831, אין אַ צייט נאָך דעם ווינער קאָנגרעס (1815), ווען די דייטשן האָבן געהאַט חשק אַריינצוטרייבן יידן צוריק אין די געטאָס, וואָס נאַפּאָלעאָנס מאַרש אין אייראָפּע האָט אומגעוואָרפן, איז געווען אַ רואיקער דענקער. נאָך זיין טויט אין 1896 איז געבליבן אַ גרויסע ירושה פון קאָנ־סטרוקטיווע פונדאַציעס אין אַ סך לענדער. חוץ די קאָלאָניעס אין אַרגענטינע און קאַנאַדע, די וויכטיקסטע פון זיי די „יידישע קאָלאָ־ניזאַציע־געזעלשאַפט" (ייק"א).

קאָלאָניזאַציע, בפרט קאָלאָניזאַציע פון אייראָפּעער אין פריי־וואַטע אומשטענדן אין דרום אַמעריקאַנער לענדער מיט הונדערט יאָר צוריק, איז געווען אַ שווערער פּראָצעס און באַראָן הירשס אָנהייב־קאָלאָניזאַציע פון רוסישע יידן אין אַרגענטינע איז ניט אָנ־געגאַנגען אָן שוועריקייטן און אָן אַ שאַרפער קריטיק. אָבער די קריטיקער זענען ס'רוב אויך ניט געווען קיין גרויסע קענערס פון די ספּעציעלע פּראָבלעמען. איך האָב אין זינען די צוויי פאַר־שטאָרבענע גוטע פריינד מיינע, נאמבערג און לעאָ כאַזאַנאָוויטש, פיינע יידישע פערזענלעכקייטן און איבערגעגעבענע מיט לייב און לעבן שרייבערס און טוערס. אויב אפילו עס זענען באַגאַנגען גע־וואָרן געוויסע פעלערן מצד דער ערשטער ייק"א־אַדמיניסטראַציע אין אַרגענטינע, אויך ניט קיין דערפאַרענע קאָלאָניזאַטאָרס, איז די קריטיק געווען צו היסטעריש און צו טומלדיק. די געשיכטע האָט באַוויזן, אַז די קאָלאָניזאַציע איז געווען אַ באַדייטנדער דערפאָלג. באַראָן הירשס אידעען זענען אין תוך געווען דורכגעטראַכט, ער האָט אַריינגעלייגט אין זיינע פּראָיעקטן אַ פילפאַך מיליאָנענדיקן פאַרמעגן און זיך אַליין.

דער „אָרט" אין רוסלאַנד איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן

אין דער סביבה פון די אייגענע מנהיגים, וואָס זענען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ייק״א אין פּע־טערסבורג. און דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ייק״א איז ניט געווען, ווי מען האָט געקאָנט מיינען, סתם אַ רייכע פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפט פאַר אָרעמע יידן, נאָר אַ גרויסע אינסטיטוציע מיט אַ וויכטיקן פּראָגראַם פאַר סאָציאַלער הילף: אַן אָפּטיילונג פאַר עמי־גראַציע, אַן אָפּטיילונג פאַר קאָלאָניזאַציע און לאַנדווירטשאַפט, אַן אָפּטיילונג פאַר קאָאָפּעראַטיוון און ביליקן קרעדיט, אַן אָפּטיילונג פאַר סטאַטיסטיק און אַ גרויסע אָפּטיילונג פאַר אויסבילדונג. אין דער אָפּטיילונג פאַר קאָאָפּעראַטיוון האָט געאַרבעט איינער פון אונ־דזערע גלענצנדע עקאָנאָמיסטן און שרייבערס, ד״ר חיים דוב הור־וויטש, אַ פּיליאַריקער פּובליציסט אין „פריינד״ און אין דער „צוקונפט״ אונטער דעם נאָמען „אַ סוחר״. ער האָט געשאַפן אַ גרויסע ליטעראַטור אויף יידיש וועגן קאָאָפּעראַציע. אין דער אָפּ־טיילונג פאַר לאַנדווירטשאַפט און סטאַטיסטיק האָט אַ פירנדיקע ראָלע געשפּילט פּראָפ. בער ברוצקוס. דער שרייבער פון די שורות האָט קנאַפּע פינף יאָר רעדאַגירט אַ האַלב־חודשלעכע שריפט אויף יידיש „דער יידישער עמיגראַנט״. ביי יעדער פון די אָפּטיילונגען האָבן מיטגעאַרבעט אַלס פרייוויליקע ראַטגעבערס באַקאַנטע כלל־טוערס און פאַכלייט. מיט דער סעקציע פאַר אָרגאַניזירן די אויס־וואַנדערונג האָט יאָרנלאַנג אָנגעפירט דער באַקאַנטער עטנאָלאָג און לעצטער מיטגליד פון דער אַמאָליקער רעוואָלוציאָנערער אָר־גאַניזאַציע „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״, מ. קראָל.

עס איז געווען אַן אמת יידיש מיניסטעריום און ביז צו די וואַלן אין דעם ערשטן רוסישן פּאַרלאַמענט („גאסודארסטווענאיא דו־מאַ״) האָט מיט דער גאַנצער אַרבעט אָנגעפירט דער באַקאַנטער יידישער כלל טוער לעאָ בראַמסאָן. ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אין דער ערשטער דומאַ און פאַרלאָזן די ייק״א.

לעאָ בראַמסאָן איז מיט זיין גאַנצן לעבן און וועזן איבערגע־געבן געווען די פּראָבלעמען פון יידישער פאַך־אויסבילדונג. ער איז אויך געוואָרן דער ערשטער און וויכטיקסטער פירער פון דעם

„אָרט“, ווען די אָרגאַניזאַציע האָט נישט געקאָנט מער אָנגיין מיט דער אַרבעט אין רוסלאַנד. איר צענטראַל־קאָמיטעט איז ביז צום אָנקומען פון היטלערן געווען אין בערלין, געוואָלגלט קיין פּאַריז, קיין מאַרסעיל, דאָ, אין מאַרסעיל, בשעת אַ זיצונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט איז לעאָ בראַמסאָן געשטאָרבן. די פירערשאַפט איז געבליבן אין די הענט פון זיינע צוויי נאָענטסטע מיטאַרבעטער, ד״ר ד. לוואָוויטש און א. סינגאַלאָווסקי.

***

ניטאָ היינט קיין „אָרט“־שולן אין רוסלאַנד. אין מאַראָקאָ, אין טוניס, אין טעהעראַן, אין באָמביי — זענען זיי יאָ דאָ, אָבער ניט אין רוסלאַנד. פון 1928 ביז 1938 זענען געווען דאָרט „אָרט“־שולן, לויט אַן אָפּמאַך מיט דער סאָוויעט־רעגירונג און אונטער דעם קאָנטראָל פון דער סאָוויעט־רעגירונג, אָבער אין 1938 האָט מען ליקווידירט די אָרגאַניזאַציע, צוגערויבט דאָס טייערע פאַרמעגן, ליקווידירט די פירערשאַפט. ניטאָ מער קיין „אָרט“ דאָרט, ווו עס לעבן איבער דריי מיליאָן יידן.

דערפאַר אַרבעט די לעצטע צוואַנציק יאָר אין אַניער, אַ פאַר־שטאָט פון זשענעווע, אַ פּראַכטפולער „אָרט“־אינסטיטוט פאַר צוגרייטן ספּעציאַליסטן־אינסטרוקטאָרן פאַר די שולן פון דער אָרגאַניזאַציע. איצט גרייט מען זיך צו פאַרגרעסערן דעם אינסטיטוט.

און נאָך עפּעס וויכטיקס; ווי אַלע „אָרט“־שולן אַזוי איז אויך דער אינסטיטוט אָפן פאַר יידן און פאַר ניט־יידן, אפילו פאַר אַראַ־בער. צווישן די שילערס פון דעם אינסטיטוט זענען די מענטשן פון אַלע קאָלירן און אַלע פילן זיך ווי ביי זיך אין דער היים.

דאָס גרויסע פּראָבלעם, דאָס גרעסטע, איז די צוקונפט, און ניט נאָר די יידישע צוקונפט.

(„דער וועקער“, דעם 17־טן סעפּטעמבער 1970)

# פון פידעל קאַסטראָ ביז יאַסער אַראַפאַט

אייגנטלעך וואָלט איך געדאַרפט זאָגן: — פון באַטיסטאַ ביז ד"ר כאַבאַש...

די נייע סענסאַציע וועגן דער סאָוויעטישער אַוואַנטורע אין קובאַ איז גאָר ניט קיין סענסאַציע און אויף וויפיל עס קלינגט ווי אַ סענסאַציע איז דאָס ניט קיין נייע אַוואַנטורע. עס איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד, אַז איידער דער רוסישער קאָמוניזם האָט נאָך לאַנגע טראַכטענישן און פאָרשונגען באַשלאָסן, אַז פידעל קאַסטראָ טויג זיך אויס פאַר דער רוסישער פּאָליטיק קעגן אַמע־ריקע, האָבן זיי זיך געהאַט פאַרבונדן מיט קאַסטראָס פאָרגענגער באַטיסטאַ, וועלכער איז מיט רעכט אָדער אומרעכט באַטראַכט גע־וואָרן פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלן פאַרברעכער.

פאַר דעם סאָוויעטישן רעזשים וועלכער האָט געקאָנט שיקן אַ געדונגענעם מערדער קיין מעקסיקע אויף צו הרגענען טראָצקין, איז דער פּרעסטיזש פון באַטיסטאַ געווען אַ גרויסע מעלה. וויכ־טיק איז דערנאָך נאָר געווען איבערצוצייגן זיך אַז פידעל קאַסטראָ קען די מלאכה ניט ערגער ווי באַטיסטאַ. ווען מ'האָט זיך אין דעם איבערצייגט, האָבן זיך טיר און טויער פון קרעמל געעפנט פאַר דעם נייעם מושל פון קובאַ. עס האָט געהייסן אַז אַלע אַוואַנ־טורעס פונעם קובאַנער העלד פירן דירעקט צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין דער גאָרער וועלט. און זאָל לעבן פידעל קאַסטראָ!

עס איז ערשט אַרויס אין לאָנדאָן אַ בוך פון צוויי ענגלישע שרייבערס — וויליאַם היילענד און ריטשאַרד וו. שרייאַק — און־

טערן נאָמען „דאָס פּאָלק פון כרושטשאָוו״. עס איז אַ דאָקומענ־טאַציע פון ניקיטאַ כרושטשאָווס קאַריערע. ער ווערט געוויזן טאָג נאָך טאָג, פון נאָך סטאַלינס טויט אין חודש מערץ 1953, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן הינטער די קוליסן דאָס רייסעניש פאַר דעם פּאָסטן פון דיקטאַטאָר אין דער קאָמוניסטישער סאַמאָדיערזשאַוויע ביז צו דעם צוזאַמענשטויס צווישן אים, ניקיטאַן, מיט פּרעזידענט דזשאָן קענעדי צוליב די רוסישע ראַקעטן וועלכע ער האָט געוואָלט אַוועקשטעלן אין קובאַ. כרושטשאָוו האָט דאַן געוואָלט שרעקן די אַמעריקאַנער מיט אַ צוזאַמענשטויס, וואָס האָט זיך פאַר אים, דעם געוועזענעם אוקראַאינישן מושל, געענדיקט מיט אַ פּאַטש אין פּנים. דער קאָמפּלאָט וועלכן רוסלאַנד האָט געפירט אַרום קובאַ האָט נאָך אַלעמען געפירט צום פאַלן פון ניקיטאַ כרושטשאָוו. עס איז דאָ אַ מיינונג אַז אַלע פאָרשער פון דעם מיסטעריעזן מאָרד פון דזשאָן קענעדי זענען באַגאַנגען אַ גרויסן פעלער ניט אויס־פאָרשנדיק ווי עס דאַרף צו זיין די מעגלעכקייט פון אַ סאָוויעטישן נקמה־אַקט פאַר דער קובאַ־מפּלה, וועלכע זיי האָבן געליטן. עס לייגט זיך אויפן שכל, אַז די מאָרד־צענטראַלע אין מאָסקווע, וואָס האָט געקאָנט אָפּרוימען פון וועג אַ שונא וואָס איז אַנטלאָפן פון מאָסקווע, האָט אויך געקאָנט אָרגאַניזירן דעם מאָרד פונעם אַמע־ריקאַנער פּרעזידענט וואָס איז געפאָרן אין אַן אָפענעם אויטאָ...

נאָך אַלעמען איז דזשאָן קענעדי געווען פאַר סאָוויעט־רוס־לאַנד אַ גרעסערע סכנה ווי לעאָן טראָצקי.

דאָס נייע ענגליש־אַמעריקאַנער ווערק וועגן ניקיטאַ כרוש־טשאָוו לייענט זיך ווי אַ קרימינאַל־ראָמאַן פון דער אונטערוועלט. עס איז אמת, אַז קיין קרימינאַל־געשיכטע אויסגעטראַכט פון שריי־בער קאָן ניט אַרויסרופן אַזאַ שפּאַנונג ווי די היינטיקע רעאַליטעטן אין דער סאָוויעטיש־אַראַבישער אונטערוועלט. לאָמיר בלויז דער־מאָנען דאָס פאַרכאַפּן פון פיר ריזיקע עראָפּלאַנען מיט עטלעכע הונדערט ציווילע פּאַסאַזשירן, און דאָס אויפרייסן די פלי־מאַשינען, דאָס אַרעסטירן אַ הונדערט קאָרעספּאָנדענטן, אַ בירגער־קריג מיט עטלעכע טויזנט דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע. דאָס בוך גיט

אונדז געגויע דאַטעס און סאָוויעטישע אינפאָרמאַציעס, וואָס קיין „פּראַוודאַ״ אָדער „איזוועסטיאַ״ קאָנען ניט אָפּלייקענען, די דאַטעס און אינפאָרמאַציעס זענען היינט פון אַ באַזונדערן ווערט ווען די סאָוויעטישע רעגירונג האָט באַשלאָסן, אַז איצט איז די בעסטע צייט איבערצוחזרן די אַוואַנטורע אין קובאַ. אַ גאַנצע עסקאַדרע פון רוסישע קריגס־שיפן איז אָנגעקומען קיין קובאַ און אויך אונטערוואַסער־שיפן זייערע זענען אַנטפּלעקט געוואָרן אין קאַ־ראַאיבישן ים דורך דעם אַמעריקאַנער ים־פּלאָט בשעת די ים־מאַנעוורעס.

די דאָזיקע סענסאַציאָנעלע געשעענישן, אומעטום פּראָוואָצירט דורך סאָוויעט־רוסלאַנד, שפּילן זיך אָפּ ווי אין אַ קרימינאַל־פּילם. די קאָמוניסטישע לענדער פון „וואַרשעווער פּאַקט״, האָבן מיט אַ קורצער צייט צוריק פאַרענדיקט מאַנעווערס אין טשעכאָסלאָוואַ־קיע; איצט קומען פאָר מאַנעוורעס אין פּוילן און אויך אין די איבעריקע קאָמוניסטישע לענדער. אומעטום קאָמאַנדעוועט גרעטש־קאָ, דער סאָוויעטישער קריגס־מיניסטער.

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט דער פּענטאַגאָן, דאָס אַמערי־קאַנער קריגס־מיניסטעריום געמאָלדן — פאָרזיכטיק אָבער אָפּי־ציעל — וועגן דעם באַזוך אין קובאַ פון דער רוסישער עסקאַדרע און דערביי דערמאָנט דעם באַזוך פון גרעטשקאָ אין קובאַ מיט אַ חודש פריער. די דאָזיקע נייעס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אינ־טערנאַציאָנאַלע אויפרעגונג, אָבער מאָסקווע שווייגט.

וואָס קומט פאָר אין מאָסקווע? פאַר די פּראָפעסיאָנעלע פּאָ־ליטישע אָבסערוואַטאָרן, וואָס זענען גוט אינפאָרמירט וועגן דעם פערמאַנענטן קאַמף און אינטריגעס אין קרעמל, איז ניטאָ קיין שום צווייפל, אַז די מיליטער־קליקע טוט אירס און רעכנט זיך ניט מיט דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג. די לעצטע היט זיך מיט יעדן טריט און שריט, מיט יעדן וואָרט בפרט איצט, ווען די אַראַבישע קליענטעלע איז אַרויס פון די כלים און לאָזט זיך ניט אַזוי גרינג קאָנטראָלירן און נאָך וויניקער דיריגירן.

די סאָוויעטישע רעגירונג געפינט זיך אין אַ טאָפּלטער

קלעם: זי האָט זיך געשאַפן אַ נייעם פראָנט אין קובאַ און איז דורכגעפאַלן אויף איר אַראַבישן פראָנט. זי האָט געפּרוווט צו פאַר־רעדן די ציין אין וואַשינגטאָן און פראָוואָצירט פּרעזידענט ניק־סאָנס רייזע קיין אייראָפּע, זיין באַזוך אין מיטללענדישן ים אָן צו זיין אין פּאַריז און דאָס ניט געקוקט אויף אַלע באַמיאונגען פון דער פראַנצייזישער רעגירונג. סיי די סאָוויעטישע רעגירונג און סיי די פראַנצייזישע וועלכע איז אַן אויסגעשפּראָכענע גאָליס־טישע רעגירונג מיט אַלע קונצן פון דע גאָל — האָבן באַקומען צו וויסן אַז צו די סאָוויעטישע פּראָוואָקאַציעס אין מיטללענדישן ים און אין קובאַ מוז נעמען אַ סוף אויב אַלע צדדים ווילן אויס־מיידן אַ נייע וועלט־מלחמה מיט דער באַטייליקונג פון אַמערי־קאַנער וואפן.

ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס דער קאַמף צווישן די דעמאָ־קראַטן און רעפּובליקאַנער אין אַמעריקע טראָגט דאָס מאָל אַן אויסערגעוויינטלעך שאַרפן כאַראַקטער און די קאַמפּאַניע פאַר די קומענדיקע קאָנגרעס־וואַלן ווערט אַלץ שאַרפער, וועט לגביביידע פאַלן, דאָס מיינט לגבי דער סאָוויעטישער קובאַ־פּראָוואָקאַציע און זייער מאָביליזאַציע אין מיטללענדישן ים, זיין אַ געמיינשאַפטלע־כער פראָנט פון ביידע גרויסע אַמעריקאַנער פּאַרטייען. די קרעמל־פּאָליטיקער האָבן געמאַכט אַ פאַטאַלן טעות אויב זיי האָבן גע־רעכנט אַנדערש. פּרעזידענט ניקסאָן וועט זיכער ניט רעאַגירן פריינדלעכער אויף דער היינטיקער רוסישער פּאָליטיק ווי עס האָט רעאַגירט פּרעזידענט קענעדי אויף כרושטשאָווס פּאָליטיק.

די אַראַבישע טעראָריסטן האָבן, ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק, באַאיינפלוסט צי ניט באַאיינפלוסט דורך רוסלאַנד, צוגעהאָלפן אַז די אַנטפּלעקונג פון די רוסישע מיליטערישע פּראָוואָקאַציעס זאָל ווערן קלאָר פאַר דער גאַנצער וועלט. אפילו אַזאַ פּאָרזיכטיקע צײַ־טונג ווי דער פּאַריזער „לע מאָנד", האָט געמוזט אָנרופן דעם באַ־זוך פון רוסישן פלאָט אין קובאַ אונטער די היינטיקע אומשטענדן, אַלס פּראָוואָקאַציע.

אַזוי ווי איצט איז אַלץ קלאָר, אַז עס וועט מוזן קומען צו אַ

„קאָנפראָנטאַציע״ — דאָס איז אַ ניי וואָרט וואָס דינט סיי פאַר אַ קאָמפּלעטער פאַרשטענדיקונג ווי פאַר מלחמה — זענען מיר ערב וויכטיקע געשעענישן. די שרעקלעכע בלוט־פאַרגיסונג אין יאָרדאַניע, האָט געמאַכט דעם געהעריקן איינדרוק ניט נאָר אויף דער עפנטלעכער מיינונג פון דער גרויסער וועלט, נאָר אויך אויף דער אַראַבישער וועלט. דאָס זענען מער ניט קיין לאָקאַלע אָדער רעגיאָנאַלע פּראָבלעמען — דאָס זענען וועלט־פּראָבלעמען.

(„לעצטע נייעס״, דעם 14־טן אָקטאָבער 1970)

## „נאָך איז פּוילן ניט פאַרלוירן"

אַזוי איז עס שטענדיק ווען עס קומט דער אָנהייב פון דעם סוף. אַזוי איז עס געווען מיט דעם ליד וואָס קלינגט נאָך היינט אין אונדזערע אויערן, „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד, איבער אַלעס". איצט איז עס איינער פון די, וואָס איז ערשט נעכטן געווען אַ תושב אין אוישוויץ און קוים געראַטעוועט זיך פון דייטשן גיהנום, וואָס האָט געגעבן אַ באַפעל פּוילישע סאָלדאַטן צו שיסן אויף פּוילישע אַרבעטער, ווען זיי, די הונגעריקע אַרבעטער האָבן פּראָ־טעסטירט קעגן דער אויסערגעווייִנטלעכער העכערונג פון די פּרייזן אויף לעבנסמיטלען. דאָס איז פּוילישער רענעסאַנס!...

פּוילן וואָס איז היינט אַ רוסישע קאָלאָניע, אַזוי ווי זי איז געווען אַ רוסישע קאָלאָניע אונטער גענעראַל סקאַלאָן, האָט איצט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען ביי ברעזשניעוו און גרעטשקאָ. דאָס לאַנד פון אַ גרויסער אַגריקולטור מוז איצט האָדעווען די אַרמייען פון די לענדער וואָס גייען אַריין אין „וואַרשעווער פּאַקט". מען טראָגט ניט אומזיסט דעם כבוד פון אַ צונעמעניש וואָס הייסט „וואַרשעווער פּאַקט" און וועלכער איז הונדערט פּראָצענט רוסיש־סאָוויעטיש. „זיי", זאָגט מען דאָרט, וועלן אויפעסן גאַנץ פּוילן...

גראָד די וואָכן איז דער קרעמל און די גרעטשקאָ־קאָנספּי־ראַציע שטאַרק באַזאָרגט און צעטומלט. דאָס איז צוליב די לעצטע באַשלוסן פון דער „נאַטאָ"־קאָנפערענץ אין בריסל. די באַשלוסן פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ זענען כמעט אויסגעדריקט אין איין קורצער פאָרמולע, וואָס זאָגט אַז מען לאָזט זיך ניט מער

נאַרן מיט אַלערליי „פאַרהאַנדלונגען". כמעט אַ גאַנץ יאָר זענען אָנגעגאַנגען וויכטיקע סאָוויעטישע מאַנעווערען וואָס האָבן פשוט אָנגעזאָגט אַ גרויסע מאָביליזאַציע פון די סאָוויעטישע מיליטערישע כוחות. און אין מיטן פון די אַלע צוגרייטונגען אַזאַ סקאַנדאַל: די פּוילישע אַרבעטער גייען אַרויס אויף די גאַסן, כדי צו פּראָטעס־טירן קעגן דער העכערונג פון די פּרייזן אויף לעבנסמיטלען! דער ענטפער פון גאָמולקאַ און ציראַנקעוויטש האָט ניט געקאָנט זיין קיין אַנדערער: — שיסן! טויטן! שיסן אָן שום רחמנות!...

די דאָזיקע קנעכט פון דער סאָוויעטישער סאַמאָדזשערזשאַוויע האָבן זיך מיט צוויי יאָר פריער אַקטיוו באַטייליקט אין דעם רו־סישן פּאָגראָם אין טשעכאָסלאָוואַקיע! אַלץ וואָס די סאָוויעטישע אַרמיי טוט, מוזן די פּאָליאַקן מיטמאַכן, אַלץ, וואָס דער אַלטער רוסישער רעזשים האָט אָפּגעטאָן אין פּוילן מוז פאַרגעסן ווערן!... איצט אָבער האָט עס געפּלאַצט.

די וועלט איז דערשיטערט פון דער שרעקלעכער בלוט־פאַר־גיסונג אין פּוילן און זוכט צו געפינען אַ דערקלערונג פאַר דער דראַמע. עס געפינען זיך אַזעלכע חכמים וואָס מיינען, אַז דאָס האָבן די פיינד פון גאָמולקאַ אים אָפּגעטאָן די דאָזיקע אַרבעט, כדי אים צו קאָמפּראָמיטירן פּערזענלעך און אַזוי אַרום אים באַ־גראָבן. דאָס זענען פּוסטע פאַנטאַזיעס. דאָס האָבן די קנעכט פון דער סאָוויעטישער אימפּעריע געשפּילט און איבערגעשפּילט. זיי וועלן ווייטער זיין געצוווּנגען אָנצוגיין מיט דעם שפּיל ווייל זיי זענען זיכער אַז „נאָך איז פּוילן ניט פאַרלוירן...".

כדי צו פאַרענטפערן דאָס ווילדע בלוט־פאַרגיסן זאָגן די הויכגעשטעלטע פּוילישע באַאַמטע, וואָס אַליין געהערן זיי זיכער ניט צו דער סמעטענע פון פאָלק, אַז די דעמאָנסטראַנטן זענען נאָר „כוליגאַנעס" און „אָפּפאַל". דאָס איז די סאָוויעטיש־קאָמוניסטישע דערציאונג. די הונגעריקע דעמאָנסטראַנטן וואָלטן געקאָנט ענט־פערן אויף די מיאוסע זידלערייען: „ווער זענט איר, געהויבענע אַריסטאָקראַטיע פון גאָמולקאַ און מאָטשאַר?". אָבער איצט האַנדלט זיך ניט אין קעגנזייטיקע זידלערייען, איצט גייט אין דער עקסיס־

טענץ פון אַ זעלבסשטענדיק פוילן. די חברה גאָמולקאַ־מאָטשאַר־ציראַנקעוויטש האָבן אונטערגעשריבן זייער אייגענעם טויט־אור־טייל. זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין די פאַרהאַנדלונגען מיט מערב־דייטשלאַנד און געמאַכט דעם אָנשטעל אַז זיי זענען גרייט צו פאַר־געסן אַלץ, וואָס ס׳איז געשען. אַ גאַנץ אומדערוואַרטעטער עפּיזאָד האָט זיי אָבער אָנגעזאָגט, אַז ניט אַלץ איז צום פאַרגעסן. אין דעם לעצטן נומער פון דעם אַמעריקאַנער וואָכנבלאַט „טיים" פאַר־נעמט אַ גאַנצע זייט דאָס בילד פון דעם דייטשן קאַנצלער ווילי בראַנדט, ווי ער איז אויף די קניען פאַר דעם מאָנומענט פון די יידישע מאַרטירער פון וואַרשעווער געטאָ. דערביי זעען זיך אויס די פינצטערע פּנימער פון די וואַרשעווער קאָמוניסטן צו זיין ווי פאַרגליווערט אין אַ פראַגע: וואָס אַ דייטש קאָן זיך דאָס אַלץ דערלויבן!

דאָס ערשטע וואָס די פוילישע רעגירונג האָט געטאָן איז געווען דאָס אַרעסטירן פינף שוועדישע און צוויי דייטשע זשורנאַ־ליסטן, וועלכע האָבן געוואָלט זען פון וואָס און צוליב וואָס איז אין פוילן אויסגעבראָכן דער רעוואָלט און פאַר וואָס עס איז געקומען צו דער בלוט־פאַרגיסונג. שוועדן און דענעמאַרק האָבן דאָס לעצטע יאָר אויפגענומען אין זייערע לענדער אַרום פינף טויזנט פוילישע יידן, וועלכע דער גאָמולקאַ־ציראַנקעוויטש־רע־זשים האָט געצוווּנגען צו אַנטלויפן פון דאָרט. דער פוילישער קאָ־מוניסטישער פּאָליציי־רעזשים מעג זיין זיכער, אַז ניט די שוועדישע און ניט די דענישע פרעסע וועלן זיך דערשרעקן צוליב די אַרעסטן פון זייערע פאַרשטייער אין פוילן. פאַרקערט, די אַרעסטן פון די זשורנאַליסטן אין פוילן וועלן זיין די בעסטע אינספּיראַציע פאַר דער אויספאָרשונג.

***

עס איז אָקאָרשט אַרויס אין ניו־יאָרק אַ בוך געווידמעט דעם לאַנג־פאַרשטאָרבענעם בונדישן ראַטמאַן אין לאָדזש, ישראל ליכ־טענשטיין. פרוי סאָניאַ דובנאָוו־ערליך און ש. מילמאַן — אַ גע־

ווענער ראַטמאַן אין לאָדזש און אַ חבר פון ליכטענשטיין — דער־ציילן וואָס עס האָט זיך אַמאָל אין לאָדזש דערלויבט די פּאָליציי פון צאַרישן רעזשים, שפּעטער די פּוילישע פּאָליצייביים סאַנאַציע־רעזשים, דערנאָך די פּאָליציי בעת דער דייטשער אָקופּאַציע און צו לעצט די פּאָליציי אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. עס איז געווען אַן אָפענער פּאָליציי־באַנדיטיזם, אָבער ציראַנקעוויטש און גאָמולקאַ האָבן איבערגעשטיגן אַלע, זיי האָבן באַפוילן: שיסן, שיסן צו די הונגעריקע דעמאָנסטראַנטן, שיסן שיסן!

מען לייענט דאָס ליכטענשטיין־בוך, מען לייענט ווי דאָס אַלץ וואָלט געשען נעכטן און ניט מיט דרייסיק יאָר צוריק און מער. מען זעט די מערדער, מען זעט זייער צאָרן און מען הערט ווי זיי זינגען נאָך אַלץ — „נאָך איז פּוילן ניט פאַרלוירן!...".

(„אונזער וואָרט", דעם 26־טן דעצעמבער 1970)

# די קאַנאַדער סעפּאַראַטיסטן־דראַמע

## די שולדיקע און די מיט־שולדיקע

### 1.

דער אויפשטאַנד פון די סעפּאַראַטיסטן אין דער פראַנצייזישער פּראָווינץ קוויבעק איז ניט געקומען אין גאַנצן אומדערוואַרטעט. ס'איז אַן אַלטע באַוועגונג פון די פראַנצייזישע איינוואַנדערער אין דער כראָנאָלאָגיש ערשטער פּראָווינץ פון דער קאָלאָסאַלער פראַנ־צייזיש־ענגלישער פעדעראַציע. עס איז אַ לאַנד וואָס איז אויסער־געוויינטלעך רייך מיט אַלע נאַטור־אוצרות, האָט וועלדער, מינע־ראַלן, בערג און טאָלן, טייכן, און אָזיערעס, אַלערליי קלימאַטן. די טעריטאָריע פון קאַנאַדע איז גרעסער פון דעם שטח וועלכן עס פאַרנעמען די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער די באַפעלקערונג אירע איז ניט מער ווי צען אָדער צוועלף פּראָצענט פון דער אַמע־ריקאַנער. אַ דריטל פון דער קאַנאַדער באַפעלקערונג איז פראַנציי־זיש, די איבעריקע צוויי־דריטל — ס'רוב שאָטלענדער, די אמתע בויער פון לאַנד. זיי זענען מענטשן ענערגישע, אומדערמידלעכע און ניט קיין קאַטאָליקן.

די פראַנצויזן, וועלכע האָבן „אַנטדעקט" דאָס דאָזיקע לאַנד, זענען דאָרט קאָלאָניזירט געוואָרן דורך דער פראַנצייזישער קאַטאָלישער אַלט־מאָדישער קירכע פון פאַר דער גרויסער פראַנ־צייזישער רעוואָלוציע. די פראַנצייזישע באַפעלקערונג אין קאַ־

נאַדע ביים היינטיקן טאָג לעבט אַלץ אין די נעצן פון דעם זייער שטאַרק און פעסט אָרגאַניזירטן קאַטאָליציזם, טעכניש כלומרשט מאָדערניזירט, אָבער זייער שטרענג דיסציפּלינירט.

מען מוז זאָגן: צי מען קומט פון אייראָפּע מיט אַ שיף קיין קאַנאַדע און מען פאָרט אַריין מיט דעם הערלעכן, ברייטן וואַסער סאַנט־לאָרענץ, אָדער מען פליט פון ניו־יאָרק קיין מאָנטרעאַל, וואָס עס פאַרנעמט וויניקער פון אַ שעה צייט, דערפילט מען גלייך אַז קאַנאַדע איז ניט „אַמעריקע". דאָס הייסט, עס ליגט אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, עס איז אַ שכן פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן, אָבער עס איז ניט אַמעריקאַנער טעמפּאָ, ניט איבערבאַפעלקערונג, ניט אַמעריקאַנער שווונג — עס איז אַ שטיק אייראָפּע אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, אָדער ביי־אייראָפּע מיט ריזיקע קאַנאַדער קאָרן־פעלדער, ריינער קאַנאַדער פּאָלאַר־לופט. מען ווערט מיט אַמאָל פאַרכאַפּט, פאַסצינירט, אינס־פּירירט.

די גרענעץ צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, דאָס הייסט, פון קוויבעק און מאָנטרעאַל ביז וואַנקוווער און וויקטאָריאַ, איז אַן ערך דריי טויזנט קילאָמעטער די לענג. עס איז ממילא נאָר אַ גרענעץ אַזוי געזאָגט אין דער לופטן וועלכע מען קאָן ניט אָפּהיטן אפילו מיט אַן אַרמיי פון צאָל־באַאַמטע. די מחיצה איז אויסערגעוויינטלעך שטאַרק: דאָ איז קאַנאַדע און דאָרט איז אַמע־ריקע; דאָרט איז דער שמעלץ־טאָפּ פון אַלע פעלקער אין דער וועלט. דאָרט ווייט אַריבער צוויי הונדערט מיליאָן און דאָ נאָר צוואַנציק מיליאָן, צווישן וועלכע אַ דריטל פראַנצייזן־קאַטאָליקן, די איבעריקע — ענגלענדער און נאָר אַ פערטל מיליאָן יידן. פאַר אונדזערע יידישע צופאַסונגס־פעאיקייטן איז קאַנאַדע אַ געבענטשט לאַנד.

דער שרייבער פון די שורות האָט יאָרן־לאַנג אַרומגעוואַנ־דערט איבער דעם לאַנד, באַזוכט דעם מערב פון קאַנאַדע, געווען אין דער פאַנטאַסטיש ריזיקער פּרעריע און ניט נאָר אין די קאָ־לאָניעס וואָס זענען געגרינדעט געוואָרן דורך דער באַראָן הירש־

פונדאַציע נאָר אויך אין עטלעכע סעטלעמענטס פון רומענישע יידן, וואָס זענען געווען גרויסע, דערפאָלגרייכע פערמערס. יידישע איינוואַנדערער זענען שטענדיק גוט אויפגענומען געוואָרן אין קאַנאַדע, אַ לאַנד וואָס האָט זיך תמיד פריינדלעך אָפּגערופן אויף יידישע נויטן, אַ לאַנד וואָס שטיצט אויך אין אַ גרויסער מאָס די אויפבוי־אַרבעט אין מדינת ישראל.

***

די געשיכטע פון קאַנאַדע לייענט זיך ווי אַ שפּאַנענדיקער ראָמאַן. זי הויבט זיך אָן מיט טויזנט יאָר צוריק און איז אַרומגעוועבט מיט לעגענדעס ניט ווייניקער ווי די געשיכטע פון אַמעריקעס אַנטדעקונג. פאַראַן אין איר לעגענדעס וועגן באַרימטע רייזנדער, ווי למשל, דער ענגלענדער דזשאָן קאַבאָט (1497), דער פראַנצויז זשאַק קאַרטיע (1534): דער פראַנצייזישער קאָלאָניזאַטאָר שאַמפּלען (1604) און אַזוי ווייטער. אין יאָר 1604 איז געגרינדעט געוואָרן די שטאָט קוויבעק וועלכע געפינט זיך ביים ברעג פון סאַנט־לאָרענץ. מיט אַכט און דרייסיק יאָר שפּעטער, אין יאָר 1642 איז געגרינדעט געוואָרן די שטאָט מאָנטרעאַל.

פאַר איינעם וואָס האָט געלעבט אַ סך יאָרן אין קאַנאַדע, און געווען דאָרט זייער אַקטיוו, איז שווער צו רעדן וועגן דער אויסערגעוויינטלעכער, פאַרבנרייכער געשיכטע פון דעם לאַנד היינט, בעת די טראַגישע געשעענישן אין קוויבעק. די דערקלערונג פון פּרעמיער־מיניסטער פון קוויבעק בוראַסאַ, אַז עס האַנדלט זיך נאָר וועגן אַ קליינער, נישטיקער גרופּע פון פאַרברעכער, איז ניט אויף אַ האָר איבערגעטריבן. פאַר די לעצטע פופציק, זעכציק יאָר האָט מען אין דער פּראָווינץ קוויבעק אפילו ניט גענומען ערנסט די דאָזיקע נישטיקע גרופּע און באַטראַכט זי ווי אַ קליקע פון אַוואַנטוריסטן. היינט אָבער האָט זיך די צייט געביטן, היינט פאַרכאַפּט מען אין דער לופטן ריזיקע עראָפּלאַנען, מען פאַרכאַפּט מענטשן, מען פאַרלאַנגט אויסלייז־געלט, מען דערשיסט אָן אַ גאָר ניט און אָן אַ פאַר וואָס. דעריבער איז דאָס וואָס עס שפּילט זיך היינט אָפּ אין קוויבעק און מאָנטרעאַל דאָס אייגענע וואָס עס קומט פאַר כמעט

יעדן טאָג אַזוי אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, ענגלאַנד, ווי אין פראַנקרייך.

אַן אינטערעסאַנטן אַרטיקל האָט אָפּגעדרוקט די גרויסע שווייצער־צייטונג „לאַ טריבון דע זשענעוו" פון איר מיטאַרבעטער, וועלכער איז ערשט אָנגעקומען פון יאָרדאַניע. ער איז גראָד דאָרט געווען אין די טעג ווען קוויבעקער סעפּאַראַטיסטן האָבן פּאַרכאַפּט דעם ענגלישן האַנדלס־אַטאַשע. ער שרייבט אין דאָזיקן אַרטיקל וועגן דעם ווי ער האָט אין יאָרדאַניע געטראָפן צוויי קוויבעקער פראַנצויזן וועמענס פאַרשטעלטע נעמען ער ברענגט. די דאָזיקע פראַנצויזן פון קוויבעק האָבן אים דערציילט אַז די דאָרטיקע סעפּאַראַטיסטן, די „פּאַלעסטינעזער" און אייניקע עלעמענטן אין אַנדערע לענדער זענען איצט פאַרבונדן און גרייטן צוזאַמען זייער געמיינזאַמע אַקציע. עס איז מעגלעך אַז דאָס איז ניט מער ווי „ווישפולטינקינג", עפּעס וואָס עקסיסטירט אין זייער פאַנטאַזיע און זיי וואָלטן עס געוואָלט זען אין דער ווירקלעכקייט אָרגאַניזירט. קיין גרויסער אונטערשיד איז אָבער ניטאָ צווישן דעם וואָס די אַראַבישע לופט־פּיראַטן האָבן אָפּגעטאָן און צווישן די שרעקלעכע פאַרברעכנס פון די פראַנצייזישע סעפּאַראַטיסטן אין קוויבעק.

***

די דאָמיניאָן פון קאַנאַדע איז געבוירן געוואָרן אין 1867. אין די קומענדיקע יאָרן, דאָס מיינט, אין די קומענדיקע קנאַפּע דרייסיק יאָר האָט קאַנאַדע איבערגענומען די ריזיקע טעריטאָריע פון „האדסאָןביי קאָמפּאַני" און אַנדערע שטיקער לאַנד, וועלכע האָבן געהערט צו ענגלאַנד. די סטרוקטור פון גאַנצן לאַנד איז געבויט אויף פולשטענדיקער אויטאָנאָמיע פון יעדער פּראָווינץ. פון אַ ספּעציעלער פרייהייט און זעלבשטענדיקייט געניסט קוויבעק. בעת דער קרימינאַל־קאָדעקס פון דעם לאַנד איז געגליכן צו דעם בריטישן קאָדעקס איז דער זעלבער אין קוויבעק געבויט הויפּטזאַכלעך אויף דעם נאַפּאָלעאָנישן קאָדעקס. די פראַנצייזישע שפּראַך איז פּונקט ווי ענגליש אַן אָפיציעלע שפּראַך אין גאַנצן לאַנד...

(„אונדזער וואָרט", דעם 22־טן אָקטאָבער 1970)

## .2

געלט און גאָלד האָבן ניט קיין כאַראַקטער. זיי טראָגן זיך אָפּ אַהין ווו עס ציט זיי דער ווינט פון געזונטער אינוועסטיציע. קאַנאַדע איז אַ הונדערט פּראָצענט אומאָפּהענגיקע מלוכה, זייענדיק אַ פולשטענדיק פרייער מיטגליד פון דעם „בריטיש קאָמאָנוועלט פון פעלקער" און אַ שכן פון דעם מעכטיקן לאַנד, וואָס הייסט די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. אָבער גרויסער קאַפּיטאַל, סיי ענגלישער און סיי אַמעריקאַנער, גאַנץ באַזונדער אינדוסטריעלע אינוועסטיציע, איז פּונקט אַזוי געוווּנטשן, ווי עס איז געוווּנטשן דער פערמאַנענטער שטראָם פון אײַנוואַנדערער, פון געזונטע נײַע מענטשן, וואָס מען דאַרף האָבן כדי קאָנען בויען דאָס ריזיקע פרײַע לאַנד.

די אײַנוואַנדערונגס־פּאָליטיק פון קאַנאַדע האָט שטענדיק געטראָגן אַ באַזונדערן כאַראַקטער: מען האָט געעפנט אויף אַ פּאָר יאָר טיר און טויערן פאַר אַ פרייער מאַסן־אײַנוואַנדערונג און דערנאָך פאַרמאַכט דעם אַרײַנגאַנג אין לאַנד אויף עטלעכע יאָר כדי די נײַ־געקומענע געסט זאָלן זיך אײַנאָרדענען און ווערן אמתע בירגער. נאָך דעם האָט מען ווידער געטאָן דאָס אייגענע. דאָס האָט געהייסן רעגולירן די אײַנוואַנדערונג. אָבער רעגולירן די באַוועגונג פון קאַפּיטאַל קאָן מען ניט אויף אַזאַ אופן: קאַפּיטאַל ווייס אַליין וואָס ס'איז גוט און וואָס ניט. דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל האָט ניט געדאַרפט לאַנג און ניט ווייט זוכן. קאַנאַדע איז אַ זיכערער פּלאַץ פאַר גרויס־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען. אָבער אויך קאַנאַדע האָט ניט דערלייגט דערצו וואָס מיט דער הילף פון

קאָלאָסאַלע אַמעריקאַנער קאַפּיטאַלן איז אויפגעבויט געוואָרן ביי איר אין לאַנד אַ העכסט־מאָדערנע אינדוסטריע. די קאַנאַדער לאַנד־ווירטשאַפט וואָס איז צענדליגער יאָרן געווען דער דאָמינירנדי־קער פאַקטאָר אין דער עקאָנאָמיע פון לאַנד, מוז היינט טיילן די גלאָריע מיט דעם פענאָמענאַלן וווקס פון אַלע צווייגן פון דער אינדוסטריע. די וועלט־אויסשטעלונג צום הונדערט־יאָריקן יובל פון קאַנאַדע, וועלכע האָט אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינע שטוינונג אין דער וועלט, איז געווען אַ באַשטעטיקונג דערפון.

די קאַנאַדער פעדעראַציע איז געבויט געוואָרן דורך גרויסע פראַנצייזישע שטאַטס־מענער אַזעלכע ווי ווילפרעד לאָריע, דורך וויכטיקע ענגלישע שטאַטס־מענער, ווי מעקענזי קינג און דער אַוועקגעגאַנגענער פון זיין פּאָסטן פּרעמיער־מיניסטער פּירסאָן, וועלכער איז, דרך אגב, אויסגעצייכנט געוואָרן מיט דעם נאָבעל־פּרייז פאַר זיין אַרבעט לטובת דעם שלום אין דער וועלט. מען וואָלט נאָך געקאָנט אָנרופן הונדערטער נעמען פון פראַנצייזישער און ענגלישער אָפּשטאַמונג, וועלכע האָבן אַ גרויסע שייכות צום אויפבוי פון דעם דאָזיקן לאַנד. עס איז ניט געווען און האָט ניט געקאָנט זיין קיין קאָנקורענץ צווישן דעם אַלט־מאָדישן, קאַטוילישן פראַנצייזישן ווינקל־נאַציאָנאַליזם און דעם פרישן ענגלישן עלע־מענט פון שאָטלאַנד. עס איז געווען דער גוטער ווילן פוןביידע זייטן צו לאָזן אַלע צדדים אויסלעבן זיך ווי זיי ווילן און קאָנען. שטענדיק איז די פולשטענדיקע אויטאָנאָמיע פון דער פראַנציי־זישער פּראָווינץ אָפּגעהיט געוואָרן דורך ביידע זייטן. דער רוב פראַנצויזן האָט זיך ניט באַקלאָגט.

ווען פראַנקרייך האָט מיט פינף און זיבעציק יאָר צוריק, בשעת דער רעגירונג פון קאָמבּ, אָפּגעזאָגט דעם נאַפּאָלעאָנישן קאָנקאָרדאַט מיט דעם וואַטיקאַן און דעקרעטירט די פולשטענדיקע סעפּאַראַציע צווישן דער מלוכה און קירכע, האָבן מאַסן יעזואיטן געמוזט אין איילעניש אַנטלויפן פון פראַנקרייך. זיי זענען גע־לאָפן קיין קאַנאַדע, אין דער אַרכי־קאַטוילישער פּראָווינץ קוויב־בעק. דאָ האָבן זיי זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים, ניט

ווי פרעמדע געסט נאָר ווי ביי נאָענטע קרובים. די פּראָווינץ איז צוליב דעם ניט געוואָרן ליבעראַלער אָדער ראַדיקאַלער, אָבער קיינעם איז ניט איינגעפאַלן צו שרייען „אַלאָנס אַנפאַן דע לאַ פּאַטרי״. מער פרייהייט ווי די דאָזיקע געסט האָבן באַקומען אין קוויבעק האָבן זיי אפילו אין פראַנקרייך ניט געקאָנט באַקומען.

**
*

אויף דעם ריזיקן שטח פון קאַנאַדע זענען דאָ דריי באַדייטנ־דיקע, איך וואָלט געזאָגט, דריי וויכטיקע, יידישע צענטערן. דער גרעסטער און וויכטיקסטער און אויך אַקטיווסטער איז אין מאָנט־רעאַל, דאָס הייסט, אין דער פּראָווינץ קוויבעק. דער צווייטער איז טאָראָנטאָ, פּראָווינץ אָנטאַריאָ; דער דריטער איז וויניפּעג, פּראָ־ווינץ מאַניטאָבאַ. אַ חוץ דעם זענען נאָך פאַראַן אַ היפּש ביסל קלענערע אָבער אין דער גלייכער מאָס געזונטע און לעבעדיקע יידישע ישובים. די צוויי הונדערט און פופציק טויזנט יידן, אָדער אפשר שוין היינט דריי הונדערט טויזנט, מאַכן דעם איינדרוק פון אַ יידישן ישוב וועלכער ציילט אַ מיליאָן נפשות. די פרישקייט פון דעם לאַנד און פון דער באַפעלקערונג, די פרייהייט צו לעבן און אויסלעבן זיך ווי מען וויל, איז גוט פאַר יידישער רירעוודי־קייט און איניציאַטיוו. די איינוווינער פון אייראָפּע קאָנען דאָ אָפּ־כאַפּן דעם אָטעם, אויסגלייכן דעם רוקן, און וואָס עס איז דאָס וויכטיקסטע — זיי קאָנען זיך דאָ אויסלעבן ווי יידן אין אַן אָרגאַ־ניזירטער און דיסציפּלינירטער יידישקייט. יידישע שולן, ביבליאָ־טעקן, פּאַרטיי־גרופּירונגען, האָבן געפירט דעם ישוב אַזוי דורכ־געטראַכט און אַזוי אָרגאַניזירט, אַז מיר קאָנען רעדן וועגן אים ווי וועגן אַ וויכטיקן טייל פון וועלט־יידנטום.

אפשר דערפאַר וואָס די פראַנצויזן זענען נאָך ווייט ניט עמאַנ־ציפּירט פון דעם קאַטוילישן צוואַנג, אפשר דערפאַר וואָס די ענג־לענדער זענען מער אייראָפּעאיש און פרייער, האָבן די יידן מיט זיי מער פאַרבינדונגען ווי מיט די פראַנצויזן. עס איז אָבער ניטאָ קיין ווידערווילן ניט מצד יידן צו פראַנצויזן און אויך ניט פאַר־קערט.

דער פראַנצייזישער סעפּאַראַטיזם אין קאַנאַדע איז אין די היינטיקע אומשטענדן ניט נאָר אַן אומזין, נאָר פּשוט אַ פֿאַרברעכן. מען וויל צוליב פּאָליטישער ספּעקולאַציע און מעגאַלאָמאַנישער בייזוויליקייט צעשטערן דעם שלום־בית און אויפרייסן די פעדע־ראַציע. מען מעג זיין זיכער אַז ניט נאָר די שולדיקע באַנדיטן אין די לעצטע טראַגישע געשעענישן, נאָר אויך די פרעמדע העצער פון דער נישטיקער אָבער קרימינעלער גרופּע צווישן די קאַנאַדער סעפּאַראַטיסטן, וועלן דערפאַר טייער באַצאָלן. גליקלעכערווייז האָט די דאָזיקע באַוועגונג, אויב מען קאָן רעדן וועגן אַ באַוועגונג, דער־ווייל ניט קיין שום דירעקטע שייכות צו יידישע אינטערעסן. מען דאַרף זאָגן „דערווייל״, ווייל היינטיקע צייטן פאַרשפּרייטן זיך פּסי־כאָפּאַטישע באַוועגונגען מיט אַמאָל און פאַרוואַנדלען זיך אין פּסי־כאָפּאַטישע עפּידעמיעס. דער פּערמאַנענטער שרעק און דער טע־ראָר פון אַ קליינער גרופּע מערדער, קאָן דעריבער ניט זיין גלייכ־גילטיק פאַר דעם יידישן ישוב.

די לייענער וועלן מיר מוחל זיין מיין עדות־זאָגן און דאָס באַנוצן זיך מיט פּערזענלעכע דערפאַרונגען, וועלכע זענען אייגנט־לעך נאָר טיילווייז פּערזענלעכע. איך האָב אין קאַנאַדע פאַרבראַכט אַ סך יאָרן און געטאָן דאָרט אַ וויכטיקע אַרבעט ביים בויען פאַך־שולן פאַר דעם „אָרט״. דאָס איז געווען בשעת און נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין פאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער טעטיקייט האָב איך געהאַט צו טאָן מיט דער פעדעראַלער רעגי־רונג אין אָטאַווע, ווו איך בין שטענדיק געווען דער נעמער און ניט דער געבער. אין דער זעלבער צייט האָב איך געשריבן פאַר דער גרויסער ענגלישער צייטונג „מאָנטרעאַל גאַזעט״. איך בין געווען איר „ספּעציעלער מיטאַרבעטער פאַר אויסלאַנדס־פּאָלי־טיק״. דאָס זענען געווען די צוויי מיינע באַשעפטיקונגען. זיי זענען געווען גאַנץ פאַרשידענע און האָבן ניט געהאַט קיין שייכות איינע מיט דער אַנדערער. דורך די דאָזיקע באַשעפטיקונגען מיינע האָב איך געהאַט צו טאָן אי מיט די דאָרטיקע ענגלענדער און אי מיט די פראַנצויזן. דערצו האָב איך נאָך געהאַט אַ פאַרם אין סאַמע מיטן פון דער פּראָווינץ קוויבעק.

דאָס וויכטיקסטע אין מיין טעטיקייט איז געווען די „אָרט"־אַרבעט, און דאָס ספּעציעל אין דער צייט ווען מען האָט געבראַכט פון ענגלאַנד מערערע הונדערטער דייטשע יידן, ווייל אין ענגלאַנד איז דערוואַרטעט געוואָרן אַן אינוואַזיע פון דער דייטשער אַרמיי. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע בוי־אַרבעט, צוערשט אויף אַ ווייטן אינדזל און דערנאָך אין מאָנטרעאַל גופא. עס האָט געקאָסט אַ סך אַרבעט און אַ סך געלט. קיין איינציקע בקשה איז קיין מאָל דורך דער רעגירונג ניט אָפּגעזאָגט געוואָרן. אין אַ געוויסן פאַל האָט די פעדעראַלע רעגירונג געגעבן טייערע מאַשינען פאַר דער „אָרט"־שולע אין מאָנטרעאַל וואָס זייער ווערט האָט באַטראָפן איבער הונדערט טויזנט דאָלאַר. עס איז געווען די פריינדלעכסטע באַציאונג און די בעסטע פאַרשטענדעניש פאַר דער גרויסער יידישער קאַטאַסטראָפע אין אייראָפּע, וועלכע איז געקומען אין רעזולטאַט פון דער בעסטיאַלישער נאַצי־באַוועגונג.

אין אונדזער אַרבעט האָבן מיר געהאַט אָפט צו טאָן מיט דער קאַנאַדער אַרמיי, מיט אָפיצירן וואָס זענען געווען פראַנצויזן און ענגלענדער. קיין מאָל האָבן מיר ניט געפילט דעם מינדעסטן סימן פון אומפריינדלעכקייט, שוין אָפּגערעדט פון אַ וועלכער עס איז אַנטי־יידישער באַציאונג. דער גרעסטער טייל פון די געבראַכטע דעמאָלט קיין קאַנאַדע יידן איז פאַרבליבן אין לאַנד און דאָרט זיך באַזעצט.

(„אונזער וואָרט", דעם 7־טן נאָוועמבער 1970)

# יידן אין קאַנאַדע

## סאָציאַליזם, ראַסיזם און פּאָליטישינס

ווי געזאָגט, איז קאַנאַדע אַ ריזנלאַנד, אויסגעשפּרייט פון אַט־לאַנטיק ביז צום פּאַציפיק און פאַרנעמט דעם גאַנצן צפון פון דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. עס לעבן דאָרט צוואַנציק מיליאָן מענטשן און עס איז דאָ פּלאַץ נאָך פאַר אַ פּאָר הונדערט מיליאָן.

דער וואָס איז אַרומגעפאָרן איבערן גאַנצן לאַנד, פון האַלי־פאַקס ביז קאַלגארי און עדמאַנטאַן, ווייט אין דעם הערלעכן מערב פון קאַנאַדע; דער וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין די קוילנגרובן ביים ברעג פון אַטלאַנטיק און אַרומשפּאַצירט מערערע הונדערט מעטער אונטער דעם אַטלאַנטיק, ווו עס אַרבעטן צענדלינגער טויזנ־טער קוילנגרעבער און האָט באַזוכט אויך דעם לאַבראַדאָר ווו עס געפינען זיך אפשר מער אוצרות ווי אויף דער לבנה; דעם גאַנצן מזרח פון לאַנד כדי צו זוכן שפּעטער יידישע סעטעלמענטס אין דער פּרעריע, אין מאַניטאָבאַ און אָנשפּאַרן זיך אין דער צו יענער צייט, מיט פופציק יאָר צוריק, גרויסאַרטיקער יידישער קאָלאָניע עדענברידזש אין מערב — דער באַקומט די לופט פון קאַנאַדע, דעם פּראַקטישן און ראָמאַנטישן טעם פון דעם לאַנד אין זיין בלוט אַריין און דאָס אויף שטענדיק.

דרך אגב, גראָד די געשיכטע פון דעם ווי אַזוי די קאָלאָניע עדענברידזש איז געשאַפן געוואָרן איז ווערט אַז מען זאָל וועגן איר דערציילן. זי איז טיפּיש אי פאַר דעם קאַנאַדער רעזשים,

אי פאַר דער יידישער וואַנדערונג. עס איז געווען אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט בשעת דער גרויסער אויסוואַנדערונג פון ליטע קיין דרום־אַפריקע. אַ גרופּע פון פופצן יידן האָט זיך גע־פונען אויפן וועג און איז אָנגעקומען קיין ענגלאַנד. דאָ האָבן יידן פּלוצעם זיך דערוווסט אַז קאַנאַדע האָט ערשט דעקרעטירט דאָס באַרימטע געזעץ וועגן אַ „האומסטעדט״. לויט דעם דאָ־זיקן געזעץ האָט יעדער איינוואַנדערער געקאָנט באַקומען אומ־זיסט הונדערט מיט זעכציק העקטאַר לאַנד, וועלכע ער קאָן זיך אַליין אויסקלייבן! עס קלינגט אַ ביסל משונהדיק אָבער אַזוי איז עס געווען. מען האָט געדאַרפט אַריינגיין אין אַ גרויסן אָפיס, רע־גיסטרירן זיך, אויסקלייבן דעם מאַיאָנטעק, באַצאָלן אַ פּאָר דאָלאַר — דאַכט זיך פינף דאָלאַר — און ווערן אַ גוט־באַזיצער...

די גרופּע יידן פון דער ליטע האָבן געמאַכט זייער חשבון און אויסגעדרייט די אָגלאָבלעס און אָנשטאָט קיין דרום־אַפריקע — אַוועק נאָך קאַנאַדע. איך בין זיכער אַז אויב אין משה רבינוס צייטן וואָלט געווען דאָס געזעץ וועגן „האומסטעדט״ אין קאַנאַדע, וואָלט ער געטאָן דאָס זעלבע וואָס די דאָזיקע ליטווישע יידן, און מיר וואָלטן היינט ניט געהאַט צו טאָן מיט אַן אַראַפּאַט אָדער אַ ד״ר כאַבאַש...

די ליטווישע יידן זענען אָבער באַגאַנגען אַ פעלער ווען זיי האָבן אין וויניפּעג, אין דעם דאָרטיקן קאָלאָניזאַציע־אָפיס אויס־געקליבן פאַר זיך די מאַיאָנטקעס. זיי האָבן נאָך געוווסט פון דער ליטע, נאָך פון די ברעגן פון ניעמאַן, אַז יידן וואָס האַנדלען מיט וואַלד האָבן זיך גאַנץ גוט. האָבן זיי דעריבער אויסגעקליבן טאַקע גוטע ערד אָבער אויך מיט גוטן געדיכטן וואַלד. אָפּרייניקן אַ העק־טאַר פון דעם וואַלד־שטח נעמט יאָרן, עס זענען דאָך טויזנט־יאָריקעביימער. צו דער אַרבעט האָט מען געדאַרפט האָבן שטאַר־קע מאָטאָרן און שווערע אייזערנע קייטן און דערביי שווער אַר־בעטן. יידן האָבן די דאָזיקע קאָטאָרזשנע אַרבעט געמאַכט!

איך האָב באַזוכט די דאָזיקע קאָלאָניע הגם קיין אייזנבאַן איז אַזוי ווייט אויף צפון ניט געגאַנגען. צו יענער צייט איז פאָרן

דאָרט אַהין געווען ווי פליען היינט אין דער סטראַטאָספערע. עס האָט אָבער געלוינט כדי זען וואָס יידישע עקשנות קאָן אויפטאָן! איך האָב געפונען אַ גרויסע בליענדיקע יידישע קאָלאָניע, גוטע, געשמאַקע, האָרעפּאַשנע ליטווישע יידן, מיט יידישע צייטונגען אין יעדן הויז, מיט יידישע אינטערעסן אין יעדן נפש. ווען מען האָט מיך געבראַכט צום ערשט אויפגעבויטן געמיינדע־הויז, ווו איך האָב געהאַלטן אַ פאָרטראַג וועגן יידישן לעבן אין דער אַלטער היים, איז דאָס הויז געווען פול מיט יידן. אַרום דעם הויז איז געשטאַנען אַ מאַסע אויטאָמאָבילן און ניט ווייניקער הינט וועלכע מען האָט געבראַכט פון די פאַרמס. אַ סימן אַז אומעטום זענען דאָ הינט...

די גאַנצע סצענע איז פאַר מיר געווען ווי אַ חלום. נאָך יענער פינצטערער, וויסטער מלחמה, נאָך יענעם שרעקלעכן יידישן חורבן — ווען אַזוי פיל מענטשן האָבן מיטגעמאַכט דעם דאָזיקן חורבן און דער שרייבער פון די שורות צווישן זיי — האָב איך זיך דאַן געזאָגט, אַז „עס מעג פאַרברענט ווערן די דאָזיקע אַלטע היים נאָר אָן יידישן שאָדן". דאָס געמיינדע־הויז איז עדענברידזש האָט אויסגעזען ווי אַ פאַנטאַסטישער געוועב: דאָס זענען יידן און דאָס איז יידישע וואַנדערונג. אַזוי איז געווען און אַזוי וועט עס אייביק זיין...

***

די דריי יידישע צענטרען: מאָנטרעאַל, טאָראָנטאָ און וויניפּעג, זענען שטאַרק פאַרבונדן צווישן זיך. אַלע ברייטהאַרציק, אַלע וואַרעם־יידיש, אַלע באַוווסטזיניק־יידיש, אַלע מיט דעם אויסגעשפּראָכענעם באַוווסטזיין פון דער געמיינשאַפטלעכער נאַציאָנאַלער פאַראַנטוואָרטונג, פאַר דעם גורל פון גאַנצן יידנטום, וואָס מען מעג אָנרופן מיטן נאָמען וועלט־יידנטום. דאָס איז עפּעס אַזעלכעס וואָס קיין ניט־יידישער קאָפּ קאָן ניט באַנעמען.

פון דעסטוועגן זענען די דריי צענטרען אין אַ געוויסן זין פאַרשידן. מאָנטרעאַל, וואָס איז די גרעסטע שטאָט אין קוויבעק, איז אָבער אַזוי צו זאָגן אין ענגלישע הענט און איז אַ וועלט פאַר

זיך. יידן לעבן גוט מיט די ענגלענדער און גאַנץ גוט מיט די פראַנצויזן, מיט גרויסע ענגלישע פאַרלאַגן און צייטונגען, מיט דעם ערשט־קלאַסיקן אוניווערסיטעט; יידן פאַרנעמען אַ פּלאַץ פון רעס־פּעקט פאַר אַלע זייערע טעטיקייטן, פאַר זייער אינטענסיווער באַ־טייליקונג אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. וויניפּעג איז כלומרשט ניט ווייט, אָבער דאָס איז שוין די „וועסט", עס איז מערב־קאַנאַדע, מיט יידן פון אַן אַנדערן טעמפּעראַמענט. אָבער וואָס פאַר אַ יידן, וואָס פאַר אַן איבערגעגעבנקייט צו אַלגעמיינע יידישע אינטערעסן!

אַלע יידישע באַוועגונגען זענען רעפּרעזענטירט אין די דריי צענטרען, אַלע יידישע אַקטיוויטעטן אין דער וועלט ווערן פון דאַנען סטימולירט. דער אַזוי גערופענער קאַנאַדער יידישער קאָנ־גרעס, אַן ערשט־קלאַסיק אָרגאַניזירטער אַפּאַראַט, איז אַ פּראָדוקט פון די אַקטיוויטעטן פון די דריי צענטרען און ניט פאַרקערט. ס'איז אַ קוואַל פון יידישער איניציאַטיוו און ענערגיע. אין אַלע דריי טיילן פון לאַנד, אויב מען מעג זיך דערלויבן אַזאַ מין „טײ־לונג", זענען יידן אָנגעזעענע בירגער און פאַרנעמען וויכטיקע אָפּי־ציעלע פּאָסטנס. דער היינטיקער דירעקטאָר פון דער קאַנאַדער מלוכה־באַנק איז אַ ייד. און וואָס מען דאַרף אונטערשטרייכן: יידן באַהאַלטן זיך ניט מיט זייער יידישקייט, דעקן זיך ניט צו מיט אַ פרעמדן מאַנטל.

**
*

דער סעפּאַראַטיזם פון אַ גאַנץ קליינער צאָל פראַנצויזן, וואָס שרייען אַז די ענגלענדער און די אַמעריקאַנער באַרויבן זיי פון זייער נאַציאָנאַלער אידענטיטעט, שרייען וועגן „באַפרייאונג", האָט מיט יידישע אינטערעסן גאָר ניט צו טאָן. אָבער ווען די שרייערס אָרגאַניזירן די אונטערוועלט, רופן צו אַ בירגער־קריג, קידנעפּן אַ מיניסטער און דערהרגענען אים, פאַרוואַנדלען זיך אין פּראָפעסיאָ־נעלע מערדערס און גזלנים, דעמאָלט איז די סעפּאַראַטיסטישע באַוועגונג אַ גרויסע סכנה פאַרן גאַנצן לאַנד און ספּעציעל פאַר יידן. דאָס איז געווען אונדזער פריווילעגיע אומעטום אין אַלע

צייטן און איז אונדזער פּריווילעגיע גאַנץ באַזונדערס אין היינ־טיקע צייטן. היינט איז אַ נייע מענטאַליטעט און עס זענען פאַראַן נייע באַגריפן: מערדערס פון פאַך רופן זיך אָן „סאָציאַליסטן”, „רעוואָלוציאָנערן” און אפילו „מאַרקסיסטן”. אָט די מערדערס פון פאַך קאָנען ווערן אַ סכנה פאַר אונדז.

מיר האָבן ניט קיין שום גרונד אַריינצופאַלן אין אַ פּאַניק. די באַפעלקערונג פון קאַנאַדע, די ענגלישע ווי די פראַנצייזישע, באַשטייט ניט פון אַן אויסגעהונגערטן המון, אַ נאַקעטן און באָר־וועסן. יעדער מענטש האָט דאָ, אין דעם לאַנד, ווען ער וויל נאָר אַרבעטן, אַלע מעגלעכקייטן איינצואָרדענען זיין לעבן אַזוי ווי ער שטעלט עס זיך פאָר. נאַטירלעך קאָן מען אויפהעצן אויך זאַטע און גוט־געקליידעטע מענטשן אין נאָמען פון זייער פּאַטריאָטיזם און אין נאָמען פון ליבע צו זייער לאַנד. אָבער דער מין פּאַטריאָ־טיזם האָט מיט אמתן פּאַטריאָטיזם ניט צו טאָן. פּאָליטישע מאַכי־נאַציעס זענען ממילא, ווי מערקווערדיק דאָס זאָל ניט קלינגען, אַ סכנה פאַר יידן...

ווי שוין געזאָגט, דער שרייבער פון די שורות האָט בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה געהאַט אַ סך צו טאָן מיט דער קאַ־נאַדער פעדעראַלער רעגירונג אין אָטאַווע און אַמאָל אויך מיט דער קוויבעקער רעגירונג, מיט הויכע ציווילע באַאַמטע און מיט הויך־געשטעלטע מיליטער־לייט, מיט ענגלענדער און פראַנצויזן, ווען מען האָט פון ענגלאַנד דעפּאָרטירט קיין קאַנאַדע די דייטשע יידן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון היטלערן.

ביי דער דאָזיקער אַרבעט אונדזערער האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ „נייער וועלט”. אין דער זעלבער צייט ווען אין אייראָפּע האָט געבושעוועט דער ווילדער צאָרן פון אַ בעסטיע וואָס האָט געמאָרדעוועט, געדרויבט און פאַרניכטעט, האָבן מיר פון דער אַנ־דערער זייט אַטלאַנטיק געהאַט צו טאָן מיט מענטשן פון הויכער קולטור און וואַרעמע הערצער שטענדיק גרייטע צו העלפן. דאָס איז געווען אַ הומאַניזם פון אַ גאַנץ ספּעציעלן מין.

אַ מיליטערישער קעמפּ אין מלחמה־צייט איז אַ גאַנץ ערנס־

טער ענין: אַ טורעם מיט פּראָזשעקטאָרס, סאָלדאַטן מיט ביקסן, רעזערוו־אָפיצירן וואָס זענען גרייט זיך צו שפּילן אין אַ מלחמה און אַנדערע „קליינינקייטן" וואָס זענען גאָר ניט קיין קליינינקייטן.

אַ פיר הונדערט יידן, צווישן זיי פאַרברענטע אָרטאָדאָקסן, פלעגן דאַוונען שחרית פרי פאַרטאָג. איך האָב אַ סך נעכט פאַר־בראַכט אין דעם קעמפּ. פרי פאַרטאָג, ווען עס איז נאָך געווען פינצטער, פלעגן זיי מאַכן ביי די תפילות אַזעלכע געשרייען, אַז דער גאַנצער קעמפּ, געבויט מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק פון שווערע שטיינער, פלעגט זיך אויפוועקן. איך פלעג פון מיין צימער אַרויסקוקן, ווייל איך האָב געמיינט, אַז אַ שרפה איז אויסגעבראָכן. זיי האָבן דאָך אויך ניט געלאָזט שלאָפן דעם רבונו של עולם.

עס איז אַן אמתער ראָמאַן די געשיכטע פון דעם קעמפּ, אָבער פאַר מיר זענען די העלדן פון דעם ראָמאַן געווען די אָפיצירן, מיט זייער גרייטקייט צו העלפן און מיט זייער פאַרשטענדעניש פאַר דער טראַגעדיע און די קרבנות פון די משוגענע איינפאַלן פון דעם בראָדיאַגע פון לינץ, אַז ער האָט אַ מיסיע: פאַרטיליקן די יידן פון דער וועלט.

קאַנאַדע איז געוואָרן אַ שטילער פאַרטנער פון אונדזערע ליידן...

(„אונזער וואָרט", דעם 14־טן נאָוועמבער 1970)

# יידן און אַראַבער

## אינטערוויו מיט אַ באַקאַנטן דיפּלאָמאַט

„דאָס פייער וואָס די סאָוויעטישע רעגירונג האָט אָנגעצונדן אין נאָענטן מזרח איז ניט אויסגעלאָשן געוואָרן צוליבן טויט פון נאַסערן. צו לאַנג און צו עפעקטיוו האָט מען דאָס פייער פונאַנדער־געבלאָזן, צו פיל ליידנשאַפטן האָט מען אַרויסגערופן, כדי צו מיינען, אַז מיט רייד וועגן גרויסע סכנות און וועגן דער נויט־ווענדיקייט צו באַטראַכטן זיך, קאָן מען איצט אָפּשטעלן די קעגנ־זייטיקע פיינדשאַפט און בלוט־פאַרגיסונגען. עס האַנדלט זיך איצט ניט וועגן „סעטלען" אַ קאָנפליקט, אָדער איבערקומען אַ צוזאַמענ־שטויס, וואָס האָט אָנגענומען אַזעלכע ווילדע פאָרמען. איצט מוז אויסגעאַרבעט ווערן אַ פעסטער יסוד פון אַ נאָרמאַלן לעבן און דאָס קאָן געטאָן ווערן נאָר דורך די צדדים אַליין, דורך די וואָס זענען דירעקט פאַראינטערעסירט אין דעם פּראָבלעם. ניט קיין פיר גרויסמאַכטן און ניט קיין צוויי סופּער־גרויסמאַכטן וועלן ניט זיין אין שטאַנד צו פאַרענטפערן דאָס פּראָבלעם אָן דעם, אַז זיי זאָלן ניט וועלן אַריינמישן זייערע אייגענע אינטערעסן און דער־מיט שווערער און געפערלעכער מאַכן דעם קאָנפליקט צווישן יידן און אַראַבער".

דאָס איז היינט דער אָנגענומענער כלל אין דער ערנסטער פּאָליטישער וועלט, וועלכע האַלט זיך פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן גאַנג פון די געשעענישן און וויל ניט דערלאָזן צו קיין נייער, גרויסער קאַטאַסטראָפע. דער באַקאַנטער דיפּלאָמאַט וועלכן איך קען שוין

אַ סך יאָרן און וועלכער איז זייער אַקטיוו אין דער אָנ״ו אין ניו־יאָרק, איז אַ פריינד פון יידן און איז ניט קיין פיינד פון די אַראַ־בער. ער רעדט מיט מיר וועגן דער געוואַלדיקער שפּאַנונג וועלכע איז גלייך צו אַ פעלד מיט מינעס, ווו מען דאַרף זיך היטן מיט יעדן וואָרט עס זאָל ניט אויפרייסן פונקט ווי אַ מינע ביי יעדן ניט־פאָרזיכטיקן טריט.

וואָס ער זאָגט איז קלאָר און גוט דורכגעטראַכט. ער קען גוט די אַלגעמיינע און זייער פאַרפלאָנטערטע לאַגע, וועלכע איז איצט ספּעציעל שאַרף צוגעשפּיצט. איך האָב אָבער דעם איינדרוק, אַז מער פון אַלץ איז ער באַזאָרגט מיט דעם קריזיס אין נאָענטן מזרח, ווייל פון דאַנען דווקא קאָן קומען דער פונק וואָס וועט אַרויסרופן דעם גרויסן אויפרייס. ער זאָגט מיר: „נאַטירלעך, אַז נאָר די־רעקטע אונטערהאַנדלונגען האָבן אַ זין, ווייל נאָך דעם אָפּשליסן אַן אָפּמאַך — ווי אַזוי ער זאָל ניט אויספאַלן — מוז מען דאָך ווייטער לעבן אין דער נאָענט ווי שכנים. דאָס אומגליק איז אָבער וואָס ביידע צדדים זענען אַזוי „פאַנאַטיזירט״ (איך באַנוץ זיין אויסדרוק — וו. ג.), אַז עס איז פּשוט אוממעגלעך מיט זיי צו באַ־האַנדלען די שטרייט־פראַגן. איך קען זיי אַלעמען זייער גוט, סיי די יידישע ווי די אַראַבישע דעלעגאַטן, און איך ווייס אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד עס איז זייער אויפגעהעצטע מענטאַליטעט. צו דעם מוז דאָך נעמען אַ סוף, און מען מוז דאָך געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך; מען מוז געפינען אַ וועג צו פּשרות...״.

איך פרעג ווייטער און ער ענטפערט. ער ענטפערט פאָרזיכ־טיק, ווייל ער ווייסט אַז איך בין ניט קיין כינעזער און ניט קיין וויעטנאַמער. דער ווייטערדיקער טייל פון אונדזער שמועס האָט אַ שייכות צום ישראל־מצרישן קאָנפליקט און דער ראָל וואָס די סאָוויעטן שפּילן דערביי אויפן פאָרום פון אָנ״ו, ווו זיי קאָמאַנ־דעווען דאָרט מיט די אַראַבער, האָבנדיק דערצו דעם פּראָטעקטאָ־ראַט פון דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אָנ״ו, דעם בורמעזער. מיין מיטשמועסער זאָגט וועגן דעם: — אין דער הינזיכט, גלויב איך, אַז די לאַגע איז בעסער, ווי זי איז געווען פריער, למשל, מיט

אַ יאָר צוריק. דער היינטיקער סאָוויעטישער הויפּט־דעלעגאַט, יאַ־
קאָוו מאַליק, איז אַ מענטש מיט טאַקט, ער זאָגט נאָר דאָס וואָס
מאָסקווע הייסט אים זאָגן. דערצו איז מאַליק אַן אַלט־דערפאַרע־
נער דיפּלאָמאַט אין היפּוך צו זיין פאָרגעגנער פעדאָרענקאָ, וועל־
כער איז געווען פּשוט אַ סקאַנדאַליעזע פיגור. מאָסקווע האָט גע־
מוזט שיקן קיין ניו־יאָרק אַ הויכן באַאַמטן כדי פעדאָרענקאָן אַראָפּ־
צונעמען פון דעם פּאָסטן.

מיר קערן זיך צוריק צום ענין ישראל — מצרים. אין די
לעצטע טעג איז גראָד פאָרגעקומען די שאַרפע קעגנזייטיקע „באָמ־
באַרדירונג" מיט דיפּלאָמאַטישע נאָטעס צווישן מאָסקווע און וואַ־
שינגטאָן. די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט דערקלערט פאַר דער
גאַנצער וועלט, אַז די סאָוויעטן זאָגן ליגן, אַז זיי פעלשן די פאַקטן
און אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט דערוויף די נויטיקע באַ־
ווייזן. די סאָוויעטישע רעגירונג, דאַקעגן, האָט דערקלערט אָפּי־
ציעל אַז וואַשינגטאָן פירט אַ סיסטעמאַטישע און פּלאַנמעסיקע
קאָמפּאַניע, כדי ניט צו דערלאָזן צו שלום־פאַרהאַנדלונגען אין
נאָענטן מזרח. אַלס באַווייז דערוויף דערמאָנען זיי אויך, אַז פּרע־
זידענט ניקסאָן האָט אַרויסגעשיקט נאָך עטלעכע קריגס־שיפן אינעם
מיטללענדישן ים כדי צו פאַרשטאַרקן דעם זעקסטן פלאָט.

עס איז שווער ניט צו באַמערקן די גרויסע מיליטערישע מאַ־
נעוורעס פון דער סאָוויעטישער אַרמיי און פון די אַרמייען פון
וואַרשעווער פאַקט וועלכע קומען פאָר אין צענטראַל־אייראָפּע. די
רוסישע גענעראַלן גרעטשקאָ און יאַקובאָווסקי גרייטן זיך צו אַ
מלחמה. אָט איז שוין כמעט אַ יאָר ווי עס ווערן דורכגעפירט רו־
סישע מיליטערישע מאַנעוורעס דאָ און דאָרט, סיי אין אייראָפּע
און סיי אין קאַראַאיבישן ים, נאָענט צו די ברעגן פון די פאַר־
אייניקטע שטאַטן. די רעגירונג פון וואַשינגטאָן האָט אָפּיציעל דער־
קלערט, אַז זי וועט אויף ווייטער די דאָזיקע פּראָוואָקאַציעס ניט
טאָלערירן. אין דער אַמעריקאַנער דערקלערונג ווערט גענוי אָנגע־
געבן אַז די סאָוויעטישע אונטערוואַסער־שיפן זענען אין שטאַנד
צו אַטאַקירן די גרויסע אַמעריקאַנער אינדוסטריעלע צענטערן אַ־

זעלכע ווי דעטראָיט און אויך אַנדערע פּלעצער. אין די דאָזיקע דער־קלערונגען ווערט דער נאָענטער מזרח נישט דערמאָנט, ווי ער וואָלט ניט זיין דער קערן פונעם קאָנפליקט.

בשעת די דאָזיקע שורות ווערן געשריבן רעדט אין ראַדיאָ דער באַקאַנטער עדיטאָריאַליסט פון „לע פיגאַראָ", פּראָפעסאָר ריי־מאָנד אַראָן, וועלכער איז זיכער איינער פון די בעסטע קענער פון די אויסערן־פּאָליטישע פּראָבלעמען. ער מאַכט צו גאָר ניט די רוסישע פּרוּוון צו בינדן פראַנקרייך און ער זאָגט, אַז די שפּאַנונג צווישן מאָסקווע און וואַשינגטאָן איז זייער אַן ערנסטע. מען פילט, אַז ער וואָלט וועלן זאָגן אַז די שפּאַנונג איז פיל ערנסטער ווי מענטשן מיינען. דאָס איז אויך די מיינונג פון שרייבער פון די דאָזיקע שורות. דאָס איז אויך מסתמא געווען די מיינונג פון מיין מיטשמועסער, וועלכער האָט ניט געוואָלט אַריינברענגען אין אונד־זער געשפּרעך קיין עלעמענט פון פּאַניק, ווען ער האָט געזאָגט אַז עס מוז געפונען ווערן אַ וועג צו דירעקטע פאַרהאַנדלונגען צווישן יידן און אַראַבער און אַז די צדדים גופא מוזן געפינען אַ גע־מיינזאַמע שפּראַך.

דאָס איז גרינג צו זאָגן, אָבער ווי קומט מען דערצו? די בייע מאַכט־האָבער אין קאַיראָ וועלן פּרוּוון איבערטאַנצן נאַסערן און דערמיט וועלן זיי נאָך מער פאַרשאַרפן די געשפּאַנטע לאַגע. זיי וועלן פאַרזוכן באַנוצן זיך מיט דער טריבונע פון דער אָנ"ו. וויסנ־דיק אַז דערמיט וועלן זיי ניט צווינגען אַמעריקע נאָכצוגעבן די פּאָליטישע פּראָוואָקאַציעס.

אין אַלגעמיינעם סך־הכל איז פאַר מיין מיטשמועסער קלאָר, אַז אין קרעמל האָבן היינט די אויבערהאַנט די מיליטער־פירער און זיי וועלן במילא זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער קומענדיקער קאַטאַסטראָפע...

(„לעצטע נייעס", דעם 23־טן אָקטאָבער 1970)

# 53 יאָר נאָך דער באָלשעוויסטישער קאָנטער־רעוואָלוציע

## ווער איז שולדיק ?

אינעם יולי־אויגוסט נומער פון „וועקער״ איז געדרוקט אַן אינטערעסאַנטער און וויכטיקער אַרטיקל פון ד״ר אליהו שולמאַן וועגן דעם ערשט פאַרשטאָרבענעם אַלעקסאַנדער פיאָדאָראָוויטש קערענסקי, דעם געוועזענעם פּרעמיער־מיניסטער פון דער צייט־ווייליקער רוסישער רעגירונג, ביי וועלכער די באָלשעוויסטישע קאָנטער־רעוואָלוציע האָט אַרויסגעריסן די מאַכט און האַלט דאָס לאַנד געפאַנגען ביז צום היינטיקן טאָג. דער מחבר פונעם אַרטיקל שטעלט אַוועק ווידער די פראַגע וועגן דעם, ווער איז שולדיק אין דעם, וואָס לענינען האָט זיך איינגעגעבן דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער פּוטש און אויף וויפיל קערענסקי איז געווען אַ מיטשולדיקער אין דער קאַטאַסטראָפע, אַ מיטשולדיקער צוזאַמען מיט אַנדערע פאַקטאָרן.

דערלויבט אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג וועגן דעם דאָזיקן באמת טראַגישן ענין, טראַגישן פאַר רוסלאַנד און טראַגישן פאַר דעם רוסישן יידנטום, איינעם וואָס איז געבוירן געוואָרן און אויסגע־וואַקסן אין טיף רוסלאַנד, ניט אינעם תחום המושב, געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע, אין וועלכער עס זענען געווען נאָר אַ פּאָר פּראָצענט יידן, דעם אוניווערסיטעט אין פּעטערסבורג, אין וועלכן עס זענען אויך געווען עטלעכע פּראָצענט יידן, גענומען שפּעטער

אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער גרויסער רוסישער פּרעסע און גע־אַרבעט אַ צאָל יאָרן אין דער פּערטער דומאַ אַלס פּאַרטרעטער פון אַ גרויסער רוסישער צייטונג אין מאָסקווע און גוט געקענט קע־רענסקין און אַנדערע רוסישע ראַדיקאַלע פּאָליטיקער, ווי מיליו־קאָוו, ראָדיטשעוו, שינגיאַראָוו און אַנדערע.

אויב איך זאָל געזאָל ווערן פאַר אַ געריכט אַלס אַן עדות און געדאַרפט ענטפערן אויף דער פראַגע „ווער איז שולדיק אין לענינס דערפאָלג און אויף וויפיל קערענסקי איז אַ מיטשולדי־קער ?", וואָלט איך אַזוי געענטפערט :

— קיינער איז ניט שולדיק אָדער אַלע זענען מיטשולדיקע. שולדיק איז הויפּטזאַכלעך דער אַזיאַטישער כאַראַקטער פונעם לאַנד, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון דער מאָנגאָליש־סלאַווישער גע־שיכטע, פון דער קנעכטשאַפט פון די פּויערים, וואָס זענען ערשט באַפרייט געוואָרן פון שקלאַפעריי אין 1861. רוסלאַנד, און סאָוויעט־רוסלאַנד אַ סך מער ווי דאָס אַלטע רוסלאַנד, געהערט ניט צו דער משפּחה פון אייראָפּעאישע פעלקער. די געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז אַ געשיכטע פון מאַר־טירערס. פון טשערנישעווסקין ביז בעלינסקין, פון פּיסאַרעוון און דאָבראָליובאָוון ביז אַלעקסאַנדער הערצען, פון קראָפּאָטקין ביז וולאַדימיר איליטש לענין, פון פּושקין און לערמאָנטאָוו ביז די היינטיקע פאַרפייניקטע שרייבערס און דיכטערס — דאָס איז רוס־לאַנד, דאָס אַלטע און דאָס נייע.

אויב סטאַלין איז געווען אַ פּסיכאָפּאַט און אַזוי צו זאָגן אַ פּראָפעסיאָנעלער מערדער, אַ בראָדיאַגע, וואָס האָט זיך אַרויפ־געאַרבעט ביז צו דער פּאָזיציע פון אַ דיקטאַטאָר פון אַ ריזיקן לאַנד, דאַרף מען געדענקען, אַז אַלעקסאַנדער דער ערשטער, דער דערפאָלגרייכער קעמפער קעגן נאַפּאָלעאָן, ווען מען די אָפּיציעלע רוסישע געשיכטע האָט געגעבן דעם נאָמען „דער געבענטשער צאַר" (אויף רוסיש : צאַר בלאַגאָסלאוועני), איז געווען אַ דירעקט באַטייליקטער אינעם מאָרד פון זיין פאָטער, פּאַוועל דער ער־שטער : פּשוט געזעסן אין אַ צימער אינעם מיכאַילאָווסקי־פּאַלאַץ

און געוואַרט ביז די קאָנספּיראַטאָרס האָבן דערהרגעט דעם פּאָטער אין זיין שלאָפצימער. דאַרף מען דערציילן וואָס ניקאָלאַי דער ער־שטער איז געווען? און פאַרוואָס האָט די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" צע־ריסן אויף שטיקער מיט אַ באָמבע דעם „צאַר־אָסוואָבאָדיטיעל" (דער צאַר דער באַפרייער פון די פויערים) אַלעקסאַנדער דעם צווייטן? ווייל ער האָט די „באַפרייטע" פויערים איבערגעגעבן אין די הענט פון די ערד־באַזיצערס ווי שקלאַפן; און ניקאָלאַי דער צווייטער האָט ניט באַפרייט אַלע מערדערס פון יידן בשעת די פּאָגראָמען?

דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט אין דער דומאַ אַ ספּעציעלע מיסיע אַלס פאַרטרעטער פון זיין צייטונג אין מאָסקווע „אוטראָ ראָסיאי" איבערצוגעבן אין די יעדן טאָג די „איינדרוקן" פון דער זיצונג בשעת אַנדערע צוויי מיטאַרבעטער האָבן געשיקט באַריכטן. דאָס האָט געהייסן, אַז איך האָב געדאַרפט נאָר זיצן, צוקוקן זיך און צוהערן זיך, און עס איז געווען וואָס צו זען און וואָס צו הערן. קנאַפּע פינף יאָר בין איך דאָ אָפּגעזעסן און גע־קליבן נחת. צווישן די זעקס הונדערט „פּאַרלאַמענטאַריער" זענען געווען אַן ערך פּערציק פּראַוואָסלאַווע גלחים, עטלעכע הונדערט קאָנסערוואַטיווע רעגירונגס־געטרייע פּאַטריאָטן, צווישן זיי אַ גרופּע פון פּשוטע כוליגאַנס, ווי פורישקעוויטש און מאַרקאָוו דער צוויי־טער, אַ גרופּע ליבעראַלן, ראַדיקאַלן און סאָציאַליסטן און צווישן זיי דער „באַרימטער" אָנפירער פון דער קליינער גרופּע באָלשע־וויקעס, לענינס פערזענלעכער פּאַרטרויאונגס־מאַן, מאַלינאָווסקי, וועלכער איז אָפיציעל דערקלערט געוואָרן פאַר אַן אַגענט פון דער געהיים־פּאָליציי און פּראָוואָקאַטאָר. אַזוי ווי עס וואָלט געשען נעכטן געדענק איך דעם טאָג ווען די סאָציאַליסטן, אין גאַנצן אַ גרופּע פון אַ פּופצן מיטגלידער פון דער דומאַ, האָבן געמאַכט אַן אָבסטרוקציע און ניט געלאָזט רעדן דעם נייעם פּרעמיער־מיניס־טער גאָרעמיקין, אַ זקן וואָס האָט קוים געקאָנט גיין און ווי ראָדזיאַנקאָ, דער פּרעזידענט פון דער דומאַ, האָט באַפוילן אַריינ־פירן סאָלדאַטן אין זאַל און דער קאָמענדאַנט פון דעם טאַווּרישן

פּאַלאַץ, דער דייטש, גענעראַל סאַטען־סאַקען, איז אַריין אין זאַל מיט סאָלדאַטן און מען האָט אַרויסגעפירט קערענסקין, דעם אָנ־פירער פון דער אָבסטרוקציע.

פאַר דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ליבאַווע באַזוכט אַן ענגלישע עסקאַדרע מיט דעם שפּעטער באַ־רימטן פון דער שלאַכט ביי יוטלאַנד אַדמיראַל ביטי אין דער שפּיץ. דער אַדמיראַל האָט באַזוכט צוזאַמען מיט אַ גרויסער גרופּע פלאָט־אָפיצירן דעם צאַר אין צאַרסקעיאָ סעלאָ און נאָך דעם בייגעוווינט אַ האַלבע שעה אַ זיצונג אין דער דומאַ. מען האָט נאָך דעם גע־פייערט די ענגלענדער מיט אַ גלאָז שאַמפּאַניער אין ראָדזיאַנקאָס קאַבינעט און די פּרעסע איז איינגעלאַדן געוואָרן. איך בין גע־שטאַנען נאָענט צום אַדמיראַל, באַטראַכט זיין אינטערעסאַנט, ווי פון מאַרמאָר אויסגעהאַקט פּנים און צוגעהערט זיך צו זיין ענט־פער אויף דער פריינדלעכער באַגריסונג. ער האָט געזאָגט:

— איך האָב בייגעוווינט די זיצונג פון אייער פּאַרלאַמענט און איך בין דערשטוינט פון דעם ווי ענלעך דאָס איז צו אונדזער פּאַרלאַמענט, צו אונדזער האַוז אָוו קאָמאָנס...

די רעדע האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ הילכיקן ענגלישן „היפּ, היפּ הוראַ!" און אַלע זענען אַוועק צופרידענע.

מוז איך דאָ זאָגן, אַז ווען מען קאָן גוט דאָס אַלטע, פאַר־שמאָדערטע „האַוז אָוו קאָמאָנס" אין לאָנדאָן, „די מוטער פון די פּאַרלאַמענטן", דעם אַלטן דייטשן רייכסטאַג אין בערלין און דעם פּאַליי־בורבאָן אין פּאַריז, קלינגט אַדמיראַל ביטיס פאַרגלייך, ווי אויב אימעצער זאָל פאַרגלייכן דעם גערער רבי, ווען דער שרייבער פון די שורות האָט פערזענלעך געקענט, מיט, להבדיל, דעם מיטראָפּאָליט פון מאָסקווע. די רוסישע דומאַ אין דעם טאַווורישן פּאַלאַץ, קאַטערינע דער גרויסערס מתנה צו איר פאַ־וואָריט פּאָטיאָמקין, איז אַ פּראַכטפולע געביידע, וואָס האָט צייטנ־ווייז אָפּגעהילכט מיט אַזעלכע רעדעס „אין דער מאַמען אַריין", אַז די ווענט פלעגן ווערן רויט פון שאַנד.

און קיינער, אויך ניט דער פּרעזידענט פון דער דומאַ, האָט

קיין מאָל ניט פּראָטעסטירט, ניט גערופן צו אָרדענונג. קע־
נענדיק גוט דאָס לאַנד און די באַפעלקערונג האָב איך שטענדיק
געזאָגט, אַז די פערטע — און די לעצטע — דומאַ איז די אמתע
פאָלקס־פאַרטרעטונג פונעם לאַנד, אַן אמתע, אַ ריכטיקע פאָטאָ־
גראַפיע. דאָס איז רוסלאַנד. קאָראָלענקאָ און גאָרקי, מיליוקאָוו
און שינגאַריאָוו, קערענסקי און מאַקלאַקאָוו און נאָך אַ פּאָר צענד־
לינג זעלטענע, גלענצנדע פּערזענלעכקייטן זענען אויסנאַמען. דאָס
פאָלק, וואָס האָט זיך געלאָזט דריי הונדערט יאָר באַהערשן פון
דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע, לאָזט זיך איצט, שוין מער ווי פופציק
יאָר באַהערשן פון אַן אמתער אונטערוועלט־קליקע און עס איז
אויף קיין שום פאַל ניט צופעליק, אַז אַזעלכע צוויי בראָדיאַגעס פון
קאַווקאַז ווי סטאַלין און בעריאַ האָבן געוועלטיקט איבער צוויי
הונדערט מיליאָן מענטשן.

אינעם פאַל קערענסקי — לעניין איז דאָ אַן עפּיזאָד, וואָס זעט
אויס ווי אַ סימבאָל. לעניין האָט געענדיקט די גימנאַזיע, אין וועל־
כער קערענסקיס פאָטער איז געווען דער דירעקטאָר. אַזוי ווי לע־
נינס עלטערער ברודער איז געהאָנגען געוואָרן פאַר באַטייליקן
זיך אין אַ רעוואָלוציאָנערער אַקציע, איז פאַר דעם ברודער געווען
שווער אַריינצוקומען אין אוניווערסיטעט. האָט קערענסקיס פאָטער,
דער דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע, געשריבן צו דעם רעקטאָר פון
אוניווערסיטעט אין קאַזאַן, אַז דער בחור איז געווען אַ פיינער, דיס־
ציפּלינירטער שילער, פשוט אַ צאַצקע, און אָט די צאַצקע איז
געוואָרן אַ סטודענט אין אוניווערסיטעט...

נאַטירלעך, דאָס איז נאָר אַ גרימאַסע פון דער געשיכטע,
אָבער אַן אינטערעסאַנטע, אַ סימבאָלישע געשיכטע. קערענסקי איז
געווען, ווי ד״ר שולמאַן זאָגט עטלעכע מאָל אין זיין אַרטיקל, אַן
איידעלער כאַראַקטער. ער איז אויך געווען אַ פּאָליטיש זעלטן
ריינער מענטש, אָן שום קאָמפּראָמיסן. איך האָב אויך בייגעוווינט
דעם גרויסן פּראָצעס פון די אַדוואָקאַטן מיט קערענסקין אין דער
שפּיץ, אין פּעטערסבורג, פאַר דער באַגריסונג, וואָס זיי האָבן
געשיקט קיין קיעוו צו די אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן פאַרטיידיקט
מענדל בייליס.

ניין, דאָס רוסישע פּראָבלעם באַשטייט ניט היינט אין דעם, אַז מען זאָל זוכן און געפינען אַן ענטפער אויף דער פראַגע „ווער איז שולדיק?" עס איז די אַלטע פראַגע פון טשערנישעווסקי: „וואָס זאָל מען טאָן?" די דעקאַבריסטן זענען דורכגעפאַלן מיט זייער אויפשטאַנד, די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז דורכגעפאַלן און די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע האָט זיך געענדיקט דערמיט, וואָס נאָך דער הערשאַפט פון סטאַלין און בעריאַ הערשט אין לאַנד אַ גרעטשקאָ און אַ ברעזשניעוו, אַ קיטשקאָ און אַ סוסלאָוו זענען די טעאָרעטיקער און אידעאָלאָגן פונעם רוסישן קאָמוניזם, אַ שוועסטער־קינד פון היטלערס נאַציזם. ווי ס'איז געווען מיטן דייטשן נאַציזם אַזוי איז דער רוסישער קאָמוניזם: באַוואָפנט מיט אַ ריזיקער אַרמיי, מיט אַ קאָלאָסאַלער מאַכט אויפן ים און אין דער לופט, איז ער היינט אַ וועלט־פּראָבלעם. און עס בלייבט אַלץ די פראַגע: וואָס זאָל מען טאָן?...

(„דער וועקער", נאָוועמבער 1970)

# אין דער דומאַ

## רוסיש־יידישע געשיכטע און אַקטואַליטעטן

רוסלאַנד אָדער, ריכטיקער געזאָגט, דאָס פּראָבלעם פון דער מאַכט פון דער רוסישער אימפּעריע, וואָס פאַרנעמט אַ גרויסן טייל פון אייראָפּע און אַ גרויסן טייל פון אַזיע, איז איצט איינס פון די צענטראַלע און פונדאַמענטאַלע וועלט־פּראָבלעמען. די באַפעלקע־רונג פון רוסלאַנד איז ניט גרעסער ווי איין דריטל פון דער באַ־פעלקערונג פון כינע, וואָס איז היינט איבער זיבן הונדערט מיליאָ־נען איינוווינער אויף אַ טעריטאָריע וואָס איז אַזוי קליין אַז מען קאָן זי גאָר ניט פאַרגלייכן מיט רוסלאַנדס פאַרנעם.

ווען מען רעדט מיט רוסישע מענטשן, אפילו קעגנער פון היינ־טיקן רוסיש־סאָוויעטישן רעזשים און מען זאָגט זיי, אַז דער רו־סישער בירגערקריג איז געווען אַזוי ווילד, אַז מען קאָן גאָר ניט געפינען קיין גלייכנס צו אים אין דער נייער געשיכטע, אַז מען זאָגט זיי אַז סטאַליניזם האָט איבערגעטאַנצט נאַציזם און אַנדערע בעסטיאַלישע באַוועגונגען, שיטן זיי אַרויס די גרויסע נעמען פון טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי, פון ביעלינסקי און טשערנישעווסקי, פון קראָפּאָטקין און באַקונין, פון גרויסע רוסישע דיכטערס און קאָמפּאָזיטאָרס, פון געניאַלע רוסישע געלערנטע און דערפינדערס, פון זעלטענע פערזענלעכקייטן און גייסטער...

די טענות און קעגן־טענות זענען גערעכטע, גאַנץ באַזונדער זענען גערעכט די וואָס גרויסן זיך מיט דעם אויסערגעוויינטלעכן

בייטראָג צו דער ציוויליזאַציע מצד די וואונדערבאַרע, גייסטרייכע רוסישע מענטשן. אָבער נאָך אַלעמען בלייבט דאָך דער אמת וועגן דעם היינטיקן צושטאַנד: אַ ריזיקע אַזיאַטישע מאַכט, וואָס איז באַוואָפנט ביז צו די ציין, וואָס זוכט ווייטערע עקספּאַנסיע, וואָס האָט אַ געמישטע פרעמדע באַפעלקערונג, וואָס איז אַ סכנה פאַר דער וועלט.

די געפאַר איז אַ רעאַלע, ניט קיין איינבילדונג. די רוסישע געפאַר פאַר דעם יידנטום אין אַלע לענדער איז אַ רעאַלע און אַ קאָנקרעטע ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס אין די גרענעצן פון רוסלאַנד לעבן דריי אָדער דריי מיט אַ האַלב מיליאָנען יידן. דער נייער רוסישער רעזשים וויל צווינגען די ניט־רוסישע פעלקער צו אַסימילירן זיך מיט דער רוסישער קולטור, וואָס האָט גאָר ניט צו טאָן מיט קולטור, וואָס איז היינט אַליין אַ ריינער פּראָדוקט פון אַזיאַטישער אכזריות.

דער קאַמף קעגן דער רוסישער צוואַנגס־אַסימילאַציע איז היינט אין רוסלאַנד אין פולן גאַנג. ער מוז זיך פאַרגרעסערן און פירן צו אַ פּערמאַנענטן בירגער־קריג. די נייע גענעראַציע פון די פרעמדע קאָן ניט און וועט ניט אויפגעבן דעם קאַמף. יידן וועלן אוודאי ניט אויפגעבן דעם קאַמף פאַר אַ יידישער עקסיסטענץ. דער רוסישער דרוק וועט אויטאָמאַטיש זיך פאַרגרעסערן און דערמיט סטימולירן די אַנטי־רוסישע עלעמענטן.

**
*

דער טייל פון דער רוסישער אינטעליגענציאַ, וועלכע האָט אַליין שטאַרק געליטן פון דער אַזיאַטישער ברוטאַליטעט און פאַר־שטייט די פּערמאַנענטע דראַמע פון דעם רוסישן יידנטום, האָט איר אייגענע פאָרמולע פאַר דעם שווערן פּראָבלעם:

— עס איז ניטאָ קיין יידישע פראַגע אין רוסלאַנד, עס איז דאָ אַ רוסישע פראַגע, אַ פּראָבלעם פון דער געפאַלענער קולטור, פון וועלכער רוסישע יידן ליידן ממילא.

די פּאָרמולע האָב איך פּערזענלעך געהערט פון אַ סך רו־סישע מענטשן, ספּעציעל פון דעם באַרימטן רוסישן שרייבער מאַקסים גאָרקי. דער גרויסער שרייבער איז געווען אַן אמתער, אויפריכטיקער הומאַניסט און האָט געהאַט דעם קוראַזש צו זאָגן אָפן דאָס וואָס ער האָט געמיינט:

— אונדזער פאָלק האָט ניט קיין געוויסן... דאָס רוסישע גע־וויסן איז געגליכן צו אַ הויפן פון זאַמד, וווהין דער ווינט טראָגט עס, אַהין ווערט עס אַוועקגעבלאָזן! די אַזוי גערופענע „יידישע פּראַגע״ איז אַ „רוסישע פּראַגע״, אַ פּראָבלעם פון דער רוסישער קולטור, וואָס קאָן טאָלערירן אַזעלכע פּאַרפּאָלגונגען פון דעם רוסישן יידנטום.

מאַקסים גאָרקי האָט אַ סך גערעדט וועגן די פּאַרפּאָלגונגען — „עס גייט ניט אַוועק אַ טאָג, אַז איך זאָל ניט טראַכטן וועגן דעם״ — ער האָט מיר אפילו איבערגעגעבן אַ ספּעציעל פּאַר מיר אָנגעשריבענעם סצענאַריאָ פּאַר אַ פילם וועגן צוויי חברים אַרבעטער, אַ ייד און אַ רוס, אין וועלכן דער רוס ווייזט זיך אַרויס צו זיין אַ פּראָוואָקאַטאָר. דעם מאַנוסקריפּט האָב איך אים געמוזט צוריק אומקערן, ווייל די פילם־געזעלשאַפט, פּאַר וועלכער איך האָב געלייענט די מאַנוסקריפּטן, האָט זיך צוליב פּאַרשידענע טעמים ניט געוואָלט באַנוצן מיט אים. איך האָב עס שטאַרק באַ־דויערט, אָבער איך האָב פּאַרשטאַנען, אַז די פילם־געזעלשאַפט האָט ניט געקאָנט אַנדערש האַנדלען.

די גרויסע רוסישע היסטאָריקער רעדן שטענדיק וועגן דער רוסישער קולטור ווי אַן אויסדרוק פון אייראָ־אַזיע, דאָס הייסט, פון אַ געמיש פון אייראָפּע און אַזיע. דאָס אַלטע רוסלאַנד האָט אַריינבאַקומען גרויסע מאַסן אינפילטרירטע מאָנגאָלן און איז ממילא געוואָרן איין אַ גרויסער מאָס מאָנגאָליש. דאָס מיינט ניט אומבאַדינגט נעגאַטיווע אַזיאַטישע עלעמענטן, אָבער דאָס מיינט, אַז דאָס פּאָלק און זיין קולטור זענען ניט אייראָפּעאיש נאָר אייראָ־פּעאיש־אַזיאַטיש, אייראַזיש.

**
*

אין אַלטע צייטן ווען אין רוסלאַנד האָט געהערשט פולשטענ־דיקע „סאַמאָדיערזשאַוויע" (אַליינהערשאַפט), האָבן רייד וועגן קאָנסטיטוציע און פּאַרלאַמענטאַריזם געשמעקט ווי אַן אָנדייטונג אויף רעוואָלוציע. מען דערציילט, אַז בשעת דעם אויפשטאַנד פון די דעקאַבריסטן אין 1825, ווען אַלעקסאַנדער דער ערשטער איז געשטאָרבן און ניקאָלאַי דער ערשטער האָט פאַרנומען דעם טראָן, האָבן די רעגימענטן פון די אויפשטענדלער פאַרלאַנגט, אַז דעם טראָן זאָל פאַרנעמען זיין ברודער קאָנסטאַנטין, וועלכער איז געווען דער נאַמעסטניק אין אונטערדריקטן פּוילן און פון וועלכן מען האָט געקאָנט כלומרשט דערוואַרטן ליבעראַלע רעפאָרמען. האָט מען די סאָלדאַטן אויסגעלערנט שרייען: „זאָל לעבן קאָנסטאַנטין און קאָנסטיטוציע!". די סאָלדאַטן האָבן געמיינט אַז די פרוי פון קאָנסטאַנטין הייסט קאָנסטיטוציע. דער שפּיל מיט די ווערטער האָט ניט געהאָלפן — ניקאָלאַי האָט צעשאָסן די אויפשטענדלער און אַ קאָנסטיטוציע האָט רוסלאַנד ערשט באַקומען אין אַכציק יאָר אַרום, נאָך דער גרויסער רוסישער מפּלה אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן.

די ערשטע קאָנסטיטוציע און די צווייטע אַ „פאַרבעסערטע" אויף אַ רוסישן אופן, האָבן עקסיסטירט צוזאַמען מיט די פיר דומאַס ביז צו דער גרויסער רוסישער מפּלה נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיט אַ געוואַלדיקער מפּלה פאַר דער רוסישער אַרמיי אין מזרח־פּריסן, אין די אַזוי גערופענע מאַזורישע בלאָטעס, האָט זיך די מלחמה אָנגעהויבן (1914) און געענדיקט האָט זי זיך מיט אַ סוף פון דעם אַלטן רעזשים, מיט דער פאַרניכטונג פון צאַריזם און מיט אַ שרעקלעכן ברוטאַלן בירגערקריג.

מיין מזל איז געווען צו אַרבעטן ווי אַ פּרעסע־מאַן אין דער פערטער און לעצטער דומאַ, פאַרברענגען כמעט אַ יאָר ווי אַ קאָרעספּאָנדענט אויפן רוסישן פראָנט אין פּוילן און אין מיטן פון 1915 פאַרלאָזן אויף שטענדיק רוסלאַנד. כדי דאָס ווייטערדיקע וואָס איך גיי דערציילן זאָל זיין פאַרשטענדלעך, מוז איך דאָ ברענגען אַ פּאָר מיינע ביאָגראַפישע דאַטעס. איך האָב אָנגעהויבן

מיין זשורנאַליסטישע אַרבעט אין דער דומאַ ניט ווי אַ „גרינער" נאָר ווי אַ גוט טרענירטער, טרענירט ווי אַ ייד און טרענירט ווי אַ רוסישער בירגער, שוין געזען אַ שטיק וועלט. דאָס איז געווען זייער וויכטיק, ווייל בשעת דער פערטער דומאַ האָט זיך אָנגע־הויבן די אמתע גסיסה פון דעם לאַנד, וואָס גייט אָן ביזן היינ־טיקן טאָג.

בשעת אַ בלוטיקן פּאָגראָם אין דער שטאָט קערטש ווו איך האָב געענדיקט מיט אַ פּאָר יאָר פריער די גימנאַזיע, בין איך געווען איינער פון די אָנפירער פון דער זעלבסטשוץ. ניט דער המון נאָר סאָלדאַטן האָבן צעשאָסן די קליינע גרופּע פון זעקס און פופציק יונגעלייט. דער מאַן, אַ בחור פון אַ זעכצן יאָר, דווקא ניט קיין ייד נאָר אַן אוקראַאינער — אַליאָשאַ קיריטשענקאָ — וואָס איז געשטאַנען לעבן מיר איז אין אַ סעקונדע דערשאָסן געוואָרן.

צו דער צייט האָב איך שטודירט אין בערלין אַגראָנאָמיע און איך געווען אַן אָפּטער באַזוכער ביי די זיצונגען אין רייכסטאַג. נאָכן פאַרענדיקן די שטודיעס אין בערלין אָנגעהויבן נייע שטודיעס אין אָדעסער אוניווערסיטעט, יורידישער פאַקולטעט, באַזוכט רו־מעניע בשעת דער גרויזאַמער רעוואָלוציע פון די פּויערים און געקומען קיין פּעטערסבורג אָנגיין ווייטער מיט מיינע יורידישע אוניווערסיטעט־שטודיעס און באַקומען אַ פּאָסטן אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט (ייק"א), ווו איך בין געבליבן פינף יאָר.

ווי געזאָגט, איך ברענג אָט די פּאָר אויטאָביאָגראַפישע דאַטעס כדי קלאָר צו מאַכן, אַז ווען איך האָב איבערגענומען די וויכטיקע אַרבעט אין דער דומאַ פאַר דעם גרויסן רוסישן בלאַט אין מאָס־קווע בין איך געווען יונג אין יאָרן אָבער שוין גענוג דערוואַקסן צו קאָנען גוט זען און גוט הערן, וואָס עס קומט פאָר אין דעם גרויסן לאַנד, אין רוסלאַנד. איך בין שוין געווען זייער אַקטיוו אַלס מיטאַרבעטער אין דעם באַקאַנטן רוסיש־יידישן וואָכנבלאַט „נאָווי וואָסכאָד", וואָס האָט געהערט צו דער וויכטיקער גרופּע מ. ווי־

נאַווער און ה. סליאָזבערג, צוויי באַקאַנטע אַדוואָקאַטן און מנהי־
גים פון יידישע פּאָליטישע אינטערעסן. איך בין אויך געווען זייער
אַקטיוו אַלס פּערמאַנענטער קאָרעספּאָנדענט פון דעם וואַרשעווער
„היינט", וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון ש. יאצקאן און נ. פינ־
קעלשטיין און וואָס האָט צו יענער צייט געהאַט אַ צירקולאַציע
פון איבער הונדערט טויזנט אַ טאָג. די גרעסטע יידישע שריי־
בערס מיט דוד פרישמאַן און ש. אַש אין דער שפּיץ האָבן גע־
שריבן פאַרן „היינט". עס איז געווען אַ גרויס מאָדערן איירא־
פּעאיש בלאַט געשריבן אין אַ גוטן און ריינעם יידיש. עס האָט
געמוזט זיין ריין און ציכטיק, עס איז געווען די צייט פון דעם
פונאַנדערבליען זיך פון דעם בייזוויליקסטן און געמיינסטן פּוילישן
אַנטיסעמיטיזם. דעם גאַנצן פּוילישן צאָרן קעגן דעם אימפּעריאַ־
ליסטישן רוסישן אונטערדריקער האָט מען אויסגעגאָסן אויף דעם
פּוילישן יידנטום. מען האָט אפילו פאַרפאָלגט יידן אַלס רוסיפי־
קאַטאָרס, הגם דער דורכשניטלעכער פּוילישער ייד האָט ניט
געקאָנט ניט נאָר רעדן נאָר אפילו פאַרשטיין רוסיש...

אָט מיט דער שולע און מיט דער טרענירונג בין איך אַריין
אין דעם טאַורישן פּאַלאַץ, ווו די גאסודארסטווענאַיאַ דומאַ האָט
זיך געפונען, אַלס פאַרטרעטער פון מיין רוסישן בלאַט אין
מאָסקווע...

(„אונדזער וואָרט", דעם 21־טן נאָוועמבער 1970)

# „שפּאַנישע אינקוויזיציע"

מיר מיינען דעם שפּאַנישן פראַנקאָ־רעזשים, דעם פּראָצעס אין בורגאָס, די שפּאַנישע פּייניקער פון די אַרעסטירטע, די מערדערס, וואָס האָבן באַקומען פון פראַנקאָ אַ „פרייע האַנט" און האָבן איצט דאָס „רעכט" ווען זיי ווילן און וועמען זיי ווילן צו אַרעסטירן אויף ווי לאַנג זיי ווילן.

פראַנקאָס רעזשים איז דאָך גוט באַקאַנט אין דער וועלט, ער איז ניט פאַרגעסן, ער קאָן ניט ווערן פאַרגעסן. פּלוצלינג אָבער האָט ער אויפגעריסן פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט און איז געוואָרן „פּאָפּולער", האָט אַרויסגערופן פּראָטעסטן פון אַלע עקן וועלט, אַזוי ווי דער שפּאַנישער בירגערקריג איז נאָך אין פולן גאַנג. בורגאָס און סען־סעבאַסטיאַן רוקן זיך אָפּ אויפן צווייטן אָרט, דעם הויפּט־פּלאַץ פאַרנעמט פראַנקאָ אַליין און זיין רעזשים.

שפּאַניע האָט אויפגעוועקט דעם זכרון פון דער פאַרגאַנגענ־הייט, האָט אויפגעוועקט די געשטאַלט פון פראַנקאָ און פראַנקיזם און אויפגעוועקט די דראַמע, וואָס מיר האָבן דאָך ערשט ניט לאַנג איבערגעלעבט.

די שפּאַנישע אינקוויזיציע הערשט ניט נאָר אין מאַדריד. גייען דאָך אָן „שפּאַנישע פּראָצעסן" אין סאָוועט־רוסלאַנד און אין אַ סך אַנדערע לענדער. פראַנקאָ האָט צוגעגרייט אַ רעוואָלוציע אויף אַלע קאָנטינענטן. אין אַלע דרום־אַמעריקאַנישע לענדער הערשט אַ „שפּאַנישער רעזשים" און טאָג־טעגלעכע פּראָצעסן קעגן רע־

בעלן ווערן פּראַקטיצירט פּערמאַנענט און קיינער פּראָטעסטירט ניט.

די סעפּאַראַטיסטישע באַוועגונגען צעשפּילן זיך איצט אין אַלע טיילן פון דער וועלט, ווייל די מלוכה אַלס אַזעלכע האָט זיך קאָמ־פּראָמיטירט און דער סעפּאַראַטיזם אין אירלאַנד, אין קאַנאַדע, אין דייטשלאַנד און אין צענדליגער אַנדערע לענדער, איז אין ס׳רוב פאַלן ניט קיין אַנדערע דערשיינונג, ווי אַ דראַנג צו באַפרייען זיך פון די קייטן, וואָס די מלוכה לייגט אַרויף אויף יעדן איינציקן.

פראַנקאָ האָט דאָס רעכט צו ענטפערן אויף די פּראָטעסטן קעגן זיין ברוטאַליטעט מיט אַ פּראָטעסט קעגן זייער אַבסאָלוטער פאַלשקייט. אָט האָט זיך פאַר די אויגן פון דער וועלט צוגעגרייט, און מיט רוסישע טאַנקן דורכגעפירט, אַ פּאָגראָם און אַ מיליטע־רישע אָקופּאַציע פון טשעכאָסלאָוואַקיע. ווער פון די היינטיקע פּראָטעסטאַנטן האָט פּראָטעסטירט קעגן דער סאָוויעטישער אַקציע ?...

איז די שענדלעכע דראַמע אַרום דעם נאָבעל־פּרייז פאַר דעם באַרימטן רוסישן שרייבער סאָלזשעניצין, פון אַ קלענערן אינטע־רעס און פון קלענערער וויכטיקייט ווי דער שענדלעכער פּראָצעס פון די שפּאַנישע סעפּאַראַטיסטן אין בורגאָס ? און דאָס צעשיסן מיט דער הילף פון רוסישע טאַנקן די אויסגעהונגערטע פּוילישע מאַסן, וועלכע פּראָטעסטירן קעגן די נייע געהעכערטע פּרייזן אויף לעבנס־מיטלען, איז פון אַ קלענערן אינטערעס, ווי דאָס פּייניקן שפּאַנישע רעוואָלוציאָנערן אין די שפּאַנישע געפענגעגנישן ?

דאָס זענען אַלץ „קלייניקייטן״ אין פאַרגלייך מיט די אַלאַר־מירנדיקע אַמעריקאַנער נייעס וועגן די אָפענע מלחמה־צוגריי־טונגען פון דער רוסישער אַרמיי אין נאָענטן־ ווי אין ווייטן־מזרח, אינעם מיטללענדישן ים און אין אַנדערע אָקעאַנען. די טעג דאַרפן דערשיינען ניקיטאַ כרושטשאָווס „נאָטיצן״ אָדער „זכרונות״ פון וועלכע מיר האָבן שוין באַקומען צו וויסן גענוג אין די פיר סקיצן, וואָס דער אַמעריקאַנער זשורנאַל „לייף״ און ניינצן אַנ־דערע זשורנאַלן אין פיר אַנדערע לענדער האָבן געדרוקט אויסצוגן,

כדי צו האָבן אַ באַגריף פון דעם, וואָס עס שפּילט זיך אָפּ ביז צום היינטיקן טאָג אין קרעמל. דאָס אַרומפּאָרן פון דעם סאָוויעטישן קריגס־מיניסטער גרעטשקאָ און זיינע רעדעס צו דער סאָוויעטישער אַרמיי — כדי זיי אויפצומונטערן און רופן גרייט צו זיין צו דער קומענדיקער שלאַכט — און זיין קאַמפּאַניע מיטן אָנזאָג, אַז די שונאים פון סאָוויעט־רוסלאַנד מאָביליזירן זיך, דאַרף באַווייזן אַז זיי ווילן באַפאַלן דאָס פרידלעכע סאָוויעט־רוסלאַנד און פאַרניכטן דעם סאָוויעטישן רעזשים...

די דאָזיקע קאַמפּאַניע ווערט געפירט פּאַראַלעל מיט אַן אַנדערער סאָוויעטישער קאַמפּאַניע: רופן וואָס גיכער און וואָס אַ ברייטערע קאָנפערענץ פאַר אייראָפּעאישער זיכערקייט. די סאָוויעטישע פּרעסע איז זייער צעררייצט פון דעם, וואָס קיינער נעמט ניט ערנסט די סאָוויעטישע קאַמפּאַניע, וואָס פאַקטיש באַטראַכט מען די סאָוויעטישע רייד וועגן דער זיכערקייטס־קאָנפערענץ אַלס אַן אָפענע בלאָפערײ, כדי צו פאַרדעקן און פאַרשלייערן די סאָוויעטישע מיליטערישע מאָביליזאַציע צו אַן אַקציע, וואָס דאַרף פאַרזיכערן די דאָמינירנדיקע מאַכט פון רוסלאַנד.

***

דאָס ערשט דערשינענע בוך אויף פראַנצייזיש פון דעם באַקאַנטן אַמעריקאַנער שרייבער האַריסאָן סאַלסבערי „כינע און סאָוויעט־רוסלאַנד" איז אייגנטלעך די גרעסטע סענסאַציע פון פּאָליטישן סעזאָן, אַזוי גרויס און אַזוי וויכטיק, אַז דער רעזשים פון פראַנקאָס „שפּאַנישער אינקוויזיציע" פאַרלירט זיין ווערט און באַדייטונג. סאַלסבערי, וועלכער איז דער וויצע־שעף רעדאַקטאָר פון „ניו־יאָרק טיימס" איז איינער פון די עטלעכע ערשט־קלאַסיקע קענער פון אַזיע און הויפּטזאַכלעך פון דעם ביטערן קאַמף פון קאָמוניסטישן כינע און קאָמוניסטישן רוסלאַנד. ער איז ניט לאַנג ווידער געווען אין רוסלאַנד און אין כינע, אַרומגעפאָרן דאָרט און ווידער באַזוכט מאָנגאָליע, די אַלטע כינעזישע פּראָווינץ, וואָס רוסלאַנד האָט קאָמוניזירט און פאַרוואַנדלט אין אַ מיליטערישער

באַזע פאַר דער קומענדיקער מלחמה קעגן כינע. סאַלסבערי דער־ציילט קורץ די געשיכטע פון אַלטן רוסלאַנדס אַריינדרינגען אין כינע, ווען די פשוטע פעלדצוגן, וואָס האָבן זיך אָפט געענדיקט מיט מפּלות, אָבער זיי גייען נאָך אָן. סאָוויעט־רוסלאַנד איז מער עקשן ווי דאָס אַלטע רוסלאַנד, מער ברוטאַל און וויל ניט אַרויס פון אַזיע.

סאַלסבערי איז ניט קיין סענסאַציאָנאַליסט, אָבער ער באַ־ווייזט שוואַרץ אויף ווייס, אַז די קלאַנגען וועגן דער טיפער פיינד־שאַפט צווישן כינע און אַמעריקע זענען ניט קיין פוסטע רייד. דער קאָנפליקט צוליב פאָרמאָזע און טשאַן קיי שעק איז פונאַנדערגע־בלאָזן. טויזנטער מיילן טיילן אָפּ כינע פון אַמעריקע און עס איז ניטאָ קיין יסוד פאַר אַ מלחמה צווישן זיי. דערפאַר מוז געזאָגט ווערן קלאָר און דייטלעך, אַז אַ מלחמה אויף טויט און לעבן צווישן כינע און סאָוויעט־רוסלאַנד איז אומפאַרמיידלעך.

האַריסאָן סאַלסבערי דערמאָנט די אַלטע, אָבער זייער ווייניק באַקאַנטע געשיכטע פון רוסלאַנדס אַריינדרינגען אין דעם ווייטן מזרח צו דעם אַמור און אויף יענער זייט פון אַמור; די אַנטשטיי־אונג פון כאַבאַראָווסק, די קאָנפליקטן ביים אוסורי און דאָס קאַ־טעגאָרישע אָפּזאָגן זיך פון דער סאָוויעט־רעגירונג צו פאַרהאַנד־לען מיט דעם היינטיקן כינע דאָס פּראָבלעם פון די סאָוויעט־כי־נעזישע גרענעצן. מען קאָן פאַרשטיין, אַז רוסלאַנד זאָגט זיך אָפּ פון אַזעלכע פאַרהאַנדלונגען, ווייל ווי זיי זאָלן ניט געפירט ווערן, וועט דער סך־הכל זיין דער זעלבער — רוסלאַנד וועט זיין גע־צוווּנגען צו פאַרלאָזן ניט נאָר דעם ווייטן מזרח, נאָר אפשר אויך צו פאַרלירן גאַנץ סיביר, וואָס עס וועט מיינען אַ צוזאַמענברוך פון דער סאָוויעטישער אימפּעריע...

ווי געזאָגט, איז סאַלסבעריס בוך פאַקטיש אַ גרעסערע סענ־סאַציע ווי די „נאָטיצן" אָדער „זכרונות" פון ניקיטאַ כרושטשאָוו. דרך אגב, דערציילט סאַלסבערי אין זיין בוך, אַז ווען כרושטשאָוו איז געווען דער מעכטיקער דיקטאַטאָר פון רוסלאַנד און האָט באַזוכט פּעקין, האָבן אים די כינעזישע מאַכט־האָבערס פאַר־

געשלאָגן אָנצוהייבן די פאַרהאַנדלונגען וועגן די גרענעצן. כרושטשאָוו האָט אויף דעם געענטפערט מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער חוצפה, אַז ער וויל אפילו ניט רעדן דערוועגן. ער איז אַוועק פון פעקין קיין האָנג־קאָנג און דאָרט עפנטלעך געהאַלטן אַ באַליידיקנדיקע רעדע וועגן די פירערס פון קאָמוניסטישן כינע.

אין קרעמל איז מען אפשר איבערצייגט, אַז די צייט אַרבעט לטובת סאָוויעט־רוסלאַנד. אָבער זיי, די הערשער פון קרעמל, קאָנען ניט זיין אַזוי בלינד און ניט זען אָדער ניט וועלן זען, אַז די באַפעלקערונג פון כינע וועט אין אַ צען יאָר אַרום דערגרייכן אַזוי גוט ווי אַ מיליאַרד נפשות. דער גורל פון אַזיאַטישן טייל רוסלאַנד איז דעריבער פון פאָראויס באַשטימט...

דער צענטער פון דער „שפּאַנישער אינקוויזיציע" אין אַ וועלט־פאַרנעם איז שוין פון לאַנג אַריבער פון שפּאַניע קיין מאָסקווע. אפילו אויב מען זאָל זיך ניט גריבלען אין דער געשיכטע פון שפּאַנישן בירגער־קריג און סטאַלינס ראָלע אין דעם טראַגישן סוף פון דעם קריג, איז ריין אידעאָלאָגיש דער קאַמף געוואָרן אַ וויכטיקער צענטער פון וועלט־רעאַקציע, ווי דער הייטיקער רעזשים אין פראַנקאָ־שפּאַניע.

מיר האָבן אויסגעמיטן צו רעדן דאָ וועגן מאָסקוועס ראָל אין דעם פונאַנדערבויען זיך פון אינטערנאַציאָנאַלן אַנטיסעמיטיזם. עס איז טאַקע פאַר אונדז וויכטיקער צו זען די אַלגעמיינע דעגענעראַציע פון דעם סאָוויעטישן רעזשים. ווען מען לייענט די סאָוויעטישע קאַמפּאַניע קעגן סאָלזשעניצינען און קעגן דער עפנטלעכער מיינונג פון דער גאַנצער וועלט, וואָס שטיצט דעם אומגליקלעכן שרייבער, מוז מען קומען צום אויספיר, אַז דער סאָוויעט־רעזשים קאָן שוין ניט פאַלן נידעריקער ווי ער איז איצט געפאַלן.

דער פּראָצעס אין בורגאָס און אין לענינגראַד זענען אין דער אמתן פּראָצעסן, ווו די רעזשימען משפּטן זיך אַליין...

(„אונזער וואָרט", דעם 24־טן דעצעמבער 1970)

# „פער גינט" אויף העברעאיש

ווי אַלץ וואָס הענריך איבסען האָט געשריבן, האָט „פער גינט", וועלכן דער גרויסער נאָרוועגישער שרייבער האָט אַליין אָנגערופן „דראַמאַטיש געדיכט", געשאַפן אַרום זיך אַ גרויסע ליטעראַטור. די דאָזיקע פּיעסע איז אָנגעשריבן געוואָרן אויף דעם איטאַליענישן אינדזל איסקיאַ, אַ שעה פאָרן מיט דער שיף פון נעאַפּאָל, פאַרביי דעם אינדזל קאַפּרי. די דאָזיקע פּיעסע איז פאַרענדיקט געוואָרן זומער 1867 און געדרוקט געוואָרן אין נאָוועמבער פון זעלבן יאָר אין קאָפּענהאַגען, דער הויפּט־שטאָט פון דענעמאַרק און ניט אין נאָרוועגן ; אין אַן אַנדער סקאַנדינאַווישן לאַנד. דאָס איז ניט געשען צופעליק. אויך די צוויי זייער באַקאַנטע פּיעסן פון איבסענען, „נאָראַ" און „העדאַ גאַבלער", זענען צום ערשטן מאָל אויפגעפירט געוואָרן ניט אין נאָרוועגן, נאָר אין קאָפּענהאַגען, ווו עס האָט געלעבט און געווירקט דער דעניש־יידישער ליטעראַטור־היסטאָריקער געאָרג בראַנדעס, אַ גרויסער באַוווּנדערער פון דעם נאָרוועגישן דראַמאַטורג.

הענריך איבסען איז געוועזן צעקריגט מיט זיין לאַנד און געהאַט זיין היים הויפּטזאַכלעך אין דייטשלאַנד. עס איז אַ באַזונדערע טעמע : צי דער שרייבער איז געוועזן צו גרויס פאַר זיין לאַנד אָדער דאָס לאַנד איז געוועזן צו קליין פאַר אים דעם טיפן דענקער. די קריטיקער טייטשן אויס זיינע ווערטער און לייגן אין זיי אַריין אַזעלכע מיינונגען, וואָס ער האָט גאָר ניט געהאַט אין זינען ביים שרייבן. דאָס איז זיכער אמת. אָבער איך גלייב, אַז

איך וועל ניט מאַכן קיין טעות, זאָגנדיק אַז ביזן היינטיקן טאָג גריבלט מען זיך אין נאָרוועגן אין איבסענס פּיעסן און מען באַ־מיט זיך נאָך אַלץ אויסצוגעפינען וועמען ער האָט געמיינט מיט דער אָדער אַנדערער פּערסאָן אין דער פּיעסע.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז דער שרייבער פון די שורות האָט מיט אַ היפּש ביסל יאָרן צוריק פאַרבראַכט אויף דעם אינדזל איסקיא און אין דעם פּלאַץ, וואָס הייסט קאַזאמיט שיאלא, באַזוכט דאָס הויז ווו איבסען האָט געשאַפן זיין „פּער גינט״ און דאָס גרויסע צימער, פון וועלכן ער האָט געקאָנט זען דאָס אומבאַשרייב־לעכע שיינע וואַסער פון ים. אייגנטלעך איז עס נאָר אַ העלפט פונעם הויז, וואָס איז צעשטערט געוואָרן דורך אַן אויפרייס פון דעם ווולקאַן עפּאָטעא, אַן אויסברוך וואָס איז געשען נאָך דעם, ווי דער נאָרוועגישער דיכטער האָט פאַרלאָזט דעם אינדזל, וועלכער איז היינט צו טאָג אַ זייער טייערער קוראָרט, מיט באַצויבערנדיקע פּלעצער, נייע האָטעלן און מאַסן טוריסטן.

***

הונדערט מיט פיר יאָר נאָך דעם ווי „פּער גינט״ איז אָנגע־שריבן געוואָרן, ווערט דאָס דאָזיקע „דראַמאַטישע געדיכט״ אויס־געפירט דורך דער „הבימה״ אין תל־אביב אויף העברעאיש. פאַר דעם יידישן לייענער, ספּעציעל פאַר דעם, וואָס פאָלגט נאָך די העברעאיסטישע קאַמפּאַניע קעגן יידיש אין מדינת ישראל, מוז זיין פון גאַנץ גרויסן אינטערעס די ראָל פון „פּער גינט״, אין דעם נאָרוועגישן שפּראַכן־קאַמף. דאָס איז אין סקאַנדינאַוויע געווען, און איז נאָך אפשר ביז היינט, אַ גאַנץ ערנסטער פּראָבלעם און ניט בלויז אַ לינגוויסטיש פּראָבלעם. נאָרוועגן איז פריער געווען אַ טייל פון דענעמאַרק און שפּעטער אַ טייל פון שוועדן. נאָרוועגיש און דעניש זענען די זעלבע שפּראַך כאָטש דער טאָנענפאַל איז אַן אַנדערער. די ווערק פון איבסען, האַמסון, ביאַרנסאָן זענען געשריבן אויף דעניש. האָפנטלעך וועט דער אַרטיקל ניט אַריינ־פאַלן אין די הענט פון אַ נאָרוועגער און איך וועל אויסמיידן אַ

שטראָף. איצט איז די אָרטאָגראַפיע פון נאָרוועגיש שטאַרק גע־
ענדערט, אַלץ מוז זיין הונדערט פּראָצענט נאָרוועגיש...

דער וואָס האָט אַ סך יאָרן געלעבט אין די סקאַנדינאַווישע
לענדער פאַרשטייט און ווייסט, אַז די דריי סקאַנדינאַווישע פעל־
קער — שוועדן, נאָרוועגער און דענער — זענען דריי פאַרשידענע
פעלקער. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ באַוועגונג פאַר אויפלעבן די
אוראַלטע נאָרוועגישע שפּראַך, די דאָזיקע שפּראַך זאָל הייסן —
„ני נארסק", ניי נאָרוועגיש, און וועט באַשטיין פון אַלטע נאָרווע־
גישע דיאַלעקטן. די רעאַליזאַציע פון דאָזיקן נאַציאָנאַלן חלום
האָב איך געזען גראָד ווען דער גרויסער נאָרוועגישער שוישפּילער
און רעזשיסער יאקאב, האָט אויפגעפירט „פּער גינט" אין אַן אי־
בערזעצונג אויף „ני נארסק". יאקאב איז שוין לאַנג געשטאָרבן,
זיין פאָרשטעלונג פון „פּער גינט" איז געווען אַ גלענצנדיקע.

אָבער איך האָב ניט באַגעגנט קיין איין מענטש, דערין אויך
ניט קיין נאָרוועגער, וואָס זאָל האָבן פאַרשטאַנען אַ וואָרט פון דער
פאָרשטעלונג. אין דעם אָרקעסטער פון טעאַטער האָט געשפּילט
מיינער אַ גוטער פריינד אַ וויאָלאָניסט, אַ נאָרוועגישער ייד, אַנסעל
שער (אויך לאַנג שוין געשטאָרבן), וועלכער האָט מיך פאַרזיכערט,
אַז ניט ער און ניט קיינער פון זיינע פריינד פאַרשטייט אַ וואָרט
פון דעם צוגעשמירטן נייעם טעקסט...

צו „פּער גינט" האָט איבסענס פריינד, דער באַרימטער נאָר־
וועגישער קאָמפּאָזיטאָר גריג, אָנגעשריבן מוזיק וואָס פלעגט גע־
שפּילט ווערן אויך אין דער פאָרשטעלונג. דער פאַנאַטיזם אָבער
פון די נאָרוועגישע „העברעאיסטן" — „ני נאָרסקיסטן", איז אַזוי
ווייט געגאַנגען אַז זיי האָבן צום נייעם טעקסט באַשטעלט נייע
מוזיק ביי אַ באַקאַנטן נאָרוועגישן קאָמפּאָזיטאָר סעווערוד. נייע
מוזיק! — דאָס איז באמת געווען אַ שענדלעכע פּראָפאַנאַציע. איך
האָב ניט ביי מיר דעם באַנד מיט דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן איב־
סען און גריג, אָבער איך געדענק גוט איבסענס אָנווייזונגען
צו גריגן, וואָס פאַר אַ מוזיק עס דאַרף זיין, אויף וויפיל טאַקטן,
אַלץ איז געווען אויספירלעך אָנגעוויזן.

איך, ווי אַ סך אַנדערע, בין געווען אַזוי אויפגעבראַכט פון דער נייער מוזיק, אַז איך האָב אפילו זי ניט געוואָלט הערן בעת דער נאָרוועגישער גאַלאַ־פאָרשטעלונג אין שטאָקהאָלם ווו יאַקאָב האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע, די ראָלע פון פּער גינט.

די קאָמפּאַניע פאַר דעם נייעם נאָרוועגישן לשון איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ביכער, וואָס זענען געווען געדרוקט אין קאָפּענהאַגען, האָט מען ניט געטאָרט אַרויסשטעלן אין די פענצטער פון די בוכ־האַנדלונגען אין אָסלאָ. די אַלטע און זייער באַקאַנטע פאַרלאַג־פירמע „גולדענדאל״ אין קאָפּענהאַגען האָט געמוזט רעגיסטרירן אין אָסלאָ אַ נאָרוועגישע פירמע, וואָס הייסט „גולדענדאל נארסק פאַרלאַג״.

***

„פּער גינט״ איז ניט נאָר אַ דראַמאַטיש געדיכט, ווי דער מחבר האָט אָנגערופן זיין ווערק, נאָר אויך אַ ראָמאַנטיש געדיכט געבויט אין אַ גרויסער מאָס אויף דער פּערזענלעכער דראַמע פון דעם דיכטער הענריק איבסען, וועלכער קאָן מיט רעכט אָנגערופן ווערן דער שעקספּיר פון דער נייער אייראָפּעאישער דראַמאַטורגיע. ער האָט ניט געקאָנט לעבן בשלום מיט זיין פאָלק פונקט אַזוי ווי דער דענישער פילאָסאָף סערען קירקעגארד, הייגט דער שטאָלץ פון דער דענישער ליטעראַטור: ער האָט געשריבן און אַרויסגעגעבן אויף זיין אייגענעם חשבון און געשטאָרבן אין איינזאַמקייט, נאָך אַן עפּילעפּטישן אָנפאַל אויף דער גאַס.

דאָס זענען גרויסע דראַמעס פון קליינע פעלקער.

„פּער גינט״ אין אָריגינאַל לייענט זיך ווי אַ מוזיקאַלישע דראַמע אפילו אָן מוזיקאַלישער באַגלייטונג. אַזוי איז עס אויך מסתמא אויף העברעאיש. די לינגוויסטישע מאַכינאַציעס מיט דעם ווערק אין נאָרוועגן גופא האָבן זיך ניט איינגעגעבן. דער אָריגי־נאַל אין איבסענס שפּראַך און די מוזיק פון גריג וועלן באַהאַלטן זייער צוציאונגס־קראַפט אין דער אייביקייט אַריין...

(„לעצטע נייעס״, דעם 2־טן אַפּריל 1971)

## „רעוועלאַציעס" וועגן רוסלאַנד

עס איז אָן שום צווייפל אַן אינטערעסאַנטע געשעעניש. „לייף" דרוקט ניקיטאַ כרושטשאָווס סענסאַציאָנעלע נאָטיצן און זכרונות וועגן סטאַלין, בעריאַ און דער גאַנצער סביבה פון די הויפּט־פּאַר־ברעכער אין קרעמל, צו וועלכער ער אַליין, ניקיטאַ, האָט געהערט. כאָטש אַלע סענסאַציעס זענען גאָר ניט קיין נייעס און מען גע־דענקט זיי זייער גוט, דרוקט מען זיי ווידער און ווידער און דער עולם וואַרפט זיך אויף זיי ווי אויף פריש־געבאַקענע ברויטלעך און מען צעכאַפּט זיי. דאָס איז, נאַטירלעך, אַ באַווייז אַז די וועלט ניי־טיקט זיך נאָך אַלץ אין אינפאָרמאַציעס, אין וויסן וואָס מער וועגן דעם דאָזיקן רוסישן מאָנסטער. ס'איז ניט צוליב דעם, וואָס מען איז בכלל זשעדנע אויף נייעס; די וועלט האָט מורא, פּשוט גע־רעדט, מען האָט מורא. ווען גרעטשקאָ קומט מיט אַ העפלעכקייטס־באַזוך קיין שטאָקהאָלם און קאָסיגין קומט אָן קיין בערלין, אין דעם קאָמוניסטישן טייל פון בערלין; ווען ברעזשניעוו קומט אין דער ווייטער הויפּט־שטאָט פון אַרמעניע עריוואַן כדי צו באַ־גריסן די אַרמענישע רעפּובליק, ציטערט אויף מענטשן די הויט און מען בלייבט ווי פאַרגליווערט...

אַמעריקע און ענגלאַנד, אויך פראַנקרייך און דייטשלאַנד, האָבן עטלעכע שרייבערס און דיפּלאָמאַטן וואָס קענען גוט די נייע רו־סישע געשיכטע, זענען געווען מערערע מאָל אין רוסלאַנד און קע־נען גאַנץ גוט די רוסישע „דושאַ", די נשמה, וואָס די רוסן מיינען אַז זי איז אַ צאַצקע וואָס מען קאָן זי געפינען נאָר אין רוסלאַנד.

וואָלט מען דאָך געקאָנט מיינען אַז אַלץ וואָס איז רוסיש איז שוין מער ניט קיין געהיימעניש. ס'איז יאָ אַ געהיימעניש.

אין אַלע טיילן פון דער וועלט האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ שטורמישע יידישע פּראָטעסט־קאָמפּאַניע קעגן דער אַנטיסעמי־טישער פּאָליטיק פון דער סאָוויעט־רעגירונג. לויט מעלדונגען פון אַ סך זייטן איז עס קלאָר, אַז די רוסישע פּאָליציי, זיכער ניט לויט איר אייגענער איניציאַטיוו און זיכער מיט דער הסכמה פון דער רעגירונג, פּירט אָן מיט אַן אמתן טעראָר אויף יידן. עס זאָלן ווידער דורכגעפירט ווערן אַרעסטן פון יידן אין מערערע שטעט, מען זוכט — און מען געפינט — יידישע און העברעאישע ליטע־ראַטור. די יידישע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד זאָל האָבן דעם איינדרוק, אַז די אויספירלעכע פּלענער זענען אויסגעאַרבעט ווי צו טעראָריזירן די רוסישע יידן, גאַנץ באַזונדערס די, וואָס ווילן אויס־וואַנדערן קיין ישראל.

דער אַזוי גוט ווי אָפיציעלער סאָוויעטישער טעראָר באַווייזט, אַז די סאָוויעט־רעגירונג וועט זיך איצט אַזוי ווייניק רעכענען מיט די יידישע פּראָטעסטן אין אויסלאַנד, ווי ווייניק זי האָט זיך גערעכנט מיט די פּראָטעסטן קעגן דעם פּאָגראָם אין טשעכאָסלאָ־וואַקיע און קעגן דער מיליטערישער אָקופּאַציע פונעם קליינעם הילפסלאָזן לאַנד. קעגן דעם פּאָגראָם און אָקופּאַציע האָבן שאַרף פּראָטעסטירט די גרעסטע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, אָבער די סאָ־וויעט־רעגירונג איז אָנגעגאַנגען ווייטער מיט איר פּאָליטיק אין דעם פרעמדן לאַנד — דאָס איז רוסלאַנד!

***

אין אַלע „רעוועלאַציעס" וועגן סטאַליניזם און, ווי עס איז היינט די מאָדע צו זאָגן, נעאָ־סטאַליניזם, אין אַלע אויפקלערונגען און דערציילונגען וועגן דער אָקטאָבער־איבערקערעניש און דעם רוסישן בירגערקריג נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דאָ איין פונדאַמענטאַלער פעלער, וואָס דינט נאָר דער פּערמאַנענטער טע־ראָר־אַקציע פון דער סאָוויעט־רעגירונג. דאָס איז די איינרעדעניש,

אַז באָלשעוויזם האָט געבראַכן דעם אַלטן רעזשים און געשאַפן אַ נייעם רעזשים. פאַר מיר ליגן צוויי ווערק, איינס אַרויסגעגעבן מיט קנאַפּע פופציק יאָר צוריק אין פּאַריז: אַ גרויסע זאַמלונג רוסישע דאָקומענטן און קאָרעספּאָנדענץ געווידמעט דעם אויבער־פּראָקוראָר פון „הייליקן סינאָד״, קאָנסטאַנטין פּאָביעדאָנאָסצעוו, דעם הויפּט־קאָנסולטאַנט פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, און אַ בוך פון גענריך באָריסאָוויטש סליאָזבערג געווידמעט דעם אָנדענק פון באַראָן האָראַצי אָסיפּאָוויטש גינזבורג. דאָס ערשטע בוך האָט גאָר ניט צו טאָן מיט יידן און יידישע אינטערעסן, עס ווערן נאָר דאָ און דאָרט צופעליק דערמאָנט עפּיזאָדן פון אָפיציעלן רוסישן אַנטי־סעמיטיזם. פּאָביעדאָנאָסצעוו איז געווען דער שוואַרצער טייוולאָ־נישער גייסט, וואָס האָט גרונטיק צוגעגרייט דעם צוזאַמענברוך פון דעם אַלטן רוסישן רעזשים און דעם שרעקלעכן רוסישן בירגער־קריג. פּאָביעדאָנאָסצעוון קאָן מען האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך ניט נאָר פאַר דעם מאָרד פון די מיניסטאָרן סיפּיאַגין, פּלעווע און דעם גרויספירשט סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש, דעם גענעראַל־גובערנאַ־טאָר פון מאָסקווע, נאָר אויך פאַר דער ווילדער פּאָגראָם־כוואַליע אויף יידן, פאַר די בלוטיקע פויערים־רעוואָלטן און נאָך מער בלוטי־קער אונטערדריקונג פון די רעוואָלטן. אַזוי ווי שפּעטער, בשעת דער הערשאַפט פון ניקאָלאַי דעם צווייטן האָט די שוואַרצע רע־אַקציע געהאַט אַלס איר אַנערקענטן אידעאָלאָג אַ טאַלאַנטירטן פּראָפעסאָר פון יוריספּרודענץ, דעם יוסטיץ־מיניסטער שטשעגלאָ־וויטאָוו, באַרימט אַלס אָרגאַניזאַטאָר פון דעם ריטואַל־מאָרד־פּראָ־צעס פון מענדל ביילִיס, אַזוי איז פּאָביעדאָנאָסצעוו געווען אַ פּראָ־פעסאָר, אַ יוריסט. „סאַמאָדיערזשאַוויע״ און „פּראַוואָסלאַוויע״ זע־נען געווען די יסודות פון זיין אידעאָלאָגיע, פאַרשלייערט און פאַר־פוצט מיט די שיינע רייד פון די סלאַוויאַנאָפילן, פוסטע רייד, בשעת דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען קאָרומפּירט, אָפּגעשטאַנען, אויסגע־רויבט און געפאַלן.

דאָס אַנדערע בוך איז געווידמעט נאָר דעם פּראָבלעם פון די אייביקע רדיפות און נגישות פונעם רוסישן יידנטום. באַראָן האָראַצי

גינזבורג, אַזוי זיין פאָטער פאַר אים און זיין זון דוד נאָך אים, האָבן אָפּגעגעבן זייערע לעבנס פאַר דעם קאַמף גרינגער צו מאַכן דאָס באמת שווערע לעבן פון דעם רוסישן יידנטום. סליאָזבערג, אַליין איינער פון די וויכטיקסטע יידישע מנהיגים פון יענער פינצטערער עפּאָכע, איז אין זיין שריפט איינגעהאַלטן געוועזן, אָבער עס ווערט איינעם קאַלט אין האַרצן, ווען מען לייענט די געשיכטע פון דער ברוטאַליטעט, פון די אומענדלעכע רדיפות, פון דעם אומ־פאַרשעמטן כוליגאַניזם, אָנהייבנדיק מיט די מיניסטאָרן און העכסטן באַאַמטן, ביז צו די לעצטע און קלענסטע לאָקאַלע באַאַמטע. מען וואונדערט זיך ניט וואָס די מאַסן־אויסוואַנדערונג פלעגט צונעמען פון רוסלאַנד ביז הונדערט און פופציק טויזנט יידן אַ יאָר, מען וואונדערט זיך ניט וואָס יידן האָבן גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין אַלע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען און זענען שטענדיק געווען געשווירענע שונאים פון דעם רעזשים. עס איז שווער צו פאַר־שטיין, ווי די מיליאָנען יידן האָבן געקאָנט אויסהאַלטן די פּערמאַ־נענטע אונטערדריקונג, די פּערמאַנענטע פאַרפאָלגונגען פון באַ־ליידיקונגען פון אַ גאַנץ פאָלק...

***

האָט זיך געענדערט עפּעס אין רוסלאַנד נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע מיט דריי און פופציק יאָר צוריק?

האָט דאָס פּנים פון דעם נייעם רוסישן רעזשים באַקומען אַן אַנדער אויסזען? האָבן די באַגריפן פון דעמאָקראַטיע און סאָ־ציאַליזם באַקומען אַן אַנדערן קלאַנג זינט די מאָנאַרכיע איז פאַר־שוואונדן? איז דאָ אַ ניי רוסלאַנד?

איז דען די מאַכט פון קאָמוניסטישער סאַמאָדיערזשאַוויע, פון דער פּאָליטישער פּאָליציי, פון דער צענזור, פון דער הער־שאַפט איבער די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן ניט פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ מין אינקוויזיציע, וועלכע האָט איבערגעשטיגן אַלץ, וואָס מיר האָבן געזען בשעת דעם לעצטן אַלטן רעזשים?

דער מערדערישער רעזשים פון סטאַליניזם האָט געדויערט

מער פון דרייסיק יאָר. איצט האָט מען כמעט פאַרגעסן די עטלעכע גרויסע פּראָצעסן, בשעת וועלכע די היינטיקע מאַכט־האָבער אין רוסלאַנד האָבן סיסטעמאַטיש אויסגעמאָרדעט די גרינדער פון דעם נייעם רעזשים. די מערדערישע פאַרפאָלגונגען פון די רוסישע יידן איז אַ ביי־פּראָדוקט פון דעם אַלגעמיינעם מאָרד־פּסיכאָז אין לאַנד. ניט נאָר יידן האָבן ניט קיין מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן דעם רו־סישן גיהנום. קיינער קאָן ניט פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

אַ דאַנק די גרויסע פּאָליטיש־מיליטערישע אַוואַנטורעס איז, דוכט זיך, איצט געוואָרן קלאָר פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז סאָ־וויעט־רוסלאַנד, די קאָלאָסאַלע רוסישע מיליטער־מאַכט און איר עקספּאַנסיע איז אַ סכנה און אַז די מאַכט מוז געבראָכן ווערן און אומשעדלעך געמאַכט ווערן. דאָס ערשט דערשינענע בוך פון האַ־ריסאָן סאַלסבערי „כינע און סאָוויעט־רוסלאַנד", דערציילט אויס־פירלעך די געשיכטע פון דער רוסישער עקספּאַנסיע אין אַזיע און באַווייזט, אַז דער „קאָנפליקט", דאָס הייסט, אַ גרויסע מלחמה צווישן די צוויי סופּער־מאַכטן איז אומפאַרמיידלעך. עס ווערט אויפגע־דעקט דער רוסישער אינטריגן־שפּיל פאַר די לעצטע צוויי הונ־דערט יאָר, די קאַמפּאַניע, וואָס סטאַלין האָט געפירט קעגן דעם קאָמוניסטישן כינע און די היינטיקע שטעלונג פון די צוויי קעג־נערס. אויב מיר מאַכן ניט קיין טעות, איז עס צום ערשטן מאָל אַזוי אָפן דערציילט און אַזוי גענוי דאָקומענטירט דער פאַרזוך פון פריערדיקן און היינטיקן רוסישן רעזשים איינצובירגערן זיך אין מאָנגאָליע, אָפּרייסן די אַלטע כינעזישע פּראָווינץ פון כינע און אויסבויען דאָ אַ מיליטערישע באַזע פאַר די קומענדיקע אָפּע־ראַציעס.

סאַלסבערי באַשטייט אויף דעם, אַז אין דער אמתן איז ניטאָ קיין שום ערנסטער גרונט פאַר אַן אַמעריקאַנער־כינעזישן קאָנ־פליקט. די לענדער זענען ווייט איינס פון דאָס אַנדערע אויף מע־רערע טויזנטער מיילן, בשעת סאָוויעט־רוסלאַנד איז כינעס שכן און מוז געצוווּנגען ווערן אָפּצוגעבן צוגערויבטע ריזיקע כינעזישע טעריטאָריעס.

זינט מערערע יאָרן האָט דער שרייבער פון די שורות אָנגע־וויזן אויף די גרויסע צוגרייטונגען אין אַזיע צו אַ מלחמה, וועלכע וועט אַ סוף מאַכן צו דער רוסישער עקספּאַנסיע. דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די רוסישע וואַלד־קאָנצעסיעס ביים טייך יאַלו און מיט דער געוואַלדיקער רוסישער מפּלה אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן, אָנגעגאַנגען ווייטער מיט דער אַוואַנטורע אין מאַנדזשוריע, וועלכע האָט זיך אויך געענדיקט מיט אַ רוסי־שער מפּלה און וואָס גייט איצט אָן מיט דער גרויסער רוסישער אַוואַנטורע אין מאָנגאָליע.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער שטענדיקער פאַרכאַפּ־פּאָליטיק פון רוסלאַנד, פון אַלטן רוסלאַנד און פון נייעם רוס־לאַנד, אַז ניט קוקנדיק אויף דער גרויסער סכנה פאַר דער עקסיס־טענץ פון דער רוסישער אימפּעריע אין פאַל, אויב איר רוקנביין אין אַזיע וועט געבראָכן ווערן, גייען אָן די רוסישע מיליטערישע אַוואַנטורעס אין נאָענטן מזרח, אין צענטראַל־אייראָפּע (טשעכאָסלאָ־וואַקיע), אין וויטן צפון פון אייראָפּע (פינלאַנד און אייראָפּע) און אויף אַלעם ימים.

ניין, די רעוועלאַציעס וועגן רוסישע פּלענער אַנטדעקן ניט קיין נייעס, כלומרשט געהיימענישפולע און ביז איצט אומבאַקאַנטע. דאָס איז שטענדיק געווען די רוסישע עקספּאַנסיע־פּאָליטיק, ניט קוקנדיק אויף אַלע אירע דורכפאַלן. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז דאָס מאָל האָט זי זיך אַליין איבערגעטאַנצט און וועט האָבן דעם פאַרדינטן סוף...

(„דער וועקער", פעברואַר 1971)

# די ווייסע און די פאַרביקע

ווי פיינלעך דאָס זאָל ניט זיין מוז מען זאָגן וואָס אַלע ווייסן און פאַרשווייגן און מיינען אַז זיי זענען געצוווּנגען צו פאַרשווייגן. דאָס שוואַרצע אַפריקע, דער טויט אָדער מער געוועזענע קאָלאָניעס און פּראָטעקטאָראַטן וואָס זענען געוואָרן זעלבשטענדיקע מלוכות מיט אייגענע אַרמייען, רעגירונגען און באַרעכטיקטער פאָרשטייער־שאַפט אין אָנ״ו, מיט אומבאַגרענעצטע פּרעטענסיעס אויף טעכ־נישער, מיליטערישער און פינאַנציעלער הילף פון אַלע מעגלעכע קוואַלן — די דאָזיקע ניי־אַנטדעקטע וועלט האָט זיך אין פאַרלויף פון די לעצטע פאָר צענדלינג יאָר פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער סכנה פאַר די אַלטע פעלקער אין אייראָפּע. די מאַסן־מאָרדן אין ביאַפראַ, גוויניע, די דראָאונגען פון טאַנזאַניאַ און זאַמביאַ אויף דער קאָנפערענץ פון דער בריטישער „קאָמאָנוועלט אָף נײשאָנס״ אין סינגאַפור זענען נאָר קליינינקייטן פון דעם, וואָס עס שפּילט זיך היינט אָפּ אויף דעם אַפריקאַנישן קאָנטינענט. צופעליק באַקומט מען צו וויסן, אַז אין צענטראַל־אַפריקע, אין אַ ווילדן פּלאַץ וואָס הייסט טשאַד, איז אויסגעבראָכן „אַן אויפשטאַנד״ פון דער באַפעל־קערונג קעגן דעם פראַנצייזישן מיליטער און אַזוי פיל און אַזוי פיל „רעבעלן״ (?) זענען אויסגעהרגעט געוואָרן דורך פראַנצייזישע סאָלדאַטן. שפּעטער קומט די מעלדונג אַז בשעת דער דאָזיקער „רעוואָלטע״ זענען געפאַלן עטלעכע צענדלינג צווישן די פראַנ־צייזישע סאָלדאַטן. די פּאַריזער פּרעסע איז געווען אין גאַנצן דער־שיטערט און געהאַלטן אין איין פרעגן — וואָס האָט פראַנקרייך

צו טאָן אין טשאַד? וואָס פאַר אַ רעוואָלט איז אויסגעבראָכן און ווער קעגן וועמען רעוואָלטירט?

וואָס פאַר אַ סודותפולע בלוטיקע טראַגעדיע...

די נייעס וועגן דעם „רעוואָלט", צוזאַמען מיט די קריגס־ביל־דער פון דער אַפריקאַנער ווילדעניש, וואָס די פראַנצייזישע טע־לעוויזיע האָט געוויזן, האָבן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַן אויסגעטראַכטן קרימינאַל־ראָמאַן פון אַמאָליקע צייטן. מצד דער פראַנצייזישער רעגירונג איז אָבער קיין ענטפער אויף די אַלע פראַגן ניט געקומען...

עס וועט ניט זיין צו פיל געזאָגט, ווען מיר זאָלן דערמאָנען אַז אין גאַנץ אַפריקע — אין צפון, דרום, מזרח און מערב — גייט אָן די גאַנצע צייט אַ בלוטפאַרגיסן. דאָס וואָס אַ מאַן ווי סעקו טורע — דער דיקטאַטאָר פון גוויניע — האָט אָפּגעטאָן איז אַ שרעק־לעך, אָבער ניט קיין אומדערוואַרטעט געשעעניש. די אָנ"ו ווייסט עס זיכער, אַלנפאַלס דאַרף זי עס וויסן, אַז אַזעלכע מושלים ווי סעקו טורע זענען דאָ אין אַלע עקן אַפריקע.

אָן אַ פובליסיטי, אָבער מיט זייער אַ גרויסן פאַרנעם, האָט מען פאַרברויכט פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר הונדערטער מי־ליאָנען דאָלאַר אויף דער אַזוי־גערופענעם „טעכנישער הילף" פאַר די אַפריקאַנער מלוכות. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אונטער דער אויפזיכט פון דער אָנ"ו אין די ראַמען פון שטיצן די ניט־אַנט־וויקלטע לענדער. אין פאַרלויף פון יאָר 1970 האָט אַ ספּעציעלער קאָמיטעט פאַרזוכט אויסצופאָרשן און פעסטצושטעלן דעם סך־הכל פון דער דאָזיקער ריין־הומאַניטאַרער אַקציע, וועלכע איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך טייערער אָנשטרענג. אפילו קליינע לענדער, ווי שוועדן און דענעמאַרק, וועלכע געהערן ניט צו דער קאַטעגאָריע גרויסמאַכטן, האָבן זיך באַטייליקט אין דער דאָזיקער אַקציע מיט שווערע מיליאָנען דאָלאַרן.

די אויספאָרשונג איז פאַרענדיקט געוואָרן און די זייער שווערע באַריכטן זענען איבערגעגעבן געוואָרן צום וויסן פון די רעגי־

רונגען און ספּעציעלע אינסטיטוציעס. די ברייטע עפנטלעכקייט האָט זייער ווייניק באַקומען צו וויסן. מען ווייסט נאָר אַז אַרום דער אויספאָרשונג זענען אויסגעבראָכן זייער ערנסטע קאָנפליקטן, וועלכע האָבן אויך געהאַט אַ שייכות צו דער גאַנצער אַרבעט פון „טעכניקאַל אַסיסטאַנס”. דער קאָלאָסאַלער באַאַמטן־אַפּאַראַט פון דער אָנ"ו אין ניו־יאָרק און אין זשענעוו האָט געדאַרפט האָבן צוואַנציק יאָר צייט, און מערערע הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן, כדי דורכצופירן די דערמאָנטע הילפס־אַקציע און דערנאָך קאָנען קומען צום אויספיר, אַז דערווייל זענען די גרויסע מענגעס געלט פאַרטאַכלעוועט געוואָרן און אַז איצט דאַרף מען זיך ערשט נע־מען אויסצואַרבעטן נייע פאָרמען פון הילף פאַר די ניט גענוג אַנטוויקלטע לענדער.

**
*

מען קאָן ניט זאָגן אַז עס איז גאָר ניט דערגרייכט געוואָרן פאַר די דאָזיקע געלטער. עס זענען דערוועקט געוואָרן די נאַציאָ־נאַלע אַמביציעס פון די ערשט גאָר ניט לאַנג פאַרשקלאַפטע פעל־קער און דאָס אין אַן אויסערגעוויינטלעכן טעמפּאָ. אומעטום זענען נאַטירלעך פריער פון אַלץ געשאַפן געוואָרן אַרמייען, רעגירונגס־מאַשינעריעס מיט אַלעם וואָס עס געהערט דערצו. דער פּאַטראָנאַזש פון די גרויסמאַכטן און זייערע אינוועסטירונגען אין די פריער־דיקע קאָלאָניעס האָט דאָ און דאָרט געמוזט קומען אין אַ קאָנפליקט מיט דער ניי־געבוירענער סוווערעניטעט פון די ערשט־באַפרייטע פעלקער. עס איז ניט קיין ווונדער. ווען מען באַטראַכט וואָס פאַר אַ פּראָצעס עס שטעלט מיט זיך פאָר דער איבערגאַנג פון קאָלאָ־ניאַלער אָפּהענגיקייט צו פולשטענדיקער נאַציאָנאַלער אומאָפּהענ־גיקייט. פאַר די אייראָפּעאישע צושויער פון דער פראַנצייזישער טעלעוויזיע האָבן די פייערלעכקייטן בשעת דעם באַזוך פון פראַנ־צייזישן פּרעזידענט אין די אַפריקאַנישע פראַנקאָפאָנישע לענדער — פריער פראַנצייזישע קאָלאָניעס — געמוזט מאַכן דעם איינדרוק פון זייער פּרימיטיווע סצענעס, פרימיטיוו ווי זייער טאַם־טאַם

מוזיק. פאַר די שוואַרצע פעלקער אָבער, און דאָס ניט נאָר פאַר זייערע עלעגאַנט געקליידטע פירערס, זענען דאָס געווען באמת גרויסע היסטאָרישע געשעענישן. דאָס איז עס. דאָס איז זיכער דער אָנהייב פון דעם פּראָצעס וואָס וועט האָבן ערנסטע קאָנסעקווענצן און אַלערליי שטרויכלונגען.

עס איז אינטערעסאַנט אין דעם פּרט די מעלדונג פון פּעקין, אַז די כינעזישע קאָמוניסטישע רעגירונג האָט באַשלאָסן אויפצו־געבן איר ביז־איצטיקע פּאָליטיק פון ניט מישן זיך אין די אַפ־ריקאַנישע ענינים און גאַנץ באַזונדערס אין די ענינים פון די אַראַבישע לענדער און אַרויסשיקן אַהין אירע אייגענע מיסיעס און ספּעציעלע דעלעגאַציעס. דאָס קאָמוניסטישע כינע וויל ניט אי־בערלאָזן דעם אַפריקאַנישן קאָנטינענט אין גאַנצן אונטער די איינ־פלוסן פון די סאָוויעטיש־רוסישע אַגענטורן. איין מאָל באַשלאָסן וועלן די כינעזער באַשטימט פּראָווירקלעכן זייערע פּלענער, וועל־כע וועלן זיכער טראָגן אַן אויסגעשפּראָכן אַנטי־סאָוויעטישן כאַ־ראַקטער. די קאָנקורענץ פון די צוויי קאָמוניסטישע אימפּעריעס זאָגט אונדז צו אַ סך וויכטיקע און אינטערעסאַנטע אַקציעס.

די דאָזיקע אַקציעס וועלן דירעקט אָדער אומדירעקט האָבן ניט קיין קליינע שייכות צו יידישע אינטערעסן. און אָט פאַר וואָס: יידן לייגן צו אַ האַנט צו דער טעכנישער הילף פאַר די אַפ־ריקאַנער מדינות. עס טוט עס מדינת ישראל, דער וועלט־פאַר־באַנד פון „אָרט" — וואָס איז ניט קיין פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע — דורך שיקן אין די אַפריקאַנער לענדער זיינע בעסטע עקספּערטן און אינסטרוקטאָרן. די דאָזיקע הילף לאָזט זיך ניט אָפּשאַצן אין געלט. ניט בלויז קיין אַפריקע שיקט דער „אָרט" זיינע אינסטרוק־טאָרן; אויך אין אַניער, ניט ווייט פון זשענעוו, אינעם אינסטיטוט פאַר צוגרייטן אינסטרוקטאָרן, וואָס ווערט געפירט פון „אָרט", באַקומען בילדונג אַ סך אַפריקאַנער סטודענטן. עס זענען דאָ אפילו שטימען וואָס וואָרענען פון ניט איבערכאַפּן די מאָס. זיכער האָט די דאָזיקע טעטיקייט איר פּאָליטישן ווערט, אָבער אין גרונט איז עס דערפאַר ווייל יידן אַליין ווערן געהאָלפן, ווילן זיי אויך

אַנדערע העלפן און דאָס ניט דערפאַר ווייל מען וויל האָבן אַ דאַנק. וואָס שייך כינע אָדער סאָוויעט־רוסלאַנד, זענען זיי זיכער ניט קיין פילאַנטראָפן... מען דאַרף גוט נאָכפאָלגן זייערע אַקציעס און זייער שפּיל.

(„אונזער וואָרט״, דעם 27־טן פעברואַר 1971)

## דער סקעלעט פון יעזוסן

מיינער אַ פריינד, אַ גוטער ייד, וואָס איז בכלל ניט אינטע־
רעסירט אין דער געשיכטע פון יעזוס קריסטוס און זיינע תלמי־
דים, זאָגט מיר פּלוצלינג:

— איך פאַרברענג אַ סך שלאָפלאָזע נעכט זינט מען האָט גע־
מאָלדן, אַז די אַרכעאָלאָגן האָבן געפונען אַ סקעלעט וואָס איז צוויי
טויזנט יאָר אַלט און עס זענען דאָ סימנים, אַז דער סקעלעט איז
פון אַ געקרייציקטן און געקרייציקט האָט מען אים אין דער
צייט פון יעזוס קריסטוס און...

איך האָב איבערגעריסן די רייד פון מיין פריינד און האָב
אים געזאָגט, אַז וויפיל הונדערטער און טויזנטער ביכער זענען
ניט געשריבן געוואָרן וועגן יעזוס קריסטוס, זענען דערוויל אַלע
טעאָלאָגן, יידישע און קריסטלעכע, אייניק נאָר אין איין פונקט:
אַז דערוויל איז ניט געפונען געוואָרן דער מינדסטער סימן אַז
עס האָט עקסיסטירט אַ פּערסאָן ווי יעזוס. אין דער אמתן איז קיין
מאָל ניט געווען קיין מעגלעכקייט צו קאָנסטרואירן קיין אימאַזש,
קיין פּנים פון קריסטוסן, ניט קוקנדיק אויף דער קאָלאָסאַלער איקאָ־
נאָגראַפיע אין אַ סך לענדער...

מיין פריינד וויל ווייטער אָנגיין מיט דער אַרכעאָלאָגישער
אויספאָרשונג, אָבער אַזוי ווי איך בין ניט קיין אַרכעאָלאָג, דער־
צייל איך אַז ביי מאַקסים גאָרקי, אין דעם דריטן באַנד פון זיין
אויטאָביאָגראַפיע, וואָס הייסט „מיינע אוניווערסיטעטן״, איז דאָ
אַ שילדערונג פון אַ רוסישן וואַרשטאַט, ווו מען מאַכט הייליקע

איקאָנעס. עס איז צו לאַכן, ווען מען זעט באַשיימפּערלעך ווי די מוזשיצקע קינסטלערס האָבן פּשוט געפּאַטשקעט די בילדער. נאַ־טירלעך, אַז לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי האָט געהייליקט זיין באַרימט בילד „דאָס לעצטע אָוונט־עסן" יעזוסן און זיינע תלמידים. דאָס זענען אָבער אַלץ פּאַנטאַזיעס, איר מעגט עס אָנרופן אינטואיציעס, קאָשמאַרן, אָבער ניט קיין ווירקלעכקייט, אפילו ניט קיין אָנדייטונג אויף ווירקלעכקייט, וואָס־זשע מאַכט אייך אַזוי באַזאָרגט?

— די אַרכעאָלאָגן ווילן פעסטשטעלן ווי אַזוי מען האָט גע־קרייציקט דעם דאָזיקן מאַן אין וועלכער פּאָזיציע: זיצנדיק, שטיי־ענדיק אָדער הענגענדיק?

זאָג איך צו מיין פריינד:

— ביים גרויסן פראַנצייזישן שרייבער פלאָבער, וועלכער איז באַרימט מיט זיין ראָמאַן „מאַדאַם באָוואַרי", איז דאָ אַ צווייטער ראָמאַן, וואָס הייסט „סאַלאַמבאָ", מיט שילדערונגען פון אַלט־רוי־מישער הערשאַפט אין זייערע צפון־אַפריקאַנישע קאָלאָניעס און פּראָטעקטאָראַטן. אין איין קאַפּיטל פון ראָמאַן ווערט דערמאָנט אַ גאַנצער וועג, ווו אויף בײדע זייטן זענען אויף די ביימער גע־קרייציקטע לייבן! קאָנט איר זיך פאָרשטעלן אַן אַלעע מיט גע־קרייציקטע לייבן?...

מיין פריינד איז אַנטשוויגן געוואָרן, אים האָט אַלץ נאָך אינ־טערעסירט די פראַגע, ווי אַזוי מען האָט געקרייציקט יעזוס קריס־טוסן. איצט האָב איך אים צוגעוואָרפן מיין פראַגע:

— אויב מען האָט אים געקרייציקט? אויב עס איז געווען אַזאַ משפט און אַזאַ פסק־דין... אויב?...

איינער פון אונדזערע באַרימטע טעאָלאָגן, ש. צייטלין, מחבר פון אַ פּופּצן ווערק וועגן יעזוס קריסטוס און אַ דריי הונדערט וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען וועגן יענער עפּאָכע און וועגן פאַרשידענע יידישע רעליגיעזע גרופּירונגען, האָט מיט אַ פופציק יאָר צוריק פּובליצירט אַ בוך אויף ענגליש — „ווער האָט גע־קרייציקט יעזוסן?". ער קומט דאָרט צום אויספיר, אַז ניט יידן

האָבן געקרייציקט דעם יידן, אַז ניט יידן דאַרפן בעטן מחילה ביי די קריסטן נאָר פאַרקערט. ווען מען באַפרייט זיך נאָך דעם לייענען פון דעם קאָשמאַר, האָט מען דעם איינדרוק אַז דאָס אַלץ איז אַ פינצטערער חלום, אַז די געשיכטע איז געשריבן אויף וואַסער...

***

איך זאָג צו מיין פריינד, וואָס איז פּלוצעם פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער פאָרשונג וועגן דער קרייציקונג פון מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, אַז איך האָב פאַר אים אַ געשיכטע פון מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק, פון וועלכער איך בין כמעט אַליין געווען אַן עדות. דאָס איז ניט קיין פאַנטאַזיע און ניט קיין אויסגעטראַכ־טער קאָשמאַר: מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק האָב איך אַ לענגערע צייט פאַרבראַכט אין בערגען־בעלזען, אין יענעם לאַ־גער, ווו די נאַציס האָבן געמאָרדעט, געפּייניקט און פאַרברענט יידן. עס זענען דאָרט פאַרבליבן אַ צען טויזנט יידן, רעשטלעך פון צענדליגער טויזנטער פאַרפּייניקטע און אומגעבראַכטע יידן. דאָס זענען שוין געווען די צייטן נאָך דעם ווי היטלער האָט איינ־גענומען אַ מיתה משונה.

געווען אין דעם לאַגער בין איך אין אַן אָפיציעלער שליחות, בין געווען אָנגעטאָן אין אַ גענעראַלסקן אוניפאָרם, געהאַט אַן אויטאָ מיט אַ שאָפער אַן ענגלענדער דזשעק. אַ טייערער מענטש איז ער געווען דער דזשעק, די גאַנצע צייט איז ער צו מיר צו־געשטאַנען: לאָמיר פאָרן אין יענעם טייל פון דעם לאַגער, ווו עס געפינען זיך די קברים פון די אומגעבראַכטע. איך האָב אַהין ניט געוואָלט פאָרן און דערציילט דזשעקן, אַז איך האָב געהאַט אין מיין לעבן, אין מיין פיל־געפּרוווטן לעבן, טראַגישע געשיכ־טעס, געבאָדן זיך אין בלוט פון יידישע קדושים. איך וועל ניט אויסהאַלטן, איך האָב געזען דאַכאַו און ניט געוואָלט אַריינגיין, ניט געקאָנט. דזשעק איז אָבער געווען אַן עקשן און איך האָב געמוזט נאָכגעבן. עס זענען נאָר געווען אַ פּאָר מייל און מיר זענען אַהין צוגעפאָרן.

דאָס איז געווען דער שרעקלעכסטער טאָג אין מיין לעבן. ביים אַריינפאָרן אין דעם לאַגער איז געווען אַ גרויסע שילד אויף ענגליש — „דאָ געפינט זיך דער שענדלעכער (אינפפיימאז) לאַגער״, און אַזוי ווייטער. די קברים זענען געווען אַראַנזשירט אין ריזיקע קוואַדראַטן מיט קליינע שילדן: „דאָ זענען באַגראָבן פינף טויזנט...״, „דאָ זענען באַגראָבן צען טויזנט...״ און אַזוי ווייטער. אַ מאַסע קברים! דער ענגלענדער איז אַרומגעגאַנגען און זיך צוגעקוקט. ער איז געווען גערירט. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ ריי אייזערנע אויוונס ווו מען האָט פאַרברענט די טויטע, די פאַרפייניקטע צום טויט. ביי איין אויוון איז געווען אַ היפש ביסל אַש און צעוואָרפענע, ניט אין גאַנצן פאַרברענטע ביינדלעך פון פאַרברענטע יידן...

געפאַלן זענען אַ סך. מען האָט זיי געצוווּנגען אַריבערצוואַרפן ערד פון איין בערגל אויף אַ צווייטן. דאָס איז געווען פאַר מיטאָג, שפּעטער נאָך מיטאָג צוריקוואַרפן די זעלבע ערד אויפן פריער־דיקן בערגל. ניט אַלע האָבן געקאָנט אויסהאַלטן די טאָרטורן און זענען געפאַלן טויט. דאַן האָט מען זיי צוגענומען און פאַרברענט.

נאָך עטלעכע טעג האָב איך פאַרלאָזן דעם קעמפּ, אָפּגעזאָגט זיך פון מיין שליחות, פאַרלאָזט דייטשלאַנד — דאָס האַרץ האָט ניט אויסגעהאַלטן...

מיין פריינד, וועלכע איז געווען אַזוי פאַראינטערעסירט אין דעם פּראָבלעם פון קרייציקן יעזוס קריסטוס, האָט זיך צוגעהערט צו מיין דערציילונג און זיך צוגעקוקט צו מיר. איך האָב אָבער געזען, אַז ער איז מער פאַרנומען מיט דעם פּראָבלעם ווי אַזוי מען האָט געקרייציקט יעזוס קריסטוס — זיצנדיק אָדער הענגענדיק? זאָג איך צו אים:

— ביי דעם גרויסן רוסישן שרייבער מערעזשקאָווסקי איז דאָ אַ טרילאָגיע, וואָס הייסט „קריסטוס און אַנטי־קריסטוס״. אין איי־נעם פון די בענדער, וואָס הייסט „יוליאַן אַפּאָסטאַטאַ״, ווערן באַ־שריבן די ערשטע קריסטלעכע „קאָנסילס״ און אַזוי צו זאָגן די

געבורט פון קריסטנטום אַלס זעלבשטענדיקע רעליגיע. די קאָנ־
סילס פלעגן זיך פאַרוואַנדלען אין געשלעגן און מערדערייען. דאָס
אמתע קריסטנטום איז אַנטשטאַנען ערשט אין דריטן יאָרהונדערט.
אויב יעזוס האָט געלעבט און מען האָט אים געמשפט און געקריי־
ציקט...

איך האָב דערציילט פאַר מיין פריינד אַ ביסל וועגן די קרייצ־
ציגלער און זייערע מעשים טובים; וועגן זייער מאַרש דורך די
לענדער פון איראָפּע און אויסראָטן און פאַרברענען גאַנצע יידי־
שע געמיינדעס. דער גאַנצער אָפּפאַל פון דער מענטשלעכער גע־
זעלשאַפט האָט זיך באַטייליקט אין דעם מאַרש פון די געהויבענע
מערדערס, קעניגלעכע און פירשטלעכע מאַיעסטעטן, רויבערס פון
באַרוף און ליבהאָבער פון אַוואַנטורעס, פאַר וועלכע מענטשלעכע
לעבנס האָבן ניט געהאַט קיין שום ווערט. אַזוי איז אָנגעגאַנגען
זייער טראַדיציע ביז צו אונדזערע טעג...

די אַרכעאָלאָגן, יידישע און ניט־יידישע, זענען נאָך אַלץ פאַר־
נומען מיט דעם געוואַלדיק וויכטיקן פּראָבלעם — ווי אַזוי האָט
מען געקרייציקט יעזוס קריסטוס ?...

(„אונזער וואָרט", דעם 13־טן פעברואַר 1973)

# קריסטלעכע לײדנשאַפטן

## „דער ײדישער דאָקומענט"
## און די „פּאַסיאָנס־שפּילע"

דרײַ טויזנט קאַרדינאַלן, אַרכיבישאָפן, בישאָפן און עטלעכע פּאַטריאַרכן האָבן אין די דרײַ סעסיעס פון דעם „עקומענישן ראַט" באַטראַכט די גרויסע פראַגע צי ײדן האָבן דערהרגעט יעזוס קריס־טוס, אָדער דאָס איז אַן אַלטער בלבול און מען דאַרף אַ סוף מאַכן צו דער באַשולדיקונג. מען קאָן ניט זאָגן אַז די געהויבענע פירערס פון דער קריסטלעכער קירכע האָבן זיך אויפגעפירט ווי בעלי תשובה. נײן, ניט מען האָט דערמאָנט די געשיכטע פון די ערשטע דרײַ הונדערט יאָר פון דעם קריסטנטום, ניט די פינצטערע צײַטן פון מיטלעלטער און אפילו ניט די אויפטועך פון די קרײַץ־ציגלער און פון דער אינקוויזיציע. פון דעסטוועגן האָט דער „עקומענישער ראַט", נאָך לאַנגע און געהײמע קאַמפן, געפּסקנט אַז „ײדן זענען ניט שולדיק", אַז ניט זײ האָבן געקרײציקט יעזוס קריסטוס. אַ היפּש ביסל ײדן האָבן זיך שוין אָפּגעגעבן מזל־טוב און האָבן ערנסט גענומען די „ײדישע רעזאָלוציע" פון דאָזיקן הויך געשטעלטן ראַט.

עס איז אָבער געווען גאַנץ קלאָר, אַז דער דאָזיקער היסטאָרי־שער פּסק־דין פון „עקומענישן ראַט" איז אַ נײַ אָנשיקעניש אויף ײדן. אינערהאַלב דעם ראַט גופא איז געווען אַ גרויסע אָפּאָזיציע און פון אַלע עקן וועלט זענען געקומען אָפּקלאַנגען וועגן איר. גלחים און פאַנאַטיש־גלויביקע האָבן פשוט דערקלערט אַז זײ אנער־

קענען ניט דעם יידן־פריינדלעכן פסק־דין, אַז פאַר זיי בלייבן די יידן און נאָר די יידן די שולדיקע...

מיר ווילן זיך דאָ ניט פאַרנעמען מיט די טענות און קעגן־טענות. מיר האָבן אין זינען אַ גאַנץ קאָנקרעט, בעסער געזאָגט, אַ גאַנץ פּראַקטיש פּראָבלעם: דאָס זענען די אַזוי גערופענע (אויף דייטש) „פּאַסיאָנס־שפּילע״. מסתמא ווייסן אַ סך יידן וואָס דאָס איז, אָבער אפשר פאַראַן אַזעלכע וואָס ווייסן עס ניט. דאָס איז אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג וועגן די ליידן פון ישו בשעת דער קרייצונג, פאַר דער קרייצונג און נאָך זיין אויפלעבן און אַוועקפליען אין די הימלען. עס איז ניט אַזוי איינפאַך ווי עס דערציילט זיך. אין דער „פּאַסיאָנס־שפּילע״ נעמט אָנטייל אַ גרויסע צאָל מענטשן, וועלכע רעפּרעזענטירן די סביבה אין וועלכער ישו האָט געלעבט און גע־פּרעדיקט זיין תורה, דאָס זענען די עוואַנגעליסטן מיט יהודה איש קריות אַלס צענטראַלע פיגור. דאָס איז דער וואָס האָט פאַרראַטן און פאַרקויפט זיין לערער, זיין רבין. אין דער שפּיל לעבט אויף די גאַנצע לעגענדע.

די „פּאַסיאָנס־שפּילע״ ווערן אויפגעפירט אין דעם דייטשן שטעטל אָבער־אַדערגאַו. זיי ווערן אויפגעפירט יעדע צען יאָר און עס נעמט אין זיי אָנטייל די גאַנצע באַפעלקערונג פון דאָזיקן שטעטל. יעדער ספּעקטאַקל ווערט צוגעגרייט גאַנצע צען יאָר. די דאָזיקע „שפּילע״ ציען צו גרויסע מאַסן מענטשן פון דער גאַנצער וועלט. דער פרומער עולם קוויקט זיך מיט די ליידן און ליידנ־שאַפטן פון געזאַלבטן. זיינע ליידן רופן אַרויס די גרעסטע עמאָ־ציעס, ווען מען זעט מיט די אייגענע אויגן וואָס עס איז געשען דעמאָלט, מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק. די „פּאַסיאָנס־שפּילע״ רופן ניט אַרויס ביי די גוטע קריסטן קיין ליבע צו יידן. לאָמיר אפשר ניט זיין צו פיל באַשיידן און עס זאָגן פּשוטער: זיי זענען אַ קוואַל פון יידן־האַס, פון בלוטיקן יידן־האַס!

מען דאַרף אָבער ניט מאַכן קיין טעות און מיינען אַז די „פּאַ־סיאָנס־שפּילע״ ווערן אויפגעפירט נאָר אין דעם באַרימטן דייטשן שטעטל. ניין, זיי ווערן אויפגעפירט אויך אין אַנדערע לענדער,

דערין אויך אין אַמעריקע. עס איז פאַראַן אַ גאַנצע אינדוסטריע מיט די הייליקע „פּאַסיאָנען", עס איז אַ געשעפט וואָס האַנדלט אין הורט ווי אין דעטייל און אויך אין גאָר קליינע פּאָרציעס. עס איז דער זיכערסטער קוואַל פון פאַנאַטישן האַס צו יידן... די דאָזיקע אינדוסטריע איז אַן אויסגעשפּראָכענע קעגנערין פון דער „יידי־שער רעזאָלוציע", וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דורכן „עקומענישן ראַט".

דאָס דייטשע שטעטל אבער־אדערגאו האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אנערקענען די „יידישע רעזאָלוציע", אַ טייל פון דער שטאָט־פאַר־וואַלטונג האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל מילדער מאַכן די טעקסטן, דאָס הייסט, אַז אַלץ זאָל פאַרבלייבן ווי עס איז געווען, נאָר מען וועט עס מאַכן אַזוי אַז עס זאָל ניט זיין צו פיל פּראָוואָצירנדיק, דאָס הייסט, מען וועט עס אַ ביסל „צופיקסן". עס גייט אָבער ניט; די בירגער פון שטעטל וועלכע האָבן וויכטיקע ראָלעס אין דער דאָזיקער פאָרשטעלונג ווילן ניט הערן פון וועלכע עס איז ענדע־רונגען. זיי טענהן אַז יעזוס קריסטוס האָט ניט געגעבן קיין שום מאַנדאַט דעם עקומענישן ראַט צו עקזאַמינירן די טויזנט־יעריקע אָנקלאַגע קעגן יידן און מען דאַרף דעריבער ווייטער שפּילן אַזוי ווי מען האָט געשפּילט.

עס איז פּיינלעך היינט צו זאָגן, אַז יידישע טוער האָבן גע־מאַכט אַ טעות ווען זיי האָבן ניט געהערט און ניט געוואָלט הערן, ווען מען האָט זיי געוואָרנט וועגן די סכנות פון דער גאַנצער „יידישער דעבאַטע" אין דעם עקומענישן ראַט, ווען מען האָט פאָר־אויסגעזאָגט נייע קאָמפּליקאַציעס און געפערלעכע קאָנפליקטן אַלס רעזולטאַט פון דעם ווונטש צו פאַרבעסערן די באַציאונגען צווישן יידן און דער קריסטלעכער וועלט. עס איז טאַקע טראַגיש, אָבער מען קאָן ניט ענדערן דעם פאַקט אַז דווקא דאָס צוואַנציקסטע יאָר־הונדערט איז אַן עפּאָכע פון פאַרשאַרפטע ראַסן־קאָנפליקטן און רעליגיעזער שנאה.

גראָד ווען דער רוסישער קאָמוניזם האָט זיך גענומען פירן מלחמה קעגן דער רעליגיע — „בעזבאָזשניקי" — האָט זיך אין

סאָוויעט־רוסלאַנד צעבליט אָפיציעלער און ניט־אָפיציעלער אַנטי־סעמיטיזם. בשעת דער „יידישער דעבאַטע״ אין עקומענישן ראַט, זענען די שאַרפסטע קעגנער פון יידן געווען די קאַרדינאַלן און בישאָפן פון די אַראַבישע לענדער, דאָס הייסט, פון די לענדער פון איסלאַם! די וועלט איז פאַרנומען מיט אַלערליי מלחמות און סאָציאַלע דערשיטערונגען. דער היינטיקער פּויפּסט, דער געוועזענער קאַרדינאַל פון מילאַנאָ, האָט זיכער געהאַט גוטע כוונות, און זיינע אייגענע קירכלעך־קריסטלעכע פּלענער, אָבער ער האָט ניט געענדערט דעם היסטאָרישן אמת אַז קריסטנטום איז אין פּרינציפּ גופא אַ דם שונא פון יידנטום — ניט געקוקט אויף די פאַרגאַנגענע צוויי טויזנט יאָר...

די „פּאַסיאָנס״־שפּילע״ זענען אַ שפּיל מיט יידיש בלוט. גראָד צוליב דעם וואָס דער „עקומענישער ראַט״ האָט געפּסקנט, אַז יידן זענען ניט שולדיק אין דער קרייצונג פון יעזוס קריסטוס, גראָד צוליב דעם באַקומען די דאָזיקע שפּילן אַ באַזונדערן כאַראַקטער. אַמאָל האָבן די פרייילעכע קאַרנאַוואַלן זיך געוויינטלעך געענדיקט מיט פּאָגראָמען אויף יידן, מיט לעסטערונגען פון מענטשלעכער ווירדע און מיט שוידערלעכן טויטנטאַנץ אויף יידישע קערפּערס. דאָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט ביז די קירכע האָט פאַרשטאַנען, אַז צוזאַמען מיטן טייוולאָנישן פרייילעכן המון גייט אויך זי, די קירכע, אונטער. איצט געהערט עס צו די „פּאַסיאָנס־שפּילע״ צו רייצן די ליידנשאַפטן פון די גלויביקע, פאַנאַטיזירטע קריסטן. דאָס איז אויך אַ קאַרנאַוואַל, נאָר אין אַן אַנדערער פאָרם...

זאָלן איצט די וואָס זענען געווען אַזוי שטאַרק פאַרנומען מיט דער „יידישער רעזאָלוציע״ טראַכטן ערנסטער ווי אַזוי אַ סוף צו מאַכן צו די „פּאַסיאָנס־שפּילע״.

(„לעצטע נייעס״)

## „סטראַטעגישע וואָפן“

צווישן די נייע ווערטער און דעפיניציעס, וועלכע ווערן איצט פּראָדוצירט גאַנץ אָפט מיט דעם צוועק צו פאַרשלייערן און קאַמופלירן זייער אמתן אינהאַלט, איז דער אויסדרוק „סטראַטעגישע וואָפן“ פול מיט כלומרשט מיסטעריע און פאַרדאַכט. מען ווייסט, אַז די פאַרהאַנדלונגען צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און סאָוויעט־רוסלאַנד וועגן די מיסטישע „סטראַטעגישע וואָפן“, וועלכע זענען פּאַקטיש דורכגעפאַלן, האָבן צו טאָן מיט אַטאָמישע צעשטערונגס־מכשירים ווי די וועלט האָט זיי ביז איצט נאָך ניט געזען אין דער פּראַקטיק. מען ווייסט אויך, אַז די סאָוויעטן־רעגירונג, וועלכע האָט אָנגעהויבן בויען אַ גאַנצן סיסטעם פון אַזעלכע ספּעציעלע פאָרטיפיקאַציעס האָט פּאַקטיש געצוווּנגען אַמעריקע צו בויען אַ ספּעציעלן פאַרטיידיקונגס־סיסטעם קעגן די דאָזיקע סטראַשידלעס. אויב מ׳זאָל ניט רעדן פון אַ פּאַניק איןביידע לאַגערן, ווען זיי רעדן וועגן די שרעקלעכע דערפינדונגען, דאַרף מען זאָגן אַז אין ביידע לאַגערן איז מען געשפּאַנט און באַזאָרגט וואָס קאָן אַרויס־קומען פון דעם שפּיל מיט דעם טייוול. זיי אַליין האָבן געשאַפן דעם געשפּענסט און ווייסן ניט היינט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון אים. דאָס דינגעניש מאַכט דעריבער דעם איינדרוק פון עפּעס אַן אוממענטשלעכער משוגעת.

דער ענין „סטראַטעגישע וואָפן“ האָט זיכער ניט אַ סך צו טאָן מיט דער אָפיציעל אַנטיסעמיטישער קאַמפּאַניע אין סאָוויעט־רוסלאַנד, אָדער מיט דעם פּראָצעס אין לענינגראַד. אָבער עס איז

דאָך מערקווערדיק, אַז גראָד בשעת די צוויי סענסאַציאָנעלע פּראָ־צעסן אין לענינגראַד און אין בורגאָס, די וויכטיקסטע געשעענישן אין דעם היינטיקן ווינטער־סעזאָן, מיט אַן אָפּקלאַנג אין דער גאַנ־צער וועלט, האָט פּרעזידענט ניקסאָן געהאַלטן אַ רעדע וועגן די אַמעריקאַנער רוסישע געהיימע פּאַרהאַנדלונגען, וועגן די רוסישע סובמאַרינען אין קובאַ.

עס האָט געקאָנט מאַכן דעם איינדרוק ווי דער פּרעזידענט וואָלט געוואָלט אָנזאָגן דער וועלט, אַז ווי ערנסט עס זאָל ניט זיין דער ענין פון די צוויי טאָטאַליטאַריסטישע פּראָצעסן אין סאָ־וויעט־רוסלאַנד און אין שפּאַניע, איז דאָס פּראָבלעם פון רוסלאַנדס פּאַרזוך אויפצובויען בגנבה אַ סובמאַרינען־באַזע אין קובאַ אַ סך וויכטיקער.

נאָך ניקסאָנס רעדע איז געקומען אַזוי גוט ווי אַן אַמעריקאַ־נער אָפיציעלע דערקלערונג, אַז רוסלאַנד ברעכט אַן אָפּמאַך וועגן ניט באַנוצן קובאַ פּאַר רוסישע סובמאַרינען און שיקן די סובמאַ־רינען קיין קובאַ פּאַר רעפּאַראַטורן. דאָס איז דאָך אַ קלאָרער באַ־וויַיז אַז אַ רוסישע באַזע אין קובאַ איז שוין דאָ. דער סטייט־דעפּאַר־טאַמענט זאָגט ניט „מיר האָבן געכאַפּט דעם גנב ביי דער האַנט״, אָבער די דערקלערונג מיינט דאָס און די מעלדונג איז אין דער אמתן זייער אַן ערנסטע וואָרענונג. אין פּענטאַגאָן, דעם אַמערי־קאַנער קריגס־מיניסטעריום, זיצן ניט קיין גרויסע חסידים פון גרעטשקאָ און ברעזשניעוו און פּרעזידענט ניקסאָן קאָן זיך אוודאי ניט דערלויבן, אַז מען זאָל אים פירן פאַר דער נאָז. קאַסטראָ האָט אפשר פאַרגעסן, אַז אין קובאַ געפינט זיך צענדלינגער יאָרן אַ גרויסע אַמעריקאַנער באַזע.

אָבער דער פּענטאַגאָן קאָן דאָס ניט פאַרגעסן, בפרט איצט, ווען עס האָט אויפגעלעבט די גאַנצע געשיכטע פון דעם צוזאַמענ־שטויס צווישן פּרעזידענט קענעדי און כרושטשאָוו צוליב די רו־סישע מיסילס וואָס מען האָט געבראַכט קיין קובאַ און געמוזט, לויט דער פאָדערונג פון אַמעריקע, אַוועקפירן צוריק קיין רוסלאַנד.

ווייסן מיר היינט — און דאָס מוז מען גוט וויסן — אַז דער

ענין „סטראַטעגישע וואָפן" אַריינגערעכנט סאָוויעטישע סטראַטע־גישע וואָפן אין קאַסטראָס קובאַ, געהערט צו די אַקטועלסטע אינ־טערנאַציאָנאַלע פּאָליטיש־מיליטערישע פּראָבלעמען. מסתמא מאַכט זיך דער קרעמל ניט קיין גרויסע אילוזיעס. די סאָוויעט־רעגירונג האָט דערווייל פאַרלוירן די קאַמפּאַניע מיט די פּראָצעסן קעגן יידן און אפילו די שליחות פון דעם פּאָעט ווערגעליס, דעם רע־דאַקטאָר פון „סאָוויעטיש היימלאַנד", וועט דעם דורכפאַל ניט קאָנען גוטמאַכן. מיר דערמאָנען זיך ביי דער געלעגנהייט די אויס־לאַנד־רייזע פון איציק פעפער און דאָס, וואָס איז מיט אים געשען נאָך דער רייזע. ווערגעליס, צו לאַנגע יאָרן, וואָלט ניט געדאַרפט נעמען אויף זיך אַזאַ ריזיקאַלישע רייזע און אַזאַ זיכערן דורכפאַל...

**
*

וואָס מיינט אייגנטלעך דער אויסדרוק „סטראַטעגישע וואָפן"? אַ ביקס — יאָ און אַ רעוואָלווער — ניט? אַן אויטאָמאַטישער האַר־מאַט — יאָ און אַ קליינע קאַנאָנע — ניט?

איך האָב געפרעגט ביי אַ מיליטערישן פאַכמאַן, וואָס איז דער אונטערשיד צווישן „אָפענסיווע וואָפן" און „דעפענסיווע וואָפן"? ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ שמייכל ווי ער וואָלט קיין מאָל פריער ניט געהערט אַזאַ פראַגע און מיט אַ מאָל גע־ענטפערט:

— איר זעט די ביקס? ווען איך דערשיס אייך איז דאָס דעפענסיווע וואָפן, ווייל ווער ווייסט, אפשר האָט איר געהאַט אין זינען מיך אַמאָל צו שיסן. ווען איר כאַפּט צו מיר די ביקס און אָן שום גרונט דערשיסט איר מיך איז דאָס אַן אָפענסיווע וואָפן, פאַרשטאַנען?

אָבער איך האָב ניט פאַרשטאַנען, פונקט אַזוי ווי איך פאַר־שטיי ניט דעם מיין פון „סטראַטעגישע וואָפן". די וויכטיקסטע „סטראַטעגישע וואָפן" איז דער ווילן צו שלאָגן, דער ווילן צו כאַפּן און צו פאַרכאַפּן, דער ווילן צו פּראָוואָצירן און צו ריזי־קירן. די רוסיש־אַמעריקאַנער פאַרהאַנדלונגען וועגן באַגרענעצן

די אַטאָמישע וואָפן אָדער אָפּזאָגן אין גאַנצן זיך פון געוויסע מינים וואָפן זענען דורכגעפאַלן אין ווין, דורכגעפאַלן אין העלסינ־קי, פינלאַנד און וועלן ווייטער דורכפאַלן, ווו זיי זאָלן ניט פאַר־קומען. דער זין פון ניקסאָנס אָפענער, אָבער פאָרט ניט גענוג אָפענער רעדע, איז געווען, אַז מען קאָן ניט פירן פאַרהאַנדלונגען אין העלסינקי וועגן אַ פאַרשטענדיקונג און אין דער אייגענער צייט אַריינברענגען אַ סובמאַרין־באַזע אין קובאַ, שיער, שיער ניט ביי די ברעגן פון אַמעריקע. מען קערט זיך אום צוריק צו דעם קע־נעדי־כרושטשאָוו־עפּיזאָד, וואָס איז ביז היינט ניט אין גאַנצן ליקווידירט. אפשר איז דער דאָזיקער „עפּיזאָד" אין דער צווישנ־צייט געוואַקסן און האָט אָנגענומען די פאָרעם פון אַ געפערלעכן קאָנפליקט? ניקסאָנס רעדע איז ניט נאָר אַן אָנזאָג, אַז עס קאָן קומען אַזוי ווייט, אַז מען וועט זיך מוזן אָפּזאָגן פון ווייטערע פאַר־האַנדלונגען וועגן באַגרענעצן די „סטראַטעגישע וואָפן" און דער־ציילן דער עפנטלעכקייט אַלץ וואָס מען האָט ביז איצט געהאַלטן בסוד סודות. דאָס וועט באַדייטן, אַז מיר געפינען זיך אין אַ גע־פערלעכן קריזיס, אויף יעדן פאַל וועט זיין בעסער צו וויסן ווו מיר האַלטן, איידער צו לעבן אין אַ פינצטערניש פול מיט נער־וואָזיטעט און שפּאַנונג.

די סאָוויעטישע פרעסע פירט זיך אַזוי אויף, אַז מען קאָן מיינען, אַז זי ווערט אָנגעפירט פון דער ק.ג.ב., אַזוי ווי זי וואָלט צום ערשטן מאָל דערזען די אויסלענדישע פרעסע אין אַן אַלגע־מיינער אַטאַקע קעגן דעם סאָוויעטישן רעזשים. איר ענטפער איז אַלץ די אייגענע איינבילדונג, אַז די גאַנצע וועלטפרעסע איז אין די הענט פון „ציוניסטן", אַז די גאַנצע פיינדשאַפט צו רוסלאַנד איז אַ סך־הכל פון ציוניסטישע אינטריגעס און מאַכינאַציעס.

זינט סטאַלינס רייניקונגס־פּראָצעסן, זינט ווישינסקיס העצע אין מאָסקווע און פאַר זיין מיסטעריעזן טויט אין ניו־יאָרק, האָט די סאָוויעטישע פרעסע זיך ניט אַנטבלויזט און זיך ניט אַזוי איי־זאָלירט ווי איצט. די יידישע פּראָצעסן האָבן געשפּילט דערביי אַ גרויסע ראָלע, אָבער ניט די הויפּט־ראָלע. די הויפּט־ראָלע שפּילט

די גאַנצע צייט די געהיימע טועריי פון דער סאָוויעט־רעגירונג און אירע מיליטערישע צוגרייטונגען. די מיליטערישע אַוואַנטוריסטן אין דעם קרעמל האָבן זיך איינגערעדט, אַז זיי זענען געבענטשט מיט אַ באַזונדערער אימוניטעט. די צוקונפט וועט באַווייזן, צי זיי באַגייען ניט היינט אַ גרויסן, פאַטאַלן טעות...

(„דער וועקער״, מערץ 1971)

# „אויסוואַנדערער" און „איינוואַנדערער"

דאָס זענען די נעמען פון צוויי באַרימטע ראָמאַנען פון איי־נעם פון די וויכטיקסטע שוועדישע שרייבער, ווילהעלם מאָבערג. די דאָזיקע ראָמאַנען זענען דערשינען מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק — אין 1949 און אין 1952 — און זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין מערערע הונדערטער טויזנטער קאָפּיעס אויף שוועדיש און ענגליש. די ראָמאַנען שילדערן די מאַסן־אויסוואַנדערונג פון שוועדן קיין צפון־אַמעריקע מיט הונדערט יאָר צוריק, ווען דאָס לאַנד איז געווען האָפענונגסלאָז פאַרזונקען אין שיכרות, געפאַלן. די אויסוואַנדערונג מיט הונדערט יאָר צוריק איבער דעם אַטלאַנ־טיק האָט געדויערט וואָכן־, חדשים־לאַנג אונטער זייער שווערע באַדינגונגען. אין דער אַמעריקאַנער שטאָט מינעזאָטאַ איז געווען אַ סך פרייע ערד און די וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דער שוועדישער אָרעמקייט האָבן געהאַט חשק צו אַרבעטן און האָבן דאָרט אויפגעבויט נייע ישובים.

ווילהעלם מאָבערגס ראָמאַנען זענען ניט געדיכטעט אויף דעם יסוד פון לעגענדעס. דער שרייבער האָט אַ סך יאָרן שטודירט, גע־פאָרשט און געזאַמלט מאַטעריאַלן פון דער ווירקלעכקייט און פון זיי געשאַפן אַ ווונדערבאַרע לעגענדע. איצט האָט מען אין שוועדן געמאַכט אַ פילם פון די „אויסוואַנדערער" — איצט ווען שוועדן געהערט צו די גרעסטע און בעסט־אינדוסטריאַליזירטע לענדער.

ביידע געשעענישן, די קאָלאָסאַלע אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג פון היינטיקן שוועדן אין פאַרלויף פון אַזאַ קורצער צייט און די

גרויסאַרטיקע איינבירגערונג פון די שוועדישע עמיגראַנטן אין אַמע־ריקע זעען אויס ווי אַ ווונדער פון ווונדער. אויסוואַנדערונג איז שטענדיק אַ מזל־ברכה, ווייל די אינספּיראַציע צו דער וואַנדערונג קומט פון דעם דראַנג צו לעבן און צו אַרבעטן. קיין שום פֿאָלק וויל ניט אונטערגיין און קיין אַלט פֿאָלק — ווי לאַנג און ווי שווער עס האָט ניט געליטן — וויל ניט אָפּזאָגן זיך פון אַ ווידער־אויפֿ־לעבן און ווידער־אויפבויען אַ נייע היים. דאָס איז אַ געזעץ פון דער נאַטור.

אויב די געשיכטע פון פעלקער־וואַנדערונגען אין אַלע טיילן פון דער וועלט איז אויסערגעוויינטלעך רייך מיט וויכטיקע און שפּאַנענדיקע דערפאַרונגען און עפּיזאָדן, איז די געשיכטע פון דער יידישער וואַנדערונג אין פאַרלויף פון די לעצטע הונדערט יאָר, ספּעציעל די יידישע אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד, עפּעס גאָר אויסערגעוויינטלעכס. אַלע נייע גרויסע יידישע ישובים אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַרגענטינע און דרום־אַפריקע, אין קאַנאַדע און אַזוי ווייטער זענען אויפגעבויט געוואָרן אַ דאַנק דעם מעכטיקן שטראָם פון דער רוסיש־יידישער אויסוואַנדערונג.

עס האָט ניט עקסיסטירט קיין מדינת ישראל און קיין אַראַביש־יידישער קאָנפליקט, אָבער די מאָנאַרכיסטישע סאַמאָדזשערזשאַוויע איז ניט געווען בעסער ווי די קאָמוניסטישע: צו באַקומען אַן אויסלענדישן פּאַס פאַר דער אויסוואַנדערונג איז געווען אַזוי אומ־מעגלעך ווי צו באַקומען דאָס גרויסע געווינס. כמעט אַלע עמי־גראַנטן פון רוסלאַנד, פוילן, ליטע — צייטנווייז האָט עס אויסגע־מאַכט ביז צוויי הונדערט און פופציק טויזנט נפשות אַ יאָר — זענען געווען געצוווּנגען צו „גנבענען די גרענעץ", וואָס איז געווען אַ ריזיקע מיטן לעבן. די מענער וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט אַלס קינדער צוזאַמען מיט זייערע עלטערן און האָבן זיך שפּעטער ניט צוגעשטעלט צום „פּריזיוו" (פאַר מיליטער־דינסט) ווען זיי זענען אַלט איין און צוואַנציק יאָר, זענען רעגיסטרירט געוואָרן ווי „אַנט־לאָפענע" און די משפחה איז באַשטראָפט געוואָרן מיט דריי הונ־דערט רובל קנס. אַזוי פיל געלט צו באַצאָלן האָט קיינער ניט

געהאַט קיין מעגלעכקייט און אַן דעם האָט מען ניט געקאָנט באַ־קומען קיין אויסלענדישן פּאַספּאָרט.

דער אויסדרוק „גנבענען די גרענעץ״ איז געוואָרן ביי יידן אין יענע צייטן אַ מין באַגריף, אָבער אין דער ווירקלעכקייט איז דאָס געווען אַ שרעקלעכע דראַמע מיט אַ סך קרבנות.

דער שרייבער פון די שורות איז געווען מיט עטלעכע און זעכציק יאָר צוריק אַ מיטאַרבעטער אין דעם עמיגראַציע־דעפּאַר־טאַמענט ביי דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ייק״א (יידישע קאָ־לאָניזאַציאָנס־אָרגאַניזאַציע) אין פּעטערסבורג און איז יאָרן־לאַנג אַרומגעפאָרן אין די גרענעץ־פלעצער פון רוסלאַנד און דייטש־לאַנד. די אַגענטן פון די דייטשע שיפס־געזעלשאַפטן ווי „האַמבורג־אַמעריקע־ליניע״ און „נאָרד־דייטשער לאָיד״ האָבן געזאַמלט די טויזנטער יידישע עמיגראַנטן, מענער, פרויען און קינדער און זיי געשמוגלט ביינאַכט איבער דער גרענעץ קיין דייטשלאַנד אין די אַזוי גערופענע קאָנצענטראַציעס פון די שיפס־געזעלשאַפטן. זיי האָבן דאָס געטאָן אונטער די אויגן פון דער רוסישער באַוואָפנטער גרענעץ־וואַך („פּאָגראַניטשנאַיאַ־סטראַזשא״) און עס איז געווען אַן אמתער געיעג ווי אין אַ וואַלד נאָך ווילדע חיות און עס זענען געפאַלן אָן אַ שיעור קרבנות, אומשולדיקע קרבנות, וואָס זענען גרייט געווען צו באַצאָלן מיטן לעבן נאָר כדי צו באַפרייען זיך פון דעם רוסישן גיהנום.

די ייק״א האָט געהאַט איבערן גאַנצן לאַנד און אויף די גרע־נעצן, קאָמיטעטן אויף צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די עמי־גראַנטן, אָבער זייער ווינציק האָט מען געקאָנט אויפטאָן אפילו צוזאַמען מיט דעם בערלינער „הילפספאַראיין פון די דייטשע יידן״. איך שרייב די שורות מיט זעכציק יאָר שפּעטער, אָבער דאָס בלוט גליווערט אין די אָדערן ביים דערמאָנען זיך די געשעענישן פון יענער צייט. צי האָט זיך אַ סך געענדערט אין מזרח־אייראָפּע פאַר די דאָזיקע זעכציק יאָר?

אימעצער האָט ניט מיר און ניט דיר פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די סאָוויעט־רעגירונג וועט אַרויסלאָזן אין די קומענדיקע יאָרן

דריי הונדערט טויזנט יידן און עס איז תיכף געקומען אַן אָפּי־ציעלע מעלדונג, אַז די נייעס איז אַן אויסגעטראַכטע, ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. איך מיין אַז ביידע מעלדונגען, סיי וועגן דער באַפרייאונג פון די דריי הונדערט טויזנט יידן און סיי די אָפּלייקענונג קומען פון דעם זעלבן קוואַל: פאַרכאַפּן לעבעדיקע מענטשן, האַלטן זיי ווי זאַקלאַדניקעס און פאַרלאַנגען פאַר זייער באַפרייאונג אויסלייז־געלט איז היינטיקע צייטן אַ געשעפט „אַ לאַ מאָד"...

דאָס פאַרלאָזן רוסלאַנד, דאָס „גנבענען די גרענעץ", דאָס פאָרן אין די נייע לענדער און די איינריכטונג אין די נייע היימען, איז געווען אַ מין גבורה, אָבער עס האָט געלוינט! וואָס וואָלט געוואָרן פון די אַלטע ישובים אויב יידן וואָלטן ניט פאַרמאָגט דעם דראַנג צו לעבן? דאָס וואָס עס איז געוואָרן פון דעם יידישן ישוב אין פוילן אָדער אין אַלזשיר. די יידישע דיאַספּאָראַ איז אַ פענאָמען און גאַנץ באַזונדערס איז אַ פענאָמען דאָס אינטערנאַציאָנאַלע וועלט־יידנטום, אָן וועלכן דער אויפבוי פון מדינת ישראל וואָלט ניט געווען מעגלעך.

מען דאַרף געדענקען אַז די פּראָבלעמען פון דער איינוואַנדערונג זענען ניט ווינציקער קאָמפּליצירט ווי די פּראָבלעמען פון דער אויסוואַנדערונג, וואָס איז אויך אַ שווערער און לאַנגער פּראָצעס. עס איז ניט אויסגעשלאָסן אַז די סאָוויעט־רעגירונג האָט אירע אייגענע פּלענער אַרויסצוואַרפן גרויסע „פּאַקעטן" מיט יידן, וואָס האָבן געזוכט אַ דערלויבעניש צו עמיגרירן קיין ישראל ווען עס וועט זיין אַ מאָל אַ פּאַסיקע געלעגנהייט. אַזאַ שפּיל מיט מענטשן קאָן פירן צו גרויסע אומגליקן.

איוואַן איוואַנאָוויטש איז אַ ברוטאַלער קונצנמאַכער און מען מעג פון אים דערוואַרטן אַלערליי „לעקציעס" כדי „אָנצולערנען" די יידן און אַרויסרופן אַ פּאַניק...

(„אונזער וואָרט", דעם 27־טן מערץ 1971)

## „מאַרקאָוו דער דריטער״

## אויף דעם קאָנגרעס פון די סאָוויעטישע שרייבער

קיינער ווייסט ניט גענוי, ווער עס איז דער סאָוויעטישער שרייבער מאַרקאָוו, וועלכער האָט געהאַלטן די לאַנגע רעדע ביי דער דערעפענונג פון דעם סאָוויעטישן שרייבער־קאָנגרעס אין דער אָנוועזנהייט פון דער רעגירנדער „טראָיקע״: קאָסיגין, פּאָדגאָרני און ברעזשניעוו און פון פינף הונדערט דעלעגאַטן. מען ווייסט, אַז ער איז איינער פון די סעקרעטאַרן פון דעם שרייבער־פאַרבאַנד, אָבער מען ווייסט גאָר ניט וועגן דעם וואָס פאַר אַ שרייבער ער איז, וואָס פאַר אַ ביכער ער האָט געשריבן און מיט וואָס פאַר אַ שרייבערישן זכות ער האָט זיך געהאַלטן פאַר באַרעכטיקט צו רעדן, אַזוי צו זאָגן, אין נאָמען פון דעם געדרוקטן וואָרט און ליטעראַטור אין סאָוויעט־רוסלאַנד, רעדן פאַר דער גאַנצער וועלט.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז גראָד אין די זעלבע טעג, ווען דער גרויסער שרייבער־פאַראַד איז דורכגעפירט געוואָרן אין מאָסקווע, איז אין פּאַריז דערשינען אַ גרויס ווערק אויף רוסיש — „אויגוסט 1914״ — פון דעם באַרימטן רוסישן שרייבער סאָלזשעניצין, וועלכן די סאָוויעטישע רעגירונג האָט געהאַלטן צו־ערשט אין אַ געפענגעניש און נאָך דעם אַ סך יאָרן אין אַ משוגע־נעם־הויז און ווען דער שרייבער־פאַרבאַנד האָט אויסגעשלאָסן פון זיין מיטגלידערשאַפט. וועגן דעם נייעם בוך האָט גראָד די

טעג געשריבן אַן אויסיפּרלעכן באַריכט אין דעם פּאַריזער ענג־לישן בלאַט „העראַלד טריביון״ אַנאַטאָל שוב, דער זייער באַ־קאַנטער אַמעריקאַנער צייטונגס־מאַן, וועלכער איז יאָרן־לאַנג גע־ווען אין מאָסקווע דער קאָרעספּאָנדענט פון דער „וואַשינגטאָן־פּאָסט״. אַנאַטאָל שוב פאַרגלייכט דעם נייעם ראָמאַן פון סאָלזשע־ניצינען מיט טאָלסטאָיס באַרימטן ווערק „מלחמה און שלום״ (וואָינאַ אי מיר).

מיר רעדן וועגן דעם צופאַל נאָר דערפאַר, ווייל דער מאַרקאָוו האָט אין זיין דערעפענונגס־רעדע אַ סך גערעדט וועגן קאָמוניס־טישער אידעאָלאָגיע, וועגן סאָציאַליסטישער און שרייבערישער עטיק און נאָך אַזעלכע גוטע זאַכן, ווען זיי זענען אויסגעהאַלטן אין דעם נוסח פון דער סאָוויעטישער געהיים־פּאָליציי, די ק.ג.ב. אַלס ביישפּיל פון דעם וואָס אַ סאָוויעטישער שרייבער דאַרף ניט זיין, האָט דער זעלבער מאַרקאָוו — זיכער אַ מיטאַרבעטער פון ק.ג.ב. — געבראַכט גראַדע דעם נאָמען סאָלזשעניצין...

אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצין איז אנערקענט אויסער רוסלאַנד אַלס דער גרעסטער שרייבער פון היינטיקע צייטן און דאָס ניט נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט באַקומען דעם נאָבעל־פּרייז. צוליב קאָמוניזם אָדער ניט קאָמוניזם ווערט די רוסישע ליטעראַטור, אין וועלכער אַ מאַן ווי שאָלאָכאָוו איז איר שענסטע צירונג, היינט אין דער פרייער וועלט באַטראַכט מיט דער גרעסטער פאַראַכטונג. נאָך דער געשיכטע מיט פּאַסטערנאַקן, נאָך דער געשיכטע מיט צענדילנגער אָדער הונדערטער שרייבערס, וועלכע זענען פאַר־שיקט קיין סיביר, אָדער זיצן נאָך איצט אין די געפענגענישן, נאָך דעם ווי אַ חברה־מאַן ווי פעדאָרענקאָ, אַן אַגענט פון דער ק.ג.ב., ווערט געשיקט אַלס „אָבסערוואַטאָר״ צו „פּען־קאָנגרעסן״, קאָן דער סאָוויעטישער שרייבער־פאַרבאַנד ניט באַטראַכט ווערן אַנ־דערש ווי אַ גרופּע וואָס געהערט צו דער ק.ג.ב. און ניט צו דער רוסישער ליטעראַטור און איר באמת וווּנדערבאַרער פאַרגאַנ־גענהייט.

מיר רופן אָן דעם אומבאַקאַנטן מאַרקאָוו, ווי „מאַרקאָוו דער

דריטער״, צוליב אַ גאַנץ ספּעציעלער סיבה. אין אַלטן רוסלאַנד, אָקאָרשט פאַר דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע, האָט געשמט דער נאָמען „מאַרקאָוו דער צווייטער״, וועלכע איז געווען אַ מיט־גליד פון דער לעצטער דומאַ און דער הויפּט־פירער פון דער באַ־רימטער רוסישער „שוואַרצער מאה״. געווען איז ער, פאַרשטייט זיך, אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיט. דער שרייבער פון די שורות, ווי דער פאַרטרעטער אין דער דומאַ פון דער גרויסער מאָסקווער צייטונג „אוטראָ ראסיאי״, האָט געהאַט די געלעגנהייט צו אָבסערווירן, זען און הערן דעם באַנדיט מאַרקאָוו. אַזוי ווי דער צווייטער העלד פון דער שוואַרצער מאה פורישקעוויטש, אַזוי האָט מאַרקאָוו גוט געוווסט, אַז ער איז אַ שאַנד־פלעק פון פאַר־לאַמענט. ער האָט אָבער מיט שטאָלץ געטראָגן די דאָזיקע שאַנדע, ווייל דער צאַר אַליין, ניקאָליי דער צווייטער, איז געווען דער פּאַטראָן און באַשיצער פון די „שוואַרצע מאות״ און האָט באַגנע־דיקט אַלע פאַרברעכער, אַלע פּאָגראָמשטשיקעס איבער יידן, וועל־כע די רוסישע געריכטן זענען געצוווּנגען געווען צו פאַרמשפּטן פאַר די באַגאַנגענע דורך זיי שרעקלעכע פאַרברעכנס...

מאַרקאָוו דער צווייטער פלעגט אָפט אַרויסטרעטן מיט רעדעס. ער האָט געהאַט אַ ריזיקע פיגור, אַ קליינעם קאָפּ און אַ פּאָר פעד־שוואַרצע אויגן. ער האָט דערמאָנט אין די בילדער פון פּעטער דעם גרויסן אויף די פּאַטריאָטישע אילוסטראַציעס. ער פלעגט לאַנגזאַם אַרויפגיין אויף דער טריבונע און אַלע האָבן שוין פון פאָראויס געוווסט, אַז ער וועט אָנהייבן מיט דער „ברכה״ אויף יידן, און אַז ער וועט ווידער אַמאָל דעקלאַמירן — „דאָס דאָזיקע פון גאָט און פון לייטן פאַרשאָלטענע פאָלק...״.

אַזוי פלעגט ער אָנהייבן און אַזוי פלעגט ער אָנגיין אָן אָפּ־שטעל. אויב פון דער אָפּאָזיציע פלעגט מען זיך מיט עפּעס אָפּ־רופן, האָט ער זיך נאָך מער צעוואַרעמט און דאַן גענומען שיטן פעך און שוועבל...

קיין מאָל פאַר די אַלע יאָרן האָב איך ניט געהערט, אַז ראָדיזאַנ־קאָ, דער פּרעזידענט פון דער דומאַ, דווקא ניט קיין פריינד פון

דאָזיקן שוואַרץ־מאהניק, זאָל אים רופן צו אָרדענונג, דערמאָנען אים, אַז ער רעדט אין אַ פּאַרלאַמענט און ניט אין קיין שענק. אַזוי אַרום איז דער דאָזיקער באַנדיט אָנגעגאַנגען מיט זיינע כולי־גאַנישע רייד...

איך האָב זיך דערמאָנט אין מאַרקאָוו דעם צווייטן, ווען איך האָב געלייענט די רעדע פון דעם נייעם מאַרקאָוו, אַן אמתע מוסר־רעדע פאַר דעם נייעם רוסלאַנד, פאַר דעם זעלבן רוסלאַנד, וואָס האָט אויסגעמאָרדעט הונדערט יידישע שרייבערס צווישן זיי גרויסע שטערן פון דער יידישער ליטעראַטור, פון דעם זעלבן רוס־לאַנד וואָס האָט אַריינגעטריבן אין קבר אַזאַ דיכטער ווי באָריס פּאַסטערנאַק! ווען מען דערמאָנט זיך נאָר, אַז הונדערט יאָר שפּע־טער נאָך דעם ווי דאָסטאָיעווסקי האָט פיר יאָר פאַרבראַכט אויף קאַטאָרגע, האָט אַ „סאָציאַליסטישע" רעגירונג געפּייניקט יאָרן־לאַנג אין סיבירער פאַרשיקונג און נאָך אַכט יאָר געהאַלטן אין אַ משוגעים־הויז אַ שרייבער ווי סאָלזשעניצין, מוז מען זיך שטעלן די פראַגע — וואָס פאַר אַ זין האָבן אַלע פּראָטעסטן קעגן דער אויסלאַנד־פּאָליטיק פון דער סאָוויעטישער רעגירונג?

עס וואָלט געהאַט אַ גרעסערן זין פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּען־קלוב ניט צו געפינען אַ „געמיינזאַמע שפּראַך" מיט דעם סאָ־וויעטישן שרייבער־פאַרבאַנד, נאָר אָפּקערן זיך פון דער קליקע און אָפּזאָגן זיך צו האָבן מיט איר עפּעס געמיינזאַמעס. דער דאָזיקער פאַרבאַנד איז געווען אַ פּאָליציי־אַגענטור דאַן ווען דער רויטער רוצח האָט אויסגעמאָרדעט אונדזערע שרייבערס. האָט מען דאַן געהערט כאָטשבי אַן איין און איינציקן פאַל, ווען דער שרייבער־פאַרבאַנד איז אויפגעטרעטן קעגן דער צענזור, אָדער קעגן דער־שטיקן אַ יונגן שרייבער? דער סאָוויעטישער שרייבער־פאַרבאַנד אונטער „מאַרקאָוו דעם דריטן" איז דאָס, וואָס עס איז געווען רוס־לאַנד אונטער מאַרקאָוו דעם צווייטן. עס איז דאָס זעלבע אַלטע רוסלאַנד און נאָך מיט אַ סמיטשיק דערצו.

עס ברייטערט זיך אויס אומעטום די אַראַבישע און אַנטיסע־מיטישע פּראָפּאַגאַנדע, עס גייט אָן אַ פאַרשאַרפטע סאָוויעטיש־

אַנטיסעמיטישע קאַמפּאַניע. נישטיק און אָן שום ווערט איז דער יידישער ענטפער. אין יעדן לאַנד, אין יעדער ניט־יידישער רע־דאַקציע זיצן יידן, אָבער קיין יידישער ענטפער קומט ניט אויף די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע קאַמפּאַניעס. אין דער גרעסטער שווע־דישער צייטונג „דאַגעס ניהעדער", וואָס איז אויך איינע פון די גרעסטע צייטונגען אין אייראָפּע, ווערט געפירט אַ פּאָלע־מיק וועגן דעם, אַז אין פּאַריז איז אויף אַ שוועדישער קונסט־אויסשטעלונג אַריינגעשמוגלט געוואָרן אַנטיסעמיטישער מאַטעריאַל. ניט־יידן נעמען זיך אָן די יידישע קריוודע. די פּראָטעסט־באַווע־גונג פון הרב כהנא ברענגט אונדז ניט קיין סך נוצן און ניט קיין כבוד...

מיר דאַרפן געדענקען, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט רוסלאַנד פון מאַרקאָוו דעם צווייטן און מאַרקאָוו דעם דריטן...

(„לעצטע נייעס", דעם 16־טן יולי 1971)

# מאַקסימיליאַן האַרדען און זיין „צוקונפט"

זייער ווייניק מענטשן געדענקען אָדער דערמאָנען זיך היינט אין די גרויסע, ברילִיאַנטענע פּערזענלעכקייטן פון דער דייטשער ווילהעלמינישער עפּאָכע, דאָס הייסט, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. צווישן זיי זענען געווען ניט ווייניק יידן, גאַנצע אָדער האַלבע יידן, פאַרבונדן מיט יידישע אינטערעסן אָדער ניט פאַר־בונדן, אָבער פאָרט יידן, ספּעציעל צווישן שרייבערס, פאַרלעגערס, קינסטלערס. אין אונדזער שפּראַך האָבן מיר אַריינגענומען דאָס דייטשע וואָרט פּובליציסט. די יידישע פּובליציסטן האָבן אין דעם אַלטן דייטשלאַנד געשפּילט גאָר אַ וויכטיקע ראָלע. מען דאַרף נאָר דערמאָנען די צייטונגען „בערלינער טאַגעבלאַט", „פאָסישע צייטונג", „פראַנקפורטער צייטונג". גאַנץ אייראָפּע האָט זיך צוגע־הערט צו דעם וואָס זיי האָבן געהאַט צו זאָגן. יעדער אַרטיקל פון טעאָדאָר וואָלף אויף דער ערשטער זייט פון דעם זונטאָג־נומער פון „בערלינער טאַגעבלאַט" האָט פאַרכאַפּט דעם לייענער, ווייל ער איז געשריבן געוואָרן רואיק, געלאַסן, פול מיט וויסן און אָריענטאַציע, ריין און ציכטיק. דערפון האָט זיך גענומען דער גרויסער איינפלוס פון די דייטש־יידישע שרייבערס און פּובלי־ציסטן. דאָס פּינטעלע ייד האָט אַ באַזונדערן פאַרפום. האָט דאָך דייטשלאַנד געהאַט אַ מאַסע בינע־קינסטלערס, ריינע הונדערט־פּראָצענטיקע דייטשן, אָבער אַ גרעסערן קלאַנג ווי אַלע האָבן פאָרט געהאַט מאַקס ריינהאַרדס און פריץ קאָרטנערס נעמען.

אָבער נאָך אַלעמען איז גענוג געווען, אַז אין דעם לאַנד זאָל אויפקומען אַ פּשוטער אונטערוועלט־מענטש פון עסטרייך, אַ בראָ־

דיאַגע ווי היטלער, אַ משוגענער ווי גערינג און אַ פּסיכאָפּאַט, אַ פּרעדיקער פון אַ „טאָטאַלער מלחמה", ווי דער דורכגעפאַלענער גענעראַל לודענדאָרף, און גאַנץ דייטשלאַנד איז פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ נאַציילאַנד. קאָן מען דאָס באַנעמען, קאָן מען דאָס דערקלערן ...

***

צווישן די גלענצנדיקסטע פּאָליטישע שרייבערס פון יענער ווילהעלמינישער עפּאָכע האָט אַ ספּעציעלן פּלאַץ פאַרנומען מאַק־סימיליאַן האַרדען, וועמענס וואָכנבלאַט „די צוקונפט", אַ ביכעלע פון אַ קליינעם פאָרמאַט, מיט די אַרטיקלען פון דעם אַרויסגעבער האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון גאַנץ אייראָפּע. מען האָט געוווסט, אַז דער שרייבער האָט זייער וויכטיקע פאַרבינדונגען אין די העכסטע פּאָליטישע קרייזן, אַז ער איז אַ נאָענטער פריינד פון דעם ערשט „באַפרייטן" פון זיין קאַנצלער־פּאָסטן פירשט ביס־מאַרק און פון די העכסטע באַאַמטע אין אויסערן־מיניסטעריום, אַז ער ווייסט אַלץ, אַלץ וואָס קומט פאָר אין די קוליסן און הינ־טער די קוליסן. אַ געוועזענער שוישפּילער, אַ ליבהאָבער פון פראַנקרייך און פון דער פראַנצייזישער קולטור, אַ משומד, אָבער אַן אומאָפּהענגיקער גייסט, האָט ער געהאַט דעם קוראַזש צו באַ־נוצן די דייטשע שפּראַך אויף זיין אייגענעם אופן, דווקא ניט נאָר פאַרבנרייך, נאָר אויך קונציק און שפּיצפינדיק, אַזוי ווי נאָר ער, מאַקסימיליאַן האַרדען, האָט געקענט שרייבן.

דער אמתער נאָמען פון האַרדען איז געווען וויטקאָווסקי. גע־קומען איז די יידישע משפחה קיין בערלין פון פּויזן, יידישע אינ־טעליגענטע סוחרים וואָס האָבן געהאַנדלט ס׳רוב מיט זיידנס.

די וויטקאָווסקיס האָבן געהאַט אַכט קינדער, דאָס זעקסטע פון די אַכט האָט געהייסן פעליקס ערנסט און איז געבוירן גע־וואָרן אין אָקטאָבער 1861. כמעט אַלע קינדער האָבן געמאַכט פיינע קאַריערעס, אָבער פעליקס ערנסט וויטקאָווסקי, דער שפּע־טערער מאַקסימיליאַן האַרדען, האָט געהערט צו די גרעסטע נע־מען אין דער געשיכטע פון דער דייטשער פובליציסטיק, אַלס

איינער פון די ערשטע וואָס האָט געוואַגט צו אַטאַקירן אָפן און עפנטלעך קייזער ווילהעלם דעם צווייטן און זיין קליקע. עס לאָזט זיך איצט אַזוי לייכט זאָגן „אַטאַקירן דעם קייזער”, אָבער בער־לין צו יענער צייט איז געווען דער צענטער פון דעם אַרכי־קאָנסערוואַטיוון פרייסישן יונקערטום. די האָהענצאָלערן־דינאַס־טיע איז געווען פאַר פרייסן דאָס הייליקסטע אין דער וועלט. וויל־העלם דער צווייטער, דער אָנגעבלאָזענער בלאָפער, האָט זיך באַטראַכט ווי געשיקט פון דעם אויבערשטן מיט אַ מיסיע צו באַווייזן דער וועלט וואָס מיינט דער מאַרש פון „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס!”.

דער שרייבער פון די שורות האָט אין 1904 שטודירט אין בערלין און געלעבט אין אַ קליינעם צימער אויף דער שאַרן־האָרסט שטראַסע, אויף דעם זעקסטן שטאָק. דאָס פענצטער פון דעם צימער איז אַרויס אויף דעם הויף פון אַ ריזיקער קאַזאַרמע אויף שאָסיי־שטראַסע. פון זעקס אַזייגער אין דער פרי האָב איך געקאָנט זען יעדן טאָג דעם „דריל” פון די סאָלדאַטן. עס איז געווען וואָס צו זען.ביים אַריינגיין אין מיין הויז איז געווען דער אַריינ־גאַנג צו דער קאַזאַרמע פון דער פעכטשולע פאַר די אָפיצירן פון דער בערלינער גוואַרדיע. דער קייזער פלעגט פון צייט צו צייט באַזוכן די פעכטשולע און ביי דעם אַריינגאַנג אויפגענומען ווערן פון די גליקלעכע קאָמאַנדירן פון די רעגימענטער. האָב איך ניט זעלטן געהאַט דאָס גליק צו זען זיין מאַיעסטעט ביים אָנקומען גאַנץ נאָענט; דאָס פּנים פון דעם זייער איינגעבילדעטן דייטש מיט די צוויי וואָנצעס אַרויף. אויף דעם פּנים איז שטענדיק געווען דער איינדרוק פון אַ מאַן וואָס זאָגט: „אַלץ ווייס איך בעסער פון אַלעמען”. איך האָב אויך מערערע מאָל געזען דעם קייזער רייטנ־דיק אונטער דען לינדען אויפן וועג פון טירגאַרטן צום פּאַלאַץ. איך געדענק אים גוט...

מאַקסימיליאַן האַרדען האָט אָנגעהויבן זיין קאָמפּאַניע מיט דער אַטאַקע אויף דעם קייזערס אינטימסטן פריינד גראַף פאָן עלע־בורג, אָן דעם פאַוואָריט, וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס אַ האָמאָ־

סעקסועלער אַריסטאָקראַט און שיער־שיער ניט „דער געליבטער" פון דעם אָפּגאָט אַליין, האָט קיינער נישט געקאָנט באַקומען אַ הויכן פּאָסטן. ער האָט באַשטימט. היינט איז האָמאָסעקסואַליזם אַ לאַ מאָד און מען דערציילט זיך אַז דאָס אויסערן־מיניסטעריום פון אַ באַשטימטן לאַנד באַשטייט כמעט אין גאַנצן פון האָמאָסעק־סועלע באַשעפענישן. אָבער צו יענער צייט האָט עס געהייסן מער ווי אַ סקאַנדאַל. דער קייזער האָט צוערשט ניט געוווּסט וועגן דער קאָמפּאַניע קעגן זיין אינטימסטן פריינד, וועלכער, ווי מען האָט דערציילט, האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ צווייטע רעגירונג, אַ נעבנרעגירונג.

מאַקסימיליאַן האַרדען, וועלכער איז געווען בכלל אַ פיינד פון דער גרויסקייט־משוגעת, וועלכע האָט געמוזט דערפירן איי־ראָפּע צו דער ערשטער וועלט־מלחמה — און האָט דערפירט! — האָט שטענדיק געניי אַנאַליזירט די פּאָליטישע לאַגע און האָט פאָראויסגעזאָגט די מלחמה, האָט זיך באַנוצט מיט די מאַטעריאַלן, וואָס ער האָט מסתמא באַקומען פון פירשט ביסמאַרק, כדי צו קאָמפּראָמיטירן אי דעם קייזער, אי די קליקע אַרום אים. עס זענען אָנגעגאַנגען גרויסע סקאַנדאַל־פּראָצעסן אין געריכט. דער „געליבטער" פון דעם קייזער האָט געמוזט פאַרלאָזן אויף אַ צייט דייטשלאַנד. די קרוין פון זיין מאַיעסטעט האָט פאַרלוירן אַ היפּש ביסל פון איר גלאַנץ. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גדול, אַ מין געקרוינטער דע גאָל, ביז צו דעם טאָג ווען ער איז בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איינער פון די ערשטע ווי אַ פּחדן אַנט־לאָפן פונעם שלאַכטפעלד, אַנטלאָפן קיין... האָלאַנד און דאָרט פאַרבליבן ביז צו זיין טויט.

מאַקסימיליאַן האַרדען־וויטקאָווסקי איז געווען צווישן די ער־שטע, וועלכע האָבן אַראָפּגעריסן די מאַסקע פון דעם געקרוינטן בלאָפער און באַוויזן דייטשלאַנד און דער וועלט, אַז „דער קייזער", ווי עס דערציילט דער באַרימטער דענישער סאַגאַ־מייסטער ה. ק. אַנדערסען אין איינער פון זיינע מעשהלעך פאַר קינדער, „האָט גאָר קיין קליידער אויף זיך און איז נאַקעט". ווילהעלם דער צוויי־

טער איז ניט געווען סתם אַן עגאָצענטריקער און אַ בלאָפער, נאָר אַ געפערלעכער מעגאַלאָמאַניאַק און אינטריגאַנט, פאַרכאַפּט פון דער אידעע, אַז ער וועט ברעכן די וועלטמאַכט פון גרויס־בריטאַניע, אַז „דייטשלאַנדס צוקונפט ליגט אויפן וואַסער״. אויף דעם פאָרשלאַג פון עדוואַרד דעם זיבעטן, אַז מען דאַרף זיך פאַר־שטענדיקן וועגן קאָ־עקסיסטענץ, כדי אויסצומיידן אַ קאַטאַסטראָפע האָט דער שטאָלצער נאַר געענטפערט, אַז דייטשלאַנד אַקצעפּטירט ניט קיין מתנות פון גרויס־בריטאַניע. די חברה אַרום דעם קייזער מיט דעם שאַרלאַטאַנסקע אַדמיראַל טירפּיץ אין דער שפּיץ איז געווען זיכער ביי זיך, אַז פּאַן־גערמאַניזם מאַרשירט פאָראויס, און אַז דאָס וואָס ביסמאַרק און מאָלטקע האָבן אין יאָר 1870 אָפּגעטון מיט פראַנקרייך, וועט ווילהעלם דער צווייטער צוזאַמען מיט הינ־דענבורגן און טירפּיצן קאָנען אָפּטון פערציק־פופציק יאָר שפּעטער קעגן גרויס־בריטאַניע. אין דער שלאַכט ביי יוטלאַנד האָט דער יונגער דייטשער פלאָט באַקומען דעם ערשטן טויטקלאַפּ פון ענג־לישן פלאָט. נאָך דער גרויסער מפּלה אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך דעם שענדלעכן אַנטלויפן פונעם קייזער האָט דער ייד אַלבערט באַלין, דער בויער פון דער קאָלאָסאַלער האַמבורג־אַמעריקע ליניע, אַ נאָענטער פריינד פונעם קייזער און זיינע גרויס־דייטשלאַנדס פּלענער, זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ און גע־ענדיקט זיין לעבן...

**
*

מאַקסימיליאַן האַרדען איז געשטאָרבן אין יאָר 1927, אַ פאַר־ביטערטער, כמעט אָדער כלומרשט אַ פאַרגעסענער. „די צוקונפט״ איז אונטערגעגאַנגען מיט פינף יאָר פריער. די וועלט־מלחמה וואָס ער האָט פאָראויסגעזאָגט האָט ער איבערגעלעבט. דער קיי־זערלעכער בלאָפער, די פאַרברעכערישע קליקע אַרום אים און מיט אים, דאָס אַלטע דייטשלאַנד און די אויפגעקומענע אויסער־געוויינטלעכע פּראָספּעריטי, וואָס ער האָט אַזוי גוט געקענט און וואָס איז חרוב געוואָרן אַ דאַנק די געשוואָלענע קעפּ פון די העלדן אַרום דעם געזאַלבטן קייזער, דאָס איז אַלץ פון דעם גרעסטן אינ־

טערעס נאָך היינט, אויב מען וויל פאַרשטיין דעם גאַנג פון די געשעענישן אין דער צייט פון 1870, ווען נאָך דעם נצחון אין דער פראַנצייזיש־פרייסישער מלחמה איז אין ווערסאַיל פּראָקלאַ־מירט געוואָרן די גרינדונג פון דער דייטשער אימפּעריע, ביז 1914, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און די אימפּעריע איז צעפאַלן. האַרדען האָט גוט פאַרשטאַנען דעם גאַנג פון דער געשיכטע, געוואָרנט, גערופן צו הילף, אָבער ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן.

עס איז ניט ריכטיק צו זאָגן, אַז מאַקסימיילאַן האַרדען איז אַוועק פון דער וועלט אַ פאַרגעסענער. דאָס גרויסע בוך, וואָס איז ערשט אַרויס אין דייטשלאַנד „מאַקסימיליאַן האַרדען און „די צו־קונפט" פון ב. אוווע וועלער אין דער סעריע פון דער „דייטשער פּרעסע־פאָרשונג" ברענגט אַ געוואַלדיק גרויסן מאַטעריאַל וועגן דעם איינפלוס פון האַרדענס שרייבן און זיין פעאיקייט טיף צו אַנאַליזירן די פּאָליטישע געשעענישן ניט נאָר אין זיין לאַנד, נאָר אין דער גאַנצער וועלט. דער שרייבער פון די שורות פלעגט זיין מיט פינף און זעכציק יאָר צוריק אָן אָפטער באַזוכער אינעם דייטשן רייכסטאַג, אָפט הערן די שטורמישע רעדעס פון דעם רייכסקאַנצלער ביולאָוו, אָבער ניט מיט קיין קלענערן אינטערעס געלייענט און שטודירט די אַרטיקלען פון מאַקסימיליאַן האַרדען אין זיין „צוקונפט".

אין זיינע פּאָליטישע עקסטראַוואַגאַנצן האָט מאַקסימיליאַן האַרדען אָפט דערמאָנט פערדינאַנד לאַסאַל, אין זיין בייסיקן הו־מאָר איז ער אָפט געווען נאָענט צו היינריך היינע, אָבער פאַר־כאַפּט איז ער געווען פון דעם דייטש־פּוילישן פילאָסאָף פרידריך ניטשע, וועמען געאָרג בראַנדעס האָט „אַנטדעקט" אַלס אַ מין „סופּער־מענטש", גערימט אים אַלס אַ זעלטן וווּנדערקינד פון דער מאָדערנער אייראָפּעאישער קולטור. די ראָלע פון אַ סופּער־מענטש האָט געוואָלט שפּילן קייזער ווילהעלם דער צווייטער, אָבער מאַקסימיליאַן האַרדען האָט ניט מורא געהאַט מאַכן פון אים אַ לעכערלעכע קאַריקאַטור, אַ בלאָפער, אַ קאָמעדיאַנט. דער

קייזער איז געוואָרן אויפגעבראַכט, געזידלט דעם געוועזענעם שוי־שפּילער, וואָס איז געוואָרן דער גרעסטער פּובליציסט פון דייטש־לאַנד, און האָט פאַרשפּילט.

מען האָט דערציילט, אַז ביסמאַרק איז געווען פאַסצינירט פון דער פּערזענלעכקייט פון פערדינאַנד לאַסאַל און פלעגט זיך טרעפן מיט אים. דער אמת איז, אַז ביסמאַרק האָט נאָר איין איינציק מאָל זיך געטראָפן מיט לאַסאַלן, אָבער ביסמאַרק איז געווען יאָרנלאַנג זייער באַפריינדעט מיט מאַקסימיליאַן האַרדען און פאַרבראַכט מיט אים זייער אָפט, אַרומגערעדט מיט אים די וויכטיקסטע פּאָליטישע פּראָבלעמען, קאָרעספּאָנדירט מיט אים. האַרדען איז געווען אַ פּאָ־ליטישער פאַקטאָר פון ערשטן ראַנג, אַן ערנסטער טאַלאַנטירטער שרייבער, אַ קלוגער און געבילדעטער מאַן.

יידן און מענטשן פון יידישער אָפּשטאַמונג האָבן אין אַ גרוי־סער מאָס בייגעטראָגן צו דעם וואַקסן פון דער דייטשער אימ־פּעריע, בייגעטראָגן אויף אַלע געביטן. ניט קוקנדיק אויף דער שרעקלעכער יידישער קאַטאַסטראָפע טאָרן מיר ניט פאַרגעסן די גרויסאַרטיקע יידישע גייסטער פון יענעם אָפּשניט אין דער גע־שיכטע פון דייטשלאַנד. מאַקסימיליאַן האַרדען איז געווען איינער פון זיי.

(„דער וועקער״, יולי־אויגוסט 1971)

# הונדערט יאָר געאָרג בראַנדעס

פאַר דער יידישער יונגוואַרג און פאַר יידן פון פופציק אָדער זעכציק יאָר אַלט איז הונדערט יאָר אַ מאַסע יאָרן, אָבער פאַר אונדז, „עלטערע מענטשן", איז עס כמעט אַ נאָרמאַלע, כמעט אַ נאַטירלעכע זאַך. די סקאַנדינאַווישע פרעסע און די אוניווער־סיטעטן פייערן איצט מיט אַ באַזונדערן אימפעט און מיט אַן אמתער פיעטעט די ערשטע הונדערט יאָר זינט דער גרויסער דעניש־יידישער ליטעראַטור־היסטאָריקער געאָרג בראַנדעס האָט געהאַלטן אין דעם אוניווערסיטעט פון קאָפּענהאַגען זיין ער־שטע לעקציע. דאָס איז געשען מיט הונדערט יאָר צוריק — דעם 3־טן נאָוועמבער 1871. פופציק יאָר נאָך דעם, דעם 3־טן נאָוועמבער 1921, האָט דער שרייבער פון די שורות זיך באַטיי־ליקט אין קאָפּענהאַגען אין דער גרויסער פייערונג פון דעם פופ־ציק־יאָריקן יובל פון אָט דער ערשטער לעקציע. דער זקן, נאָך אַקטיוו האָט נאָך אַ סך געשריבן, האָט געהאַלטן דעם אָוונט פאַר אַ געקליבענעם עולם אַ פאָרטראַג פון צוויי שעה וועגן האָמער. דער זאַל איז געווען אַזוי פול געפּאַקט מיט מענטשן, אַז מען האָט געמוזט צונעמען אַלע שטולן און אַלע זענען געשטאַנען די גאַנצע צייט. נאָך דעם פאָרטראַג, נאָך צען אַזייגער ביינאַכט, איז אָנגעקומען אַ פאַקל־צוג פון הונדערטער סטודענטן. מען האָט דעם אַלטן מאַן געבראַכט אויף אַ דאַך פון אַ גרויסער געביידע. וואָס דער פירער פונעם פאַקל־צוג האָט געזאָגט אין זיין באַ־גריסונג צו בראַנדעסן האָט מען ניט געהערט, אָבער דאָס וואָס דער אַלטער מאַן מיט אַ קאָפּ באַדעקט מיט שניי־ווייסע האָר, וואָס

דער ווינט האָט צעבלאָזן, האָט געזאָגט, האָט מען גוט געקאָנט הערן. ער האָט גערופן די יונגע שטענדיק צו זיין דער טרעגער פון פייער...

אַ מער פאַנטאַסטיש בילד האָב איך קיין מאָל ניט געזען אין מיין לעבן. איך האָב געהאַט דעם כבוד אים גוט צו קענען פערזענלעך, אָבער די נאַכט האָב איך אים צום ערשטן מאָל דער־קענט. עס זענען אַוועק פופציק יאָר נאָך דער פייערלעכקייט, אָבער דאָס בילד איז אומפאַרגעסלעך.

געאָרג בראַנדעס, געבוירן אין 1842 אין קאָפּענהאַגען, דאָס הייסט, מיט הונדערט און דרייסיק יאָר צוריק, האָט ניט געאַנט אין 1871, ווען ער האָט געהאַלטן זיין ערשטע לעקציע, אַז דאָס איז דער אָנהייב פון די באַרימטע זעקס בענדער „הויפּטשטרעמונ־גען פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור אין ניינצענטן יאָרהונ־דערט״, איבערגעזעצט אין אַ סך שפּראַכן, אַז ער וועט זיין נאָענט צו דעם באַרימטן פראַנצייזישן ליטעראַטור־היסטאָריקער טען, צו רענאַן, צו קראָפּאָטקין, צו אַלע גרויסע גייסטיקע ריזן פון זיין עפּאָכע. ווען ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה אין אַן עלטער פון 85 יאָר, האָט ער איבערגעלאָזן אַ גרויסע ירושה: צוויי בענדער וועגן וואָלטער, צוויי בענדער וועגן געטע, עטלעכע בענדער וועגן דענישע שרייבער, צוויי גרויסע בענדער וועגן יוליוס צעזאַר, דריי בענדער וועגן שעקספּיר. געאָרג בראַנדעס איז געווען דער ערשטער ביאָגראַפער פון פערדינאַנד לאַסאַל, דער מחבר פון אַ פּרעכטיקן ווערק וועגן דיזראַעלי־לאָרד ביקאָנספילד, וועמען ער האָט פערזענלעך געזען בשעת דעם בערלינער קאָנגרעס, אין יאָר 1879, ווו רוסלאַנד האָט געליטן איר גרעסטע און שענדלעכסטע מפּלה אַ דאַנק דעם „אַלטן ייד״, צו יענער צייט פּרעמיער־מיניס־טער פון גרויסבריטאַניע, ליבלינג פון דער קעניגין וויקטאָריאַ און פיינד פון גלאַדסטאָן, פירער פון די ענגלישע ליבעראַלן.

געאָרג בראַנדעס איז געווען אויסערגעוויינטלעך פאַרכאַפּט פון דער פערזענלעכקייט פון דיזראַעלי, וועלכער איז געווען שטענ־דיק שטאָלץ מיט זיין יידישן יחוס, דעמאָנסטרירט זיין שטאָלץ פאַר־

נעמענדיק די העכסטע מלוכה־פּאָסטנס אין לאַנד. סיי אין זיין זייער רייכער ליטעראַרישער טעטיקייט איידער ער איז געוואָרן פּאָליטיקער און סיי אַלס פירער פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַר־טיי איז דיזראַעלי געווען מער ייד ווי ענגלענדער. זאָל מיר דער־לויבט זיין צו זאָגן, קענענדיק גוט די פּערזענלעכקייט פון געאָרג בראַנדעס, צי ער אַליין וואָלט אַקצעפּטירט מיין מיינונג אָדער פּראָטעסטירט קעגן איר, אַז אין זיין גאַנצער אַקטיוויטעט איז ער, בראַנדעס, אויך געווען מער ייד ווי אַ סקאַנדינאַוו, אַן אייניקל פון די נאָרדישע וויקינגער...

***

עס איז פּאַר מיר געבליבן אויף אייביק אַ רעטעניש ווי אַזוי זענען די קליינע, ביז גאָר קליינע יידישע געמיינדעס פון שוועדן און דענעמאַרק, לעבנדיק צווישן די ביז גאָר פרעמדע פעלקער, וואָס האָבן געהאַט זייערע אייגענע קערנדיקע און זאַפטיקע קול־טורן, פאַרבליבן יידיש, פּראָדוצירט יידישע פּערזענלעכקייטן מיט אַ יידישער מענטאַליטעט און אַן אויסגעשפּראָכענער יידישער קול־טור, און אויסגעלעבט זיך גוט אויףביידע „פראָנטן", ווי יידן און ווי סקאַנדינאַוון. אַ שוועדישער ייד, אַ היסטאָריקער, פּראָפעסאָר הענריק שיק (1947 ־ 1855), האָט געשריבן די ערשטע געשיכטע פון דער אַלטער שוועדישער ליטעראַטור, אָבער אויך אַ געשיכטע פון יידן; אַ שוועדישער ליטעראַטור־היסטאָריקער, אַ מיטגליד פון אַ חשובער אַלטער יידישער משפחה, פּראָפעסאָר מאַרטין לאַם (1950 ־ 1880), איז דער מחבר פון אַ מאָנומענטאַלן ווערק וועגן סטרינדבערגן. אָסקאַר לעווערטין (1906 ־ 1862), אַ שוועדישער פּובּ־ליציסט און דיכטער, איז געווען אַ וואַרעמער ייד, געהערט צו די אָנערקענטסטע און זייער געשעצטע קלאַסיקער פון דער שוועדי־שער ליטעראַטור.

דאָס איז אין דער אמתן מער ווי אַ היסטאָריש־פילאָסאָפישע פּראָבלעם. עס איז אַ רעטעניש וואָס ווערט פאָרמולירט און פאַר־ענטפערט קורץ און בינדיק גראָד פון געאָרג בראַנדעס, אַ גרויי־סער קענער פון אַלטער יידישער געשיכטע. אין זיין ווערק וועגן

יוליוס צעזאַר, אין אָנהייב פונעם ערשטן באַנד, רעדט ער וועגן דעם, אַז ווען צעזאַר איז דערהרגעט געוואָרן, האָבן יידן באַוויינט אים, עס איז געווען אַ מין יידישער נאַציאָנאַלער טרויער. פאַר־וואָס, פרעגט בראַנדעס. און זאָגט: ווייל יוליוס צעזאַר האָט פאַרשטאַנען, אַז דער גייסטיקער יסוד פון יידנטום באַשטייט פון צוויי גרונד־עלעמענטן, יידנטום וואָס איז נאַציאָנאַל און אין דער אייגענער צייט אינטערנאַציאָנאַל. אין זיין ווערק וועגן דיזראַעלי, שטעלט זיך אָפּ בראַנדעס אויף דער גרויסער ליטעראַרישער קאַ־ריערע פון דיזראַעלי איידער ער איז געוואָרן פּאָליטיקער, אַזוי גוט ווי אין אַלע זיינע ראָמאַנען זענען יידן די צענטראַלע פיגורן.

אין זיין גרויסן ראָמאַן „טאַנקרעד״, אין וועלכן עס ווערט געשילדערט די רייזע פון אַ יונגן ענגלישן הערצאָג צו די קריסט־לעכע „הייליקע ערטער״ אין פּאַלעסטינע, שפּילט דיזראַעלי מיט זיין אָריגינעלער אידעע וועגן דער מעגלעכקייט פון צוזאַמענ־שמעלצן אַמאָל די דריי אמונות, יידנטום, קריסטנטום און איסלאַם, אַלע געבוירן אין נאָענטן מזרח, אַלע פון איין שורש. דאָס איז אַ פאַנטאַזיע וועלכע איז אינטערעסאַנט נאָר דערמיט וואָס זי באַ־ווייזט דאָס געמיט און די שטימונגען פון איר מחבר.

געאָרג בראַנדעס איז ניט געווען פּאָפּולער ביי געוויסע יידי־שע קרייזן זינט ד״ר הערצל האָט זיך געווענדט מיט אַ בריוו צו אים און פאָרגעשלאָגן מיטצואַרבעטן ביי דעם אָנהייב פון ציוניזם. די וואָס האָבן געלייענט דעם בריוו און דעם ענטפער פון געאָרג בראַנדעס, אַ נעגאַטיווער, אָבער אַ זייער פריינד־לעכער, ווייסן אַז בראַנדעס האָט געווינטשט דערפאָלג ד״ר הערצ־לען, אָבער האָט באַרופן זיך אויף זיינע אייגענע אידעען, וועגן דעם יידישן פּראָבלעם. דאָס איז געווען אָבער געזונג כדי מאַקס נאָרדוי זאָל לויט זיין שטייגער ווערן אויפגעבראַכט און באַפאַלן געאָרג בראַנדעסן, געזידלט אים אויף אַ גאַנץ מיאוסן אופן. דער סקאַנדאַל איז איצט כמעט ווי פאַרגעסן, דערביי איז דאָס ניט געווען דער ערשטער און ניט דער לעצטער סקאַנדאַל פון דעם היפּערטעמפּעראַמענטפולן מחבר פון דעם אין זיין צייט באַרימטן

ווערק „דעגענעראַציע״. זיין סקאַנדאַל קעגן אחד העם איז ניט געווען ווייניקער מיאוס. דערביי זענען ביידע, געאָרג בראַנדעס און אחד העם, געווען זיכער גרעסערע קענערס וועגן יידישער געשיכטע און יידנטום. די ווערק פון בראַנדעס וועגן יוליוס צעזאַר, מיקעלאַנדזשעלאָ, שעקספּיר און די מאָדערנע קלאַסיקער באַווייזן, אַז מען דאַרף אַליין זיין אַ שטיקל ענציקלאָפּעדיסט ווי געאָרג בראַנדעס, כדי צו קריטיקירן אים און זאָגן דעות וועגן זיין וויסן און שאַפן...

בראַנדעסיאַניזם איז אַ וועלט פאַר זיך. דער שרייבער פון די שורות איז געווען יאָרנלאַנג זייער נאָענט צו דעם גדול ביש־ראל און ווייסט, אַז אַזוי ווי דיזראַעלי, אַזוי ווי היינע און לאַסאַל, איז ער געווען דורכגעווייקט מיט יידישן פּילפּול. ער איז געווען אויפגעבראַכט קעגן היינעס שמד, באַוווּנדערט די יידישקייט פון דעם געשמדטן דיזראַעלי און געזען קלאָר דאָס אומווירדיקע וועזן פון שמד. געאָרג בראַנדעס איז געווען פאַקטיש דער ערשטער אויף צו „אַנטדעקן״ און אַנאַליזירן אַזעלכע צוויי פאַרשידענע און באמת מערקווערדיקע גייסטער ווי ניטשע און קירקעגאַרד. עס איז אַ שאָד וואָס בראַנדעס איז ניט צוגעצויגן געוואָרן צו דער פּערזענלעכקייט פון שפּינאָזאַ און זיין שאַפן, עס איז דער אייגע־נער גייסט פון אַבסטראַקטער אַנאַליזע, עס איז דער אייגענער קלאָ־רער געדאַנקענגאַנג ווי שפּינאָזאָס „עטיק״ און זיין אַריינדרינגען אין דער וועלט פון אידעען.

ביי אונדז איז איצט געוואָרן אַ מאָדע פון קלאַסיפיצירן יידי־שע ליטעראַטור לויט דעם אין וואָסער שפּראַך זי איז געשאַפן, אין יידיש אָדער העברעאיש. אַ צאָל יידישע דיכטער און עסייאיסטן, פאַרמשפּטן יידישע ליטעראַטור אין פרעמדע שפּראַכן. באַשטימען זיי, אַז די ווערק פון לואיסאָן און זאַנגוויל, גאָלדשמידט און נאַ־טאַנסען (ניט נאַטאַנסאָן), סטעפאַן צווייג און פרוג און הונדערט אַנדערע שרייבער אין ניט־יידישע שפּראַכן געהערן ניט צו דעם אוצר פון יידישער ליטעראַטור. איך קען ניט קיין ווערק פון געאָרג בראַנדעס וווּ ער זאָל ניט באַנוצן די יידישע קריטעריען

ביים אָפּשאַצן דאָס פּרעמדע ווערק. אין זיין „מיקעלאַנדזשעלאָ",
צוויי גרויסע בענדער, ווייזט ער אָן אויף דעם, אַז דער געניאַלער
סקולפּטאָר און מאָלער איז באַצויבערט געווען ס'רוב פון גע־
שטאַלטן פון דער יידישער ביבל און ניט פון דעם קריסטלעכן
עוואַנגעליום און דאָס קאָן מען באַלד זען ביים באַלקן פון דער
סיקסטינער קאַפּעלע.

געאָרג בראַנדעס איז געווען און געבליבן אַ גדול בישראל.

(„דער וועקער", מאַי־יוני 1972)

# די ערשטע לעקציע פון געאָרג בראַנדעס

## 3־טער נאָוועמבער 1871 — 1971

### 1.

פאַר די אַלטע בראַנדעסיאַנער, פאַר די אַלע וועלכע באַ־טראַכטן זיך פאַר זיינע תלמידים און גאַנץ באַזונדערס פאַר די, ווי דער שרייבער פון די שורות, וואָס האָבן געהאַט דעם זכות צו זיין גאַנץ נאָענט צום גרויסן שרייבער פערזענלעך, איז דער טאָג פון 3־טן נאָוועמבער 1871 אַ הייליקער טאָג. אין דעם טאָג האָט דער יונגער, אָבער אין סקאַנדינאַוויע שוין באַקאַנטער שריי־בער געהאַלטן זיין ערשטע לעקציע אין דעם אוניווערסיטעט פון קאָפּענהאַגען. דער קליינער זאַל איז געווען איבערגעפּאַקט און ניט געקאָנט אויפנעמען דעם עולם וואָס איז געקומען הערן. דער שרייבער האָט דעמאָלט נאָך ניט געוווּסט, אַז אָט די לעקציע וועט ווערן דער אָנהייב פון די באַרימטע זעקס בענדער פון זיינע „הויפּט־שטרעמונגען אין דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור", וואָס וועלן איבערגעזעצט ווערן אין מערערע שפּראַכן און וועלן פאַרבלייבן ביז צום היינטיקן טאָג אַ קלאַסיש ווערק פאַר אַלע, וואָס זענען אינטערעסירט אין ליטעראַטור־געשיכטע.

געאָרג בראַנדעס, דער ערשטער ביאָגראַפער פון פערדינאַנד לאַסאַל, דער מחבר פון גרויסאַרטיקן ווערק וועגן דיזראַעלי — לאָרד ביקאָנספילד, ווען ער האָט געזען אין בערלין בשעת

דעם בערלינער קאָנגרעס פון 1879, דער מחבר פון אַ מאָנומענ־טאַלן ווערק וועגן יוליוס צעזאַר (עלף הונדערט זייטן!), דער מחבר פון דריי בענדער געווידמעט שעקספּירן, צוויי בענדער וועגן וואָלטערן, צוויי בענדער וועגן געטע א. א. וו. איז צום באַדויערן באַקאַנט דעם יידישן לייענער הויפּטזאַכלעך אין פאַרבינדונג מיט זיין נעגאַטיוון ענטפער, אַ רואיקן און וואַרעמען ענטפער אויף ד״ר הערצלס איינלאַדונג צו אים צו באַטייליקן זיך אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. בראַנדעס האָט געשריבן, אַז ער האָט זיין אייגענע מיינונג וועגן דעם גאַנג פון דער יידישער געשיכטע, אָבער ער ווינטשט ד״ר הערצל דערפאָלג אין רעאַליזירן זיינע אידעען. דאָס איז געווען גענוג פאַר מאַקס נאָרדוי צו מאַכן פון דעם דעניש־יידישן שרייבערס ענטפער אַ מיאוסן סקאַנדאַל מיט פּערזענלעכע באַליידיקונגען. דאָס איז געווען ניט דער ערשטער סקאַנדאַל פון נאָרדוי, ווען מען געדענקט זיין אויפטריט קעגן אחד־העם, געקן ד״ר ערענפּרייז און אַנדערע. דער טעמפּעראַמענט פון נאָרדוי האָט ניט געהאַט קיין גרענעץ, פּונקט אַזוי גרויס ווי זיין פאַרביטערונג קעגן דער וועלט אין אַ צושטאַנד פון „דעגע־נעראַציע״.

פון דעם מיאוסן סקאַנדאַל — געאָרג בראַנדעס האָט ניט וויניקער שאַרף געענטפערט אויף נאָרדויס באַליידיקונגען — איז געוואָרן אַ מאָדע ביי אַ געוויסן סאָרט יידן צו רעדן און שרייבן וועגן געאָרג בראַנדעס ווי וועגן אַ גלייכגילטיקן צו יידישע ליידן. און דאָס איז געווען אין אַ צייט ווען בראַנדעס איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע טוערס און קעמפערס פאַר די אונטערדריקטע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין פאַרשידענע לענדער, ס׳רוב קעגן דעם רוסישן צאַריזם. הגם אין ניו־יאָרק זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן פופצן בענדער פון געאָרג בראַנדעסעס ווערק אויף יידיש, גע־שריבן און איבערגעזעצט פון גוטע מחברים און גוט פּרעזענ־טירט, האָבן יידן בכלל געלייענט ווייניק די ווערק און ניט אַרויס־געוויזן קיין סך דרך־ארץ צו דעם דאָזיקן באמת גדול בישראל. געאָרג בראַנדעס איז געווען זייער נאָענט צו דעם ענגלענדער

דזשאָן סטיואַרט מילס, צו דעם פראַנצייזישן ליטעראַטור־היסטאָרי־קער היפּאָליט טען און צו רענאַן קאינטיס, געווען באַפריינדעט מיט העגריך איבסען, מיט דעם רוסישן פילאָסאָף סאלאוויאוו, מיט פּיאָטר קראָפּאָטקין, וועלכער האָט זיך אויסגעלערנט די דענישע שפּראַך, כדי צו קאָנען לייענען די ווערק פון בראַנדעס אין אָריגינאַל.

די ליטעראַרישע אַקטיוויטעט פון געאָרג בראַנדעס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער צייט פון דעם גרויסן פּאָליטישן קולטור־קאַמף אין דענעמאַרק, ווען זיין ברודער עדואַרד בראַנדעס, אַ פירער פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי און אַליין אַ באַקאַנטער שרייבער, האָט געגרינדעט די זייער איינפלוסרייכע צייטונג „פּאָליטיקען".

די ערשטע לעקציעס פון געאָרג בראַנדעס האָבן געהאַט אַזאַ אָפּקלאַנג אין לאַנד און צוגעצויגן אַזאַ גרויסן עולם צום אוני־ווערסיטעט, אַז מען האָט געבעטן עפענען פאַר די בראַנדעס־לעק־ציעס דעם גרעסטן זאַל, אָבער דאָס האָט דער רעאַקציאָנערער רעזשים ניט געקאָנט זיך דערלויבן און האָט אָפּגעזאָגט. די רע־אַקציע האָט מאָביליזירט אַלע אירע כוחות פאַר איר לעצטן קאַמף קעגן דער אָפּאָזיציע. זי איז צום סוף געפאַלן, אָבער עס איז געווען אַ פאַרביסענער און פאַרביטערטער קאַמף.

געאָרג בראַנדעס איז געווען אַ גרויסער קענער פון דער אַלטער יידישער געשיכטע. אין זיין ווערק וועגן יוליוס צעזאַר מאַכט ער שוין אין אָנהייב פון ערשטן באַנד אַן אינטערעסאַנטע באַמערקונג: ווען צעזאַר איז דערהרגעט געוואָרן פון די קאָנ־ספּיראַנטן, האָבן יידן געטרויערט ווי דאָס וואָלט געווען אַ נאַציאָ־נאַלער יידישער טרויער. און בראַנדעס דערקלערט: צעזאַר האָט פאַרשטאַנען דעם ספּעציפישן כאַראַקטער פון יידנטום, וואָס באַ־שטייט פון דעם צוזאַמענלעבן פון נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע עלעמענטן. מען דאַרף זאָגן אַז די דאָזיקע פאָרמולע פון געאָרג בראַנדעס איז טרעפלעכער ווי גאַנצע בענדער פון גע־שיכטע־פילאָסאָפיע וועגן דעם שורש פון יידנטום און זיין עקסיס־טענץ. שוין אין די צייטן פון דער הערשאַפט פון דער רוימישער

אימפעריע איז די צאָל יידן אין די גלות־לענדער געווען אַ סך גרעסער ווי די צאָל יידן אין ארץ ישראל. די רוימישע אימפעריע מיט איר גאַנצער מאַכט און עקספּאַנסיע האָט זיך געמוזט רעכענען מיט דעם באַזיגטן, געשלאָגענעם און חרובן יידנטום. די געשיכטע פון דעם אַריבערגיין פון יוסף פלאַוויוס צו די רוימער איז דער בעסטער באַווייז, פאַר דער מיינונג פון רוים, אַז דער גרויסער חורבן פון יידנטום מיינט ניט דער סוף פון יידנטום.

וועגן דעם לאָרד ביקאָנספילד־דיזראַעלי איז דאָ אַ ריזיקע ליטעראַטור. ערשט מיט אַ יאָר צוריק איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ נייע אויפלאַגע פון ראָבערט בלעקס בוך, צוערשט דערשינען מיט זעקס יאָר צוריק: „דיזראַעלי”. אַ ווערק פון אַכט הונדערט און צוואַנציק זייטן, אַן ענציקלאָפּעדיע, וועגן דעם גרויסן שטאַטסמאַן, וועלכער איז מער פון אַלץ געווען שטאָלץ מיט זיין יידישן יחוס און אים שטענדיק דעמאָנסטרירט. דער וויכטיקסטער אונטערשיד צווישן דעם ווערק פון געאָרג בראַנדעס און דער איבעריקער דיזראַעלי־ליטעראַטור באַשטייט אין דעם, וואָס בראַנדעס האָט זיך אָפּגעשטעלט זייער אויספירלעך אויף די ראָמאַנען פון דיזראַ־עלי, וועלכע האָבן געמאַכט זיין נאָמען זייער באַקאַנט, איידער ער איז געוואָרן פּאָליטיקער, פירער פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, פּרעמיער־מיניסטער, ליבלינג פון דער קעניגין וויקטאָריאַ און פּאַרביסענער פיינד פון גלאַדסטאָן, דעם פירער פון די ענגלישע ליבעראַלן.

כמעט אין די אַלע פיל געלייענטע ראָמאַנען פון דיזראַעלי זענען די צענטראַלע פיגורן יידן, יידישע געשטאַלטן, אַזוי ווי דיזראַעלי האָט זיי געזען ניט נאָר אין דעם הויז פון זיין פאָטער, וועלכער האָט אָפּגעשמדט זיין זון ווען ער איז נאָך ניט געווען דרייצן יאָר אַלט. דאָס זענען אַלץ יידישע געשטאַלטן און יידיש־ענגלישע באַציאונגען אין די בירגערלעכע קרייזן פון אַלטן ענג־לאַנד.

דיזראַעליס גרעסט און וויכטיקס ווערק איז אָן שום ספק זיין ראָמאַן „טאַנקרעד”, אין וועלכן ער שילדערט די רייזע פון אַ יידן, אַן ענגלישן אַריסטאָקראַט קיין פּאַלעסטינע צו די הייליקע ערטער,

כדי דאָ צו געפינען טרייסט פאַר זיין שווער געמיט. דער יונגער הערצאָג, דער זון פון אַן אַלטמאָדישן פעאָדאַל, פאָרט אין דער באַגלייטונג פון אַ גרויסער סוויטע און באַזוכט צוערשט איסטאַמ־בול. ער האָט ביי זיך אַ קרעדיט־בריוו צו אַ רייכן יידישן באַנקיר, ביי וועמען אין הויז ער מאַכט זייער אינטערעסאַנטע באַקאַנטשאַפט מיט אַן אויסערגעוויינטלעך שיין מיידל, דעם באַנקירס אַן אייניקל. אין דעם זעלבן הויז טרעפט ער אַ יונגן שיינעם אַראַבישן שייך פון די בערג, פאַקרעדין, וועלכער איז באַצויעברט פון דעם יידישן מיידל עווא. אַלע ווערן באַפריינדעט. מען פאָרט אַרויס אין די בערג, מען פאַלט אַריין אין די הענט פון אַ רויבער־באַנדע און עס הייבט זיך אָן אַ פאַנטאַסטישע אַוואַנטורע.

אין דעם ראָמאַן „טאַנקרעד״ שפּילט דיזראַעלי מיט זיין ליב־לינג־אידעע: אין דעם לאַנד, ווו עס זענען אויפגעקומען דריי אמונות — יידנטום, קריסטנטום און איסלאַם — זאָל איין מאָל קומען צו אַן אָרגאַנישער פאַראייניקונג פון די דריי רעליגיעס אין איינער, אַ פאַרשטענדיקונג און אַ צוזאַמענשמעלצונג...

מיר דערמאָנען דאָ די ליטעראַרישע שאַפונגען פון דיזראַעלי, כדי צו באַווייזן, אַז ער איז ניט אַריינגעקומען אין דעם ענגלישן פּאָליטישן לעבן ווי אַן איגנאָראַנט פון גרויסע וועלט־פּראָבלעמען, און אַז ניט אומזיסט האָט ענגלאַנד ביז היינט אַ ספּעציעלן יום־טוב — „פרימאָז דיי״ — געווידמעט דעם אָנדענק פון לאָרד ביקאָנס־פילד־דיזראַעלי, איינעם פון די גרעסטע ענגלישע מלוכה־מענער. ניט גרינג איז אים אָנגעקומען דאָס אַריינטרעטן אין פּאַרלאַמענט און פאַרנעמען דאָרט אַ פּלאַץ, וואָס האָט אים און די קאָנסערוואַ־טיווע פּאַרטיי געפירט צו דער פירערשאַפט, צו דעם פּרעמיער־אַמט פון דער ענגלישער רעגירונג.

ווען ער האָט זיך, אַזוי צו זאָגן, „אָפּגערעכנט״ מיט דעם צאַ־ריסטישן רעזשים פון רוסלאַנד, נאָך דעם רוסישן נצחון אין די רוסישע „באַפרייאונגס־מלחמות״ קעגן טערקיי, איז די אָפּרעכענונג געקומען אויף דעם בערלינער קאָנגרעס פון 1879 און זיך געענ־דיקט מיט אַ שענדלעכער מפּלה פאַר רוסלאַנד.

(„לעצטע נייעס״, דעם 26־טן נאָוועמבער 1971)

## 2.

דעם 3־טן נאָוועמבער היי־יאָר איז אין דער דענישער צייטונג „פּאָליטיקען״ געוועזן אָפּגעדרוקט אַ גרויסער אַרטיקל, וועלכער האָט דערמאָנט די לייענער פון דער צייטונג אין קאָפּענהאַגען און אין גאַנץ סקאַנדינאַוויע, אַז דעם טאָג, מיט הונדערט יאָר צוריק, דעם 3־טן נאָוועמבער 1871, האָט געאָרג בראַנדעס, דער באַרימטער דעניש־יידישער ליטעראַטור־היסטאָריקער, געהאַלטן זיין ערשטע פאָרלעזונג.

דעם טאָג האָט דער אוניווערסיטעט פון קאָפּענהאַגען צוזאַמען מיט דער גאַנצער געבילדעטער און ליבעראַלער געזעלשאַפט פון די סקאַנדינאַווישע לענדער געפייערט ווי איינע פון די באמת וויכטיקסטע היסטאָרישע דאַטעס אין דער נייער געשיכטע ניט נאָר פון סקאַנדינאַוויע... נאָך דער רעוואָלוציע פון 1848 און נאָך דער פרייסיש־דענישער מלחמה פון 1864 ווען דענעמאַרק האָט פאַר־לוירן די פּראָווינץ פון שלעזוויג־האָלשטיין און ביסמאַרק און מאָלט־קע האָבן זיך געגרייט צו דער פראַנצייזיש־פרייסישער מלחמה פון 1870 — 1871 און צו דער גרינדונג פון דער נייער דייטשער אימפּעריע אונטערן רעזשים פון דער האָהענצאָלערן־דינאַסטיע, איז דער טאָג פון 3־טן נאָוועמבער, דער טאָג פון געאָרג בראַנדעסעס ערשטער לעקציע אין אוניווערסיטעט פון קאָפּענהאַגען באַטראַכט געוואָרן אַלס דער אָנהייב פון דעם אמתן קולטור־דורכברוך אין דענעמאַרק און אין אַלע סקאַנדינאַווישע לענדער. מען מעג זאָגן, אַז אין גאַנץ אייראָפּע.

די פּאָליטישע און קולטורעלע רעאַקציע איז אין די סקאַנדי־נאַווישע לענדער געווען טיף איינגעגראָבן. העגריך איבסען, דער גרויסער שטערן פון נאָרוועגן, האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין לאַנד און זיינע ערשטע באַרימטע פּיעסן „נאָראַ" און „העדאַ גאַבלער" זענען צוערשט אויפגעפירט געוואָרן ניט אין נאָרוועגן, נאָר אין קאָפּענהאַגען, צווישן אַזעלכע גרויסע שרייבער פון שוועדן, ווי די צוויי פרויען סעלמא לאַגערלעף און עלען קיי, האָט זיך געפונען אויך דער באַקאַנטער יידישער שרייבער אָסקאַר לעווערטין. אין דענעמאַרק גופא האָט שטאַרק געקלונגען דער נאָמען פון מאיר גאָלדשמידט, מחבר פון וווּנדערבאַרע יידישע נאָוועלן און ראָ־מאַנען, היינט דער אנערקענטער קלאַסיקער פון דער דענישער לי־טעראַטור, אַזוי ווי עס איז אנערקענט העגרי נאַטאַנסאָן, דער באַרימטער ראָמאַן־שרייבער און דראַמאַטורג, וועלכער איז אַנט־לאָפן קיין שוועדן בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און איז דאָרט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד באַלד נאָך דער דייטשער מפּלה, ניט געקאָנט איבערטראָגן די שאַנד פון די יידישעליידן.

די פּאָליטישע רעאַקציע אין דענעמאַרק האָט ניט געטראָגן קיין אַנטי־יידישן כאַראַקטער ניט קוקנדיק אויף דער וויכטיקער ראָל און השפּעה פון די צוויי ברידער בראַנדעס — געאָרג און עדואַרד. אויך עדואַרד איז געווען אַ באַקאַנטער שרייבער און אַ סך יאָרן פינאַנס־מיניסטער און אַ פירער פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי נאָך דעם פאַלן פון דעם רעאַקציאָנערן רעזשים. זייענדיק אַ קליינע מינדערהייט אין לאַנד, קאָנצענטרירט דאָס רוב אין קאָפּענהאַגען, האָט די יידישע באַפעלקערונג דאָרט גענומען אַן אָנטייל אין אַלע צווייגן פון עפנטלעכן לעבן, אַרויסגעגעבן גרויסאַרטיקע יידישע פערזענלעכקייטן. דערביי האָבן זיי זיך אויסגעלעבט אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן אַלס יידן. פּראָפ. ד. סימאָנסען, אַ דענישער ייד אַלס הרב הכולל, אַ תלמיד פון דעם באַרימטן סעמינאַר אין ברעסלאַו, ווו אונדזער היסטאָריקער גרעץ האָט געשפּילט אַ חשובע ראָל, האָט איבערגעלאָזט דער קעניגלעכער ביבליאָטעק פופציק טויזנט ווערטפולע ספרים, צווישן זיי אויך זעלטענע עק־

זעמפלאַרן און געשאַפן דערמיט די גרעסטע יודאַיקאַ־ביבליאָטעק אין אייראָפּע...

**
*

דער וואָס האָט געהאַט אַ ספּעציעלן אינטערעס פאַר דער פּע־נאָמענאַלער ליטעראַרישער און פּאָליטישער קאַריערע פון בענ־דזשאַמין דיזראַעלי — לאָרד ביקאָנספילד, פאַר זיין איינלעבן זיך אין דעם באַגריף פון יידישקייט אויף זיין אייגענעם שטייגער — דער ווייסט, אַז קיין אמתער ענגלענדער איז זיין פאָטער ניט געוואָרן און אַז ער אַליין האָט אפילו ניט געטראַכט אָראָפּצונעמען פון זיך די ענגלישע מאַסקע און די ענגלישע דעקאָראַציע אַרום זיך. מער יידיש האָט אפילו אַ זון פון גערער רבי ניט געקאָנט אויסזען, כאָטש דיזראַעלי האָט געטראָגן די אויסגעזוכטע קליידער פון אַן ענגלישן דענדי. פון זיינע ראָמאַנען איז קלאָר, אַז ער האָט אויסגעצייכנט גוט געקענט אַלע קרייזן פון דער ענגלישער געזעל־שאַפט. „טאַנקרעד“, זיין גרעסטער ראָמאַן, הייבט זיך אָן מיט עטלעכע הונדערט זייטן געווידמעט דעם ריזיקן באַל פון אַ פּאָר טויזנט מענטשן, וואָס דער פאָטער האָט אַראַנזשירט אויף זיין מאַיאָנטעק, איידער זיין זון פאָרט קיין פּאַלעסטינע צו באַזוכן די הייליקע ערטער. דאָס איז אַ גרויס מייסטערווערק פון אַ טאַלאַנ־טירטן קינסטלער, וואָס מען קאָן זיך קוים פאָרשטעלן, אַז די געשיכטע פון זיינע אור־עלטערן איז וויניקער פון עטלעכע הונ־דערט יאָר אַלט.

געאָרג בראַנדעס, פּילט מען, האָט זיך געלאָזט באַהערשן פון אַ גאַנץ דערהויבענעם, פּאַטעטישן דראַנג צו דעם דאָזיקן אַלטן יידישן זקן, ווען ער האָט אים געזען אין בערלין, אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט פון זיין סעקרעטאַרקע, ווי ער איז קוים געגאַנגען פון דעם בערלינער האָטעל „קייזערהאָף“ אויפן וועג צום אויסערן־מיניסטעריום אויף דער ווילהעלם־שטראַסע. דער יונגער יידישער שרייבער פון קאָפּענהאַגען איז פאַרבייגעגאַנגען גאַנץ נאָענט און מיט זיין מאַנטל קוים־קוים באַרירט דעם מאַנטל פון דיזראַעלי...

אייגנטלעך זענען געווען אַנדערע קאַנדידאַטן צו רעפּרעזענ־

טירן ענגלאַנד אויף דעם בערלינער קאָנגרעס, ווייל דיזראַעלי איז געווען קראַנק און אויסגעמאַטערט. אָבער דער ענין איז געווען צו ערנסט און דער קראַנקער מאַן האָט מורא געהאַט צו פאַרלאָזן זיך אויף וועמען עס זאָל ניט זיין. די זיגרייכע רוסישע אַרמיי איז געווען גרייט צו פאַרנעמען קאָנסטאַנטינאָפּאָל. גראַף איגנאַטיעוו, דער לאַנג־יאָריקער אַמבאַסאַדאָר פון רוסלאַנד אין קאָנסטאַנטינאָ־פּאָל, האָט שוין אָפּגעשלאָסן מיט דער טערקיי דעם סאַן־סטעפאַנאָ שלום־טראַקטאַט. רוסלאַנד האָט זיך שוין באַטראַכט ווי דער בעל־הבית פון די דאַרדאַנעלן און פון דעם באָספאָרוס. דער שליסל צו דער אָפענער טיר פון שוואַרצן ים צום מיטללענדישן ים זאָל זיך געפינען אין די הענט פון רוסלאַנד. עס האָט געמוזט קומען דער קלאַפּ אין טיש און דער רוף פון ענגלישן פּרעמיער־מיניסטער: „סטאָפּ! אויב די רוסישע אַרמיי מאַכט נאָך איין טריט אין דער ריכטונג פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, הייסט דאָס — מלחמה! פאַרגעסט אין סאַן־סטעפאַנאָ! כאַפּט ניט!...".

ס'איז דעמאָלט ניט געווען קיין יידיש פּראָבלעם פאַרבונדן מיטן מיטללענדישן ים. אינדיע האָט געהערט צו ענגלאַנד, עגיפּטן האָט געהערט צו טערקיי, מען האָט געדאַרפט גוט אָפּהיטן דעם וועג פון גיבראַלטאַר ביז צום סועץ־קאַנאַל און פון עגיפּטן קיין אינדיע. עס איז כמעט דאָס זעלבע פּראָבלעם וואָס היינט, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס די באַלקאַנען־פעלקער זענען היינט פריי. די אַלטע טערקיי איז אָבער ניטאָ, עס איז דאָ אַ פרייע אַלזשיריע, אַ פרייע ליביע, אַ סיריע...

**
*

די רעאַקציע אין רוסלאַנד אויף דעם ענגלישן „סטאָפּ" איז געווען אַ געוואַלדיקע. דער צאַר האָט געשיקט צום בערלינער קאָנגרעס דעם פירשט גאָרטשאַקאָוו און דעם גראַף איגנאַטיעוו האָט מען אָפּגערופן קיין פעטערסבורג און געמאַכט אים פאַר אינערן־מיניסטער. גאָרטשאַקאָוון האָט מען געהייסן אַקצעפּטירן די ענגלי־שע פאָדערונגען, די רוסישע סאָלדאַטן האָבן געזען קאָנסטאַנטינאָ־פּאָל בלויז אין זייער חלום...

פאַר די רוסישע פאַן־סלאַוויסטן איז די רוסישע זיגרייכע אַרמיי געווען אַ קרבן פון דעם אַלטן ייד... — דער „סטאַרי זשיד״ דיזראַעלי איז געקומען אַ היים אַן אַלטער צעבראָכענער מאַן, אָבער פאָרט ווי אַ געקרוינטער העלד. די גרעסטע מענטשן פון ענגלאַנד זענען געקומען באַגריסן דעם העלד — צווישן זיי דער ניינציק־יאָריקער מאָנטעפיאָרע. מען איז געווען צופרידן, וואָס איוואַן איוואַנאָוויטש האָט באַקומען די ריכטיקע פעטש. און איוואַן איוואַנאָוויטש האָט לאַנג ניט געקאָנט פאַרגעסן דעם דאָזיקן דורכפאַל. נאַטירלעך האָבן די, אַזוי צו זאָגן, פּראָפעסיאָנעלע אַנטיסעמיטן אויסגענוצט דאָס אויפטרעטן פון דעם „אַלטן ייד״ אויפן בערלינער קאָנגרעס. אפילו דער גרויסער דאָסטאָיעווסקי האָט זיך באַטייליקט אין דער נייער העצע קעגן יידן. שיין איז געווען דאָס, וואָס די באַפרייטע סלאַווישע פעלקער פון באַלקאַן האָבן פריער פון אַלע זיך געוווּנטשן אַז דער „באַפרייער״ זאָל זיך אָפּטראָגן פון זייערע לענדער. דער „באַפרייער״ האָט זיך אַלזאָ אָפּגעטראָגן, אָבער ער האָט פאָרט אַריינגעכאַפּט אַ פרעמדע פּראָווינץ, צוגענומען ביי רומעניע בעסאַראַביע און אויך שטיקער לאַנד און שטעט אין קאַווקאַז.

געאָרג בראַנדעס איז געווען אַן אמתער ענציקלאָפּעדיסט, אַ וויסנשאַפטסמאַן. טאָג און נאַכט האָט מען געטראָגן צו אים און פון אים צוריק צו דער קעניגלעכער ביבליאָטעק פּעק מיט ביכער. ער האָט זיך אָפּגערופן אויף אַלע געשעענישן אין דער וועלט. איך האָב זיך געטראָפן מיט אים אין קאָפּענהאַגען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן די אכזריותן פון די פּאָליאַקן איבער די גערודפטע יידן. אַן אַלטער און אָפּט פלאַמיקער פאַרטיידיקער פון די אונטערדריקטע פּאָליאַקן איז ער איצט געוואָרן אַ קרבן פון אַ געמיינער פּוילישער קאַמפּאַניע. אַן אַלטער אינטימער פריינד פון קלעמאַנסאָ, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן אין דער פראַנצייזישער קאַמפּאַניע קעגן דייטשלאַנד און האָט דערמיט אַרויסגערופן דעם פּראָטעסט פון דעם פראַנצייזישן פּירער מיט דעם באַרימטן אַרטיקל „אַדיע בראַנדעס״, וואָס האָט אָפּגעהילכט אין דער גאַנצער וועלט.

געאָרג בראַנדעס איז געבליבן אַליין, איזאָלירט, אָבער ער
האָט קיין מאָל ניט נאָכגעגעבן, ניט אָפּגעזאָגט זיך פון זיינע פּרינ־
ציפּן און פון זיין הומאַניזם. בשעת זיין לעצטער געזעגענונגס־רייזע
איבער איירָאָפּע האָט ער זיך געטראָפן מיט עמיל מאירסאָן, דעם
אַמאָליקן דירעקטאָר פון ייק״א, אויך דער עלטער אַ גרויסער
פילאָסאָף, אַ מחבר פון גרויסע טעאָרעטישע ווערק. ער האָט גע־
רעדט וועגן דער לאַגע פון יידנטום, וועגן דער געשיכטע פון
קריסטנטום, זינט די צייטן פון די קרייץ־ציגלער. אין מיטן פון
רעדן האָט מאירסאָן, פול מיט באַוווּנדערונג פאַר דעם זקן, אַ
כאַפּ געטאָן די האַנט פון געאָרג בראַנדעס, זי געקושט און אויס־
גערופן: „מיין רבי!...״.

אָבער קלעמאַנסאָ דער טיגער, דער אַלטער פריינד פון גע־
אָרג בראַנדעס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו טרעפן מיט אים. דער דע־
ניש־יידישער שרייבער איז אַ קורצע צייט נאָך דער דאָזיקער רייזע
געשטאָרבן פון אַן אָפּעראַציע אין עלטער פון 85 יאָר. ער האָט
איבערגעלאָזן נאָך זיך אַ גרויסע ירושה...

(„לעצטע נייעס״, דעם 3־טן דעצעמבער 1971)

# געאָרג בראַנדעס און וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן

די דעניש־שוועדישע פּאָלעמיק, וואָס פּראָפּ. בעקס בוך „וויק־
טאָריאַ בענעדיקטססאָן און געאָרג בראַנדעס" האָט אַרויסגערופן,
איז פון גרויסן אינטערעס ניט בלויז פאַר סקאַנע סיאַעלאַנד, ווו די
צוויי זענען געבוירן. פּרעדריק בעק האָט נאַטירלעך דאָס רעכט
צו באַטראַכטן וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן ווי אַ ליטעראַרישן שטערן
פון ערשטער מדרגה און צוזאַמענפלעכטן איר נאָמען היינט מיט
געאָרג בראַנדעס, מאָרגן מיט סטרינדבערג, מיט עללען קעי און
אַזוי ווייטער, אָבער דאָס קאָן ניט ענדערן דעם פאַקט, אַז אויסער
די סקאַנדינאַווישע לענדער זענען אירע ווערק אַבסאָלוט אומבאַ־
קאַנט. און נאָר איינצלנע מענטשן דערמאָנען זיך וועגן איר.

געאָרג בראַנדעס אָבער איז אַ וועלט־באַרימטער ליטעראַטור־
פאָרשער, איבערגעזעצט אין אַ סך שפּראַכן. איידער נאָך זיינע
„הויפּט־שטרעמונגען" זענען געווען פאַרענדיקט, האָט ער גע־
שפּילט אַ ראָלע פון אַ וועגווייזער אין דער ליטעראַטור־געשיכטע
און דערנאָך האָבן אַ סך דורות פון שרייבערס אין אַלע אייראָפּע־
אישע לענדער אים באַטראַכט פאַר אַן אויטאָריטעט און זייערס
אַ לערער. וואָס שייך סקאַנדינאַוויע איז ער געווען דער גרויסער
אויטאָריטעט ניט בלויז אין דענעמאַרק נאָר אויך אין שוועדן.

עס איז גאַנץ קלאָר, אַז פּרעדריק בעקס בוך „וויקטאָריאַ בע־
נעדיקטססאָן און געאָרג בראַנדעס" און די דיסקוסיע, וואָס דאָס
בוך האָט דערוועקט איז מער, ווי אַ סקאַנדינאַוויש־ליטעראַרישער
ענין. דאָ גייט ניט וועגן שוועדישן אָדער דענישן ליטעראַרישן

פּאַטריאָטיזם. דער מחבר פון די דאָזיקע שורות איז ווייט פון נאַציאָנאַלע אַמביציעס סיי פון דעם צד, וואָס באַטראַכט דאָס בוך פאַר אומאַנשטענדיק און סקאַנדאַלעז, סיי פון די, וואָס ווילן באַ־רעכטיקן פרעדריק בעקס „ריין־וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן און די ערלעכקייט פון זיינע מאָטיוון".

לאָמיר באַטראַכטן דעם ענין מיט די אויגן פון אַ פרעמדן, וואָס איז דאָ אַ זייטיקער און וועמען די אינעווייניקסטע סקאַנדי־נאַווישע פּראָבלעמען רירן ניט אָן און זען, ווי ער שאַצט אָפּ „די וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן און מאָטיוון". ער וויל אָבער ניט אי־בערטרייבן אָבער אויך ניט באַגאַטעליזירן דעם באַדייט פון פרעד־ריק בעקס אויפטועץ.

## 1.

דער טיטל פון „וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן און געאָרג בראַנ־דעס" זאָגט גאַנץ דייטלעך, אַז עס רעדט זיך וועגן אַ פאַרהעל־טעניש צווישן אַ מאַן און אַ פרוי, אפשר אויך וועגן אַ ליבעס־גע־שיכטע אָדער אַ ליבעס־דראַמע. אָט די געשיכטעס וועגן פּריוואַט־לעבן פון אַ שרייבער זענען שטענדיק פאַרכאַפּנדיק: מיר האָבן זשאָרזש סאַנד און שאָפּען, , פּאָלינאַ וויאַרדאַ און טורגעניעוו, מאַ־דאַם דע סטאַעל און בענזשאַמען קאנסטאַן, בייראָן און זיין שטיפ־שוועסטער א. א. וו. אַזוי אַרום איז דער אינטערעס פון לייענער שנעל געשאַפן. וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן איז אַן אויסגעצייכנטע סטיליסטין, איר שפּראַך האָט פאַרב און זי איז דער געבוירענער גריבלער און אַנאַליטיקער. און זעלבסטאַנאַליז פון אַ טאַלאַנטפולן שרייבער רירט שטענדיק, מעג עס זיין אפילו פון אַ בולטן נעווו־ראָטיקער, אומקאָאָרדינירטן און אין אַלע הינזיכטן קראַנקן שריי־בער. וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן שאַנעוועט ניט דעם לייענער, אָבער אויך ניט זיך אַליין. אויב דאָסטאָיעווסקיס גאָניאַלע גריבלעריי און זעלבסט־אַנאַליזירן אין „פאַרברעכן און שטראָף", „אידיאָט", „די ברידער קאַראַמאַזאָוו" און אַנדערע ווערק טראָגן אַ שטעמפּל פון

אַזאַ געוואַלדיעקר קראַפּט, צו מאָל אוממענטשלעך ברוטאַלער, טייל מאָל אפילו נביאישער, איז עס אין אַ געוויסער מאָס דערפאַר, ווייל ער אַליין איז געווען אַ נעווראָטיקער, אַ קראַנקער עפּילעפּטיקער און האָט אַליין אַזוי פיל דורכגעמאַכט און געליטן, אַז ער האָט געגוי געוווּסט, ווי עס זעען אויס די ליידן און איבערלעבונגען פון אַ מאַרטירער. פון דעסטוועגן האָט ער קיין מאָל ניט עקספּלואַטירט זיין עפּילעפּסיע.

וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן איז זיכער ניט קיין דאָסטאָיעווסקי. אָבער מען דאַרף ניט לייענען פּרעדריק בעקס ביז צום סוף, כדי צו זען און פאַרשטיין, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַן אויסגעשפּראָכן פּאַטאָלאָגישן פרויען־קאָמפּלעקס, אָדער ריכטיקער געזאָגט, מיט אַ פּסיכאָפּאַטישן טיפּ, ביי וועמען דער פּראָצעס פון שרייבן איז איינע פון די פיל פאָרמען פון אירע קאָמפּליצירטע קראַנקע אינ־סטינקטן. זי רעדט אָן אַ שיעור וועגן די זעלבע זאַכן, חזרט זיי איבער ווידער און אָבער אַ מאָל און ווערט היסטעריש, ווייל זי קאָן ניט אַרויס פון דעם קרייז פון געדאַנקען און געפילן, וואָס זענען גלייכצייטיק פיינלעכע און אויפרייצנדיקע.

אונדז גייט אָבער ניט אין די קאָמפּלעקסן פון וויקטאָריאַ בע־נעדיקטססאָן. מיר נעמען אָן, פּראָפעסאָר בעק האָט זיך גרינטלעך פאַרנומען מיטן פּראָבלעם, צי זענען וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָנס ליבעס־געשיכטעס געווען נאָר אַן אויסדרוק פאַר אַ „נאָרמאַלער" עראָטיק צי פאַר אַ פּערווערסער נאַטור; איז זי געווען היפּער־סעקסועל, צי אפשר אומנאָרמאַל אויף אַן אַנדערן אופן?

מיר צווייפלען ניט, אַז פּראָפעסאָר בעק האָט געגעבן אַ גרויסן וויסנשאַפטלעכן צושטייער צו אויספאָרשן די פּראַגע, יעדנפאַלס ווען מען האַלט זיך ביי די אַלע ספּעציעלע פּרטים, איבער וועלכע ער רעדט אַזוי אויספירלעך. ער שילדערט, צום ביישפּיל, בעסער געזאָגט, ער באַנוצט זיך מיט וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָנס זייער רעאַליסטישער באַשרייבונג פון די פּאַטאַלע סצענעס פון איר אויסטאָן זיך אין שלאָפצימער, ווו זי שפּאַרט זיך איין פאַר איר פּאָטענציעלן אַמאַנט, אַז זי וויל צוערשט אָפּטאָן אַ נייע שיין נאַכט־העמד.

מיר פֿאַרשטייען, אַז פּרעדריק בעק האָט נאָך ניט פֿאַרעפֿנט־לעכט אַלע סענסאַציעס אין דאָזיקן בוך, וואָס איז ערשט אַן אָנזאָג און דאַרף דערוועקן אַ נייגער פֿון זיין ביאָגראַפֿיש בוך וועגן איר. אָבער מען פֿאַרשווענדט ניט אַזאַ טייערן מאַטעריאַל, ווען מען וויל קומען שפּעטער מיט אַ גרויסער וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט. אויב דאָס בוך ווערט געלייענט פֿון אַ יונגן אומדערפֿאַרענעם סטודענט אָדער פֿון אַן עלטערן דערפֿאַרענעם מענטשן מיט אינטערעס פֿאַר דער פּיקאַנטער עראָטיק, נאָרמאַלער צי פּערווערסער, איז זייער לייכט צו דערוועקן זייער אינטערעס. עס איז ניט פֿאַראַן צו פֿיל ביכער פֿון „קלאַסיקער", ווו אַ פּרוי טוט זיך אויס אַזוי געניי, אַזוי היסטעריש און דערציילט אָפֿן און אָן בושה, ווי אַזוי זי האָט אַלץ געטאָן אויף צו צערייצן און פֿאַרפֿירן אַ מאַן, און שפּעטער ווי פֿאַרלירנדיק איר פֿרויאישע ווערדע בעט זי אים ער זאָל איר אַרויסווייזן ליבע און ענדלעך, ווען ער איז שוין געווען גרייט צו מאַכן דעם לעצטן שריט — זאָגט זי: ניין, איך וויל ניט!...

פּראָפֿעסאָר פּרעדריק בעק שרייבט, אַז אַזוי פֿירט זיך אויך אַ שלאַנג און אַז אַזאַ מין פּערווערסיטעט דאַרף ווערן עפֿנטלעך דיסקוטירט. עס איז מעגלעך, אַז ער האָט אַ טעות און אַז מען דאַרף אין דעם פֿאַל אָנווענדן אַ גאַנץ אַנדערע — און מער פּרעציזע — דעפֿיניציע. אָבער דאָס איז שוין זיין זאַך.

## 2.

אונדזער פּראָבלעם איז ניט וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן און איר ליטעראַרישע ירושה אָדער אירע קרענקלעכע נייגונגען. דאָס פּראָבלעם ליגט אין פּרעדריק בעקס ליטעראַרישע שטודיעס און אין זיינע וויסנשאַפֿטלעכע מעטאָדן.

דער טיטל פֿון זיין בוך איז „וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן און געאָרג בראַנדעס". דער נאָמען אַליין איז מחייב דעם פֿאָרשער ניט בלויז צו אַ באַציאונג לגבי די צוויי פּערסאָן, נאָר אויך צו יעדער

באַזונדער. פרעדריק בעק האָט באַנוצט וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָנס טאָגבוך, אירע רשימות, פּריוואַטע בריוו און אויך פּריוואַטע בריוו פון געאָרג בראַנדעס, כדי זי פאַרצושטעלן, צו געבן איר פּאָרטרעט. ער האָט אויך אויסגענוצט אירע „געהיימע" פאַרצייכענונגען, וואָס זי האָט געהאַט געמאַכט אין אַ פאַרשטעלטן אופן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זאַכן צינישע אָדער ברוטאַלע, וואָס ס׳איז אַ חרפּה אָפן וועגן זיי צו רעדן.

דער מחבר האָט דערגרייכט זיין ציל: מען זעט וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן ווי זי איז געווען; איר פערזענלעכקייט טרעט אַרויס אין פולן ליכט; מען זעט אירע שיינע אויגן, איר הויכן שטערן, איר האַלדז ווי פון אַ שוואַן, אירע הענט און אפילו אירע לאַנגע פינגער. זי געפעלט צי ניט איז אַן ענין פון געשמאַק, אויף יעדן פאַל זי איז קלאָר און דייטלעך געשילדערט. דער מחבר האָט דאָס גוט געמאַכט.

און איצט פרעגט מען זיך: צי באַקומט זיך אין דאָזיקן בוך אויך אַ בילד פון געאָרג בראַנדעס? נאָכן איבערלייענען פון בוך זאָגט מען זיך: ווער איז ער? צי זעט ער ווירקלעך אויס ווי אַ ביליגער דאָן זשואַן פון אַ קליין פּראָווינץ־שטעטל, אָדער צי איז ער פּראָפעסאָר בראַכנערס אויסדערוויילטער תלמיד, וואָס דאַרף ווערן דער נאָכפאָלגער פון פּראָפעסאָר האוך אויף דעם קאָפּענהאַגער אוניווערסיטעט?

ער איז עס ניט געוואָרן, הגם זיינע לעקציעס זענען געווען מאַסנהאַפט באַזוכט און האָבן געהאַט אַן אָפּקלאַנג ניט בלויז אין סקאַנדינאַוויע, נאָר אויך אין גאַנץ אייראָפּע. אין דער צייט ווען ער האָט געטראָפן וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן, אָדער בעסער געזאָגט, ווען זי האָט אים געטראָפן, איז שוין געאָרג בראַנדעס געווען אַ וועלטנאָמען.

דער לייענער, וועלכער קען ניט די ווערק פון געאָרג בראַנ־דעס, וואָס פאַר אַן איינדרוק באַקומט ער וועגן אים אויפן סמך פון פרעדריק בעקס בוך?

צווישן „דער דואַליזם אין אונדזער גייסטער פּילאָסאָפּיע", געשריבן דורך בראַנדעסן אין יאָר 1866 און זיינע „איינדרוקן פון פוילן" און „איינדרוקן פון רוסלאַנד" אין 1888, דעם יאָר פון וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָנס טויט, ליגן צוויי און צוואַנציק יאָר פון אַן אומגעהערטער ליטעראַרישער פּראָדוקציע פון געאָרג בראַנ־דעס. אין יאָר 1871 האָט ער אָנגעהויבן זיינע לעקציעס אויפן קאָ־פּענהאַגער אוניווערסיטעט, וואָס זענען שפּעטער אַרויסגעגעבן גע־וואָרן אונטערן נאָמען „הויפּט־שטרעמונגען אין דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור אין ניינצעטן יאָרהונדערט". אַ חוץ דעם זענען דער־שינען אין 1877 „סארען קירקעגאארד", אין יאָר 1878 „טעגנער", אין יאָר 1881 „דיזראַעלי" און „פערדינאַנד לאַסאַל", אין יאָר 1883 „די פּערזענלעכקייטן פון דער מאָדערנער אויפוואַכונג" און אין יאָר 1884 „לודוויג האלבערג".

ווען עס איז צו לעצט געלונגען דער דיכטערין פון הערבי (אַ שטעטל אין שוועדן) צו טרעפן געאָרג בראַנדעסן, איז ער פאַר איר געווען צוציענדיק צוליב דעם, וואָס ער איז דעמאָלט געווען דער זייער באַקאַנטער און באַרימטער קריטיקער און עסייאיסט. אין אַ געוויסן זין איז ער צו יענער צייט געשטאַנען אויפן העכסטן פונקט פון זיין ליטעראַרישער שאַפונג. זיין בוך וועגן לאַסאַלן, געשריבן און אַרויסגעגעבן צוערשט אין דייטשלאַנד, איז במשך צענדלינגער יאָרן געווען די איינציקע מאָנאָגראַפיע וועגן דעם גרינדער פון דער דייטשער אַרבעטער־באַוועגונג. די „הויפּט־שטרע־מונגען" זענען אין יענער צייט געווען איבערגעזעצט אין עטלעכע שפּראַכן און געבילדעט אַ ליטעראַטור־קריטיש גרונדווערק אין גאַנץ אייראָפּע. דער שרייבער האָט געהאַט שריפטלעכע און פּער־זענלעכע קאָנטאַקטן מיט די וויכטיקסטע ליטעראַרישע פּערזענ־לעכקייטן פון זיין צייט. פּאַריז און בערלין זענען געווען זיין היים.

אין יענע יאָרן האָט בראַנדעס פּאָרגעלייענט זיינע לעקציעס אין אַ סך אייראָפּעאישע לענדער; ער פּאָרט קיין פוילן און רוס־לאַנד, ער רעדט וועגן די אונטערדריקטע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, ער איז איינער פון אייראָפּעס גרויסע גייסטער. אויפן געביט פון

ליטעראַטור באַדייט ער מער ווי טען און סען בעוו אין זייער צייט. ער איז ניט בלויז אַ פאָרשער און אַ שרייבער, נאָר אויך אַן איבערגעגעבענער, אומדערמידלעכער פּראָפּאַגאַנדיסט און פאַר־שפּרייטער פון זיינע אידעען. ער קעמפט פאַרן פרייען געדאַנק, פאַר מענטשנרעכט: ער איז דער גרויסער, דער פירנדיקער אינדי־ווידואַליסט. ער ווענדעט זיך צו דער יוגנט און די יוגנט איז זיין וויכטיקסטע שטיצע. אַזוי ווערט ער איר וועגווייזער און פירער.

עס שפּילט קיין ראָלע ניט, וואָס פרעדריק בעק פערזענלעך האַלט פון געאָרג בראַנדעס ווי פון אַ פירנדיקער געשטאַלט אין צפון־איראָפּע, צי ער געפעלט אים אָדער ניט. אַבסאָלוט זיכער איז בלויז איין פעסטשטעלונג: דאָס בוך וואָס הייסט „וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן און געאָרג בראַנדעס" פּראָבירט אפילו ניט צו שילדערן דעם דענישן קריטיקער. מען ווערט אין גאַנצן צעטומלט פון דער שרעקלעכער דיספּראָפּאָרץ צווישן דער גרויסער העלדין פון הארבי און אין איר גרויסן שאָטן דעם קליינעם נאָכלויפער, וואָס וויל אויף קיין פאַל ניט ווערן איר אַפּענדיקס; ער, וואָס האָט קיין מאָל ניט געהאַט קיין צייט צו מאַכן איר לאַנגע באַזוכן, כאָטש זי פלעגט צוגרייטן שאַמפּאַניער און אַנדערע דעליקאַטעסן, ווי אויך אים אַרומנעמען און באַוווּנדערן.

אַלץ, וואָס ווערט דאָ געזאָגט וועגן בראַנדעסן, אַלע פראַג־מענטן פון איר טאָגבוך, וואָס האָבן צו טאָן מיט בראַנדעסן — האָבן אַ פאַרבינדונג בלויז מיט עראָטיק. פרעדריק בעק געפינט צייט צו דערציילן מעשיות פון בראַנדעס משפּחה־לעבן, וואָס האָבן קיין שייכות ניט צו זיין קאָנטאַקט מיט וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן. אויבנאויפיק בלויז ווערט דערמאָנט, אַז בראַנדעס האָט צוגעגרייט פאַר וויקטאָריאַ אַ רשימה פון ביכער, וואָס זי וויל גערן לייענען; גאַנץ אויספירלעך אָבער באַשרייבט דער מחבר זייערע שמועסן וועגן פאַרשידענע פרויען, מיט וועלכע בראַנדעס געהאַט צו טאָן. בראַנדעס האָט איר דערציילט אויסגעטראַכטע מעשיות וועגן זיינע עראָטישע דערפאַרונגען, כדי זיך אָפּצוטשעפּען פון וויק־טאָריאַס צודרינגלעכקייט און פּראָפּעסאָר בעק חזרט דאָס אַלץ אי־בער מיט פאַרגעניגן.

צי געהערט צו פּראָפעסאָר בעקס וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן דאָס דערציילן צו אָפט וועגן געוויסע פּרטים און צו פאַרשוויַיגן פיל אַנדערע?

דער פּראָפעסאָר ווענדט אָן אַ באַשטימטן קאַמופלאַזש: ער מאַכט אַ פּאָר ניט אנגענעמע באַמערקונגען וועגן דער אומאַנ־שטענדיקער צודרינגלעכקייט פון וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן, וואָס לאָזט ניט צו רו געאָרג בראַנדעסן בעת ער איז פאַרנומען מיט ערנסטער אַרבעט. דאָס געוויסן פון אַ קאָבראַ — אַ שלאַנג — גייט נאָר אין איין ריכטונג — אַ קאָבראַ איז ניט פאַראינטערעסירט אין ליטעראַטור צוליב ליטעראַטור. פרעדריק בעק האָט פאַר איר צוגעטראַכט דעם נאָמען קאָבראַ!

## 3.

פּראָפעסאָר בעק ווייזט אויס צו האָבן פאַרגעסן, אַז אַ גרויסער טייל פון די בריוו פון וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן צו געאָרג בראַנ־דעס צוזאַמען מיט זיינע בריוו צו איר זענען דערשינען מיט צען יאָר צוריק אין אַ גרויסער וויסנשאַפטלעכער אויסגאַבע א ד. ט.: „געאָרג און עדואַרד בראַנדעס בריוו־אויסטויש מיט נאָרדישע שריי־בערס און וויסנשאַפטלערס". מען מוז צוגעבן, פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע זאַמלונג פון דאָקומענטן איז ניט באַקאַנט דעם גרויסן עולם און דער דורכשניטלעכער לייענער נעמט זי ניט אין דער האַנט אַריין. אין דעם זיבעטן טייל פון דער גרויסער אויסגאַבע זענען פאַראַן אומגעפער הונדערט זייטן (באַנד 6 זייטן 185 — 283) מיט בריוו צווישן די צוויי מענטשן, אַן אמתע קאָרעספּאָנדענץ, בריוו מיט ענטפערס. אויפן סמך פון דער קאָרעספּאָנדענץ קאָן דער לייענער אָבסערווירן די אַנטוויקלונג פון דער „ליידנשאַפטס־דראַ־מע" — ווי עס רופט זי דער פּראָפעסאָר בעק —, וואָס איז אין דער אמתן געווען גאָר עפּעס אַנדערש. דאָ קאָן דער לייענער אויך געפינען אַ שוועדישע אָפּשאַצונג פון וויקטאָריאַס אַמביציעס...

פראָפעסאָר דזשאָן לאַנקוויסט שרייבט אין אַריינפיר צום זעקסטן באַנד פון „געאָרג און עדוואַרד בראַנדעס בריוו־אויסטויש" (זייט 20):

> דער בריוו־אויסטויש באַווייזט, ווי וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן איז די גאַנצע צייט געווען דער אַקטיווער צד אין דער דאָזיקער פריינדשאַפטס־באַציאונג, וואָס האָט אָנגענומען אַן עראָטישן כאַראַקטער. זי האָט דורך בריוו און רעגלמעסיקע באַזוכן אין קאָפּענהאַגען יעדעס מאָל, ווען בראַנדעס האָט אָנגעהויבן אַ סעריע פאָרלעזונגען, זיך באַמיט, אַז די פאַרבינדונג זאָל צו שטאַנד קומען, אַ פאַרבינדונג, וואָס אים איז זי געווען גלייכגילטיק. געאָרג בראַנדעס האָט איר קיין מאָל ניט געשריבן קיין ליבעסבריוו. אין זיינע בריוו צו איר האָט ער איר קיין מאָל ניט געמאַכט קיין פאַלשע צוזאָגן בנוגע זיינע געפילן צו איר. זיין טאָן אין די בריוו צו איר איז שטענדיק געווען אָפּגעהיטן און פריינדלעך. אמת איז, אַז ער האָט איר קיין מאָל ניט אָפּגעזאָגט אירע באַזוכן, ווען זי איז געקומען קיין קאָפּענהאַגען. זיין האַלטונג מיט אַ רעזערוו האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס ער האָט איר קיין מאָל ניט געזאָגט דו, אפילו ווען זייערע באַציאונגען זענען אין שפּעטן האַרבסט 1887 געוואָרן אינטימע. זיין באַנעמען זיך האָט שטאַרק באַליידיקט וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן. זי שרייבט אין אַ בריוו צו אים, אַ בריוו, וואָס זי האָט קיין מאָל ניט אָפּגעשיקט, אָבער פאַרעפנטלעכט: דאָס „איר" איז פאַר מיר ווי אַ פּאַטש אין פּנים, ווייל דאָס שטעלט מיך אין איין ריי מיט אַ קליין שניידער־מיידל, וועלכע מען נעמט אַרום מיט אַ „דו" און וואַרפט אַוועק מיט אַן „איר".
>
> (טאָגבוך־בלעטער און בריוו, י. 1928, ז. 369)

אָבער לאָמיר בעסער געבן אַ פּאָר אויסצוגן פון בריוו־אויסטויש, וואָס וועט אפשר אילוסטרירן ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגע־

הויבן און ביסלעכוויז אַנטוויקלט ביז צו אַ „ליידנשאַפטס־געשיכ־טע״, וואָס איז איצט געוואָרן, אין שוועדן, אַן אמתער „ביג ביז־נעס״. מיר וועלן הערן די בריוו גופא, אָן די קאָמענטאַרן פון פרעד־ריק בעק.

„לעאָפּאָלד האָטעל, דעם 17־טן נאָוועמבער 1886.

הער דאָקטאָר!

איך בעט אייך צו באַטראַכטן די שורות ווי אַ פולשטענדיק קאָרעקטן וויזיט בעת איך שטער אייך אַ פּאָר מינוטן אין אייער אַרבעט און איך זיץ מיט איין איינציקן געפיל, אַז איך בין איבעריק. איך קאָן מיך ניט געניג אַנטשליסן צו אָפּ־שטאָטן אַ פערזענלעכן באַזוך; ביי מיר וואָלט די גאַנצע צייט נאָר געווען אַ געפיל, אַז איך בין צו צושטייאיק און אַז מיין קומען איז ניט געוווּנטשן.

וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן.״

נאָך אַ פאַרלויף פון זעקס וואָכן — ניט מער — איז געאָרג בראַנדעס שוין געצווונגען זיך צו פאַרענטפערן און דערקלערן, אַז ער איז זייער פאַרנומען, אַז ער וויל איר גערן העלפן, אָבער אַז ער האָט זיינע אייגענע פּראָבלעמען. ער שרייבט:

„אָבער עס איז מיר אַ רחמנות אויף אייך, איר זייט אַ קליין מענטשל און איך האָב אַ מיטלייד מיט אייך. אַלע וואַרעמע גע־פילן נעמען ביי מיר אָן אַ פאָרעם, וואָס די פראַנצויזן רופן אָן „טאַנדרעס״ (צערטלעכקייט).

אך, ניין! איך בין אַ היפש ביסל קראַנק. מיין אַרבעטס־קראַפט איז אָפּגעשוואַכט. איך האָב געהאַט צו ווייניק זון אין מיין לעבן און צו ווייניק אינעווייניקסטע און דרויסנדיקע רו. די גאַנצע פרעסע בילט איצט קעגן מיר. דאָס „מאָרגנבלאַט״ האָט געדרוקט פיר אַרטיקלען מיינע, איינעם נאָך דעם אַנדערן. אייערנעכטן האָבן פינף אָדער זעקס צייטונגען אויף איין מאָל געדרוקט אַרטיקלען קעגן מיר. איך בין אַ פעסט פאַרן לאַנד.

פון אַלטן טעסטאַמענט וואָלט איר געדאַרפט זיך פאַרשאַפן די ספרים איוב, שיר השירים און קהלת אין דער פראַנצייזי־שער איבערזעצונג פון רענאַן.

איך זע, אַז איר זייט גאַנץ אַליין אין אונדזער קליינער, מיאו־סער שטאָט. זייט שטאַרק און מוטיק, לייענט, טראַכט און לעבט טראָץ אַלעמען.

איך האָב געלייענט אַ טייל פון אייערע קלענערע זאַכן. עס וווּנדערט מיך צו געפינען אין זיי אַ געוויסן ניכטערנעם, טרו־קענעם טאָן. אין אייערע זאַכן איז זעלטן לופט פאַראַן. זעלטן פילט מען אויך אין זיי אָדער אַרום זיי אַ זונליכט. פערזענלעך האָב איך ליב בעת איך שרייב פאַר דער עפנטלעכקייט, אַז יעדער זאַך זאָל זיך באָדן אין ליכט אָדער מוזיק. אפשר נעמט זיך דאָס ביי אייך, וואָס עס פעלט אייך דער רעפלעקס פון גליק און ליבע.

אייער קראַפט ליגט אין דער זיכערקייט, מיט וועלכער איר שילדערט די לאַנדשאַפט פון סקאַנע. איר קענט דאָס לאַנד און דאָס פאָלק. צום בעסטן געפעלט מיר „פינאַל". אָבער אַ סך אַנדערע זאַכן זענען גוט געמאַכט און ריכטיק געפילט.

זייט געזונט. איך בין מיד און קראַנק און עס איז שפּעט ביי נאַכט, אָבער איך האָב ניט געוואָלט, אַז איר זאָלט האָבן ספקות בנוגע מיר און איר וואָלט זיי געהאַט, ווען איך זאָל האָבן געשוויגן. זייט געזונט. אייער איבערגעגעבענער ג. ב."

אַ פּאָר טעג שפּעטער, דעם 10־טן יאַנואַר 1887, שרייבט וו. ב. אַ בריוו אויף פינף גרויסע בויגנס. זי הייבט אָן זאָגנדיק:

„איך וויל אייך נאָך אַ מאָל שרייבן, איך ווייס אַליין ניט פאַר וואָס; מיך באַהערשט אַ שווער געפיל פון רעזיגנאַציע, אַז פון דעם, וואָס איך האָב צו זאָגן וועט קיין זאַך ניט בעסער ווערן..."

געאָרג בראַנדעס געפינט זיך אויף אַ רייזע, אָבער וו. ב. לאָזט אים ניט צו רו. אירע אָנסופיקע בריוו אין אַ פאַראַנאָאישן סטיל פאַר־פאָלגן אים אומעטום.

פון וואַרשע ענטפערט ער איר דעם 1־טן יוני 1887:

„איצט הייבט זיך שוין ווידער אָן די אייגענע געשיכטע, אָבער אין אַ ביסל אַן אַנדערער פאָרעם. אום גאָטעס ווילן, וואָס פאַר אַ טאָן נוצט איר? וואָס האָב איך אייך געטאָן? וואָס פאַר אַ קלאָגן: איך ג. ב. אינטערעסיר מיך ניט פאַר אייך און פאַר אייער וועלט. האָט איר זיך אַ מאָל געגעבן די מי צו פּראָבירן מיך גענוג קענען צו לערנען, כדי צו פאַר־שטיין, צי איר קאָנט דאָס טאָן. דאָס פאַר אייך פרעמדע אין מיר „שטויסט אייך אַוועק מיט אַזאַ קראַפט, אַז איר מוזט זיך פאַרטיפן אין זיך אַליין, כדי צו דערפילן צי עס זענען באמת פאַראַן עפּעס פּונקטן, ווו מיר קאָנען זיך פאַר־שטיין און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער".

און ווען איר פרעגט מיך אויס וועגן די פרויען און איך ענטפער, בין איך דאָס דער, וואָס האָט שטאַרק חשק צו רעדן וועגן דעם?

און דאָס, וואָס איר זאָגט ווייטער שטייגט שוין איבער אַלץ: „און וועגן וואָס אַנדערש זאָל מען רעדן מיט אייך?" איך מיין, אַז איך האָב דאָך עטלעכע מאָל און אויך אין געדרוקטע ביכער גערעדט וועגן מענער. וועגן אַ פרוי האָב איך יעדנ־פאַלס קיין מאָל ניט געשריבן אַ בוך. און נאָ דיר אַ „דאָן זשואַן!" און אַזאַ בלומענזאַץ: „איך פאַרשווינד אומבאַמערקט מיט אַ פריינדלעכער קאָפּ־באַוועגונג: דאַנקענדיק פאַר אַן אַלטער באַקאַנטשאַפט (?) און מיט אַ דעראינערונג פון אַן אינטערעסאַנטער פערזענלעכקייט".

איר לויבט מיך, ליבע פרוי! דאָס איז צו פיל. אייער אי־בערגעגעבענער ג. ב."

פּראָפעסאָר בעק מאַכט פון וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן אַ נביאה, וואָס נעמט זיך אָן פאַר די פרויען און וואַגט אויסצודריקן געדאַנקען, וואָס פאַר איר האָט קיין פרוי ניט געוואַגט זיי אַרויסצוזאָגן. דאָס איז אמת. 90% פון די פרויען וואָלטן זיך געשעמט צו רעדן די גאַנצע צייט וועגן עראָטיק און סעקס, אפילו ווען זיי וואָלטן באמת

געליטן פון איבערסעקסועלע קאָמפּלעקסן. עס איז גאַנץ קלאָר, אַז נײַנציק פון הונדערט שוועדישע פרויען וואָלטן ניט געהאַט די דרייסטקייט זיך אַזוי אַרויסצושטעלן, ווי דאָס האָט געטאָן די פרוי פון הערבי פאַר געאָרג בראַנדעסן.

אין אילוסטרירטן שוועדישן זשורנאַל „דאמערנאס ווערלד״ (די פרויענוועלט) דרוקט איצט פּראָפּעסאָר בעק „די שפּאַנענדיקע ליידנ־שאַפטס־געשיכטע״. מיר לייענען אין זיין אַריינפיר:

„ערשט די איבערלעבונגען, וואָס האָבן אָנגעפילט דאָס לעצטע יאָר פון איר לעבן, פון האַרבסט 1887 ביז זומער 1888, האָבן זי באַוויגן צו ענדערן אירע געדאַנקען וועגן פרייער ליבע און די מעגלעכקייטן צו זיין גליקלעך אין פרייער ליבע; זי האָט איצט נאָך מער פאַרשטאַרקט איר שטאַנדפּונקט וועגן חתונה. דעם 14־טן יאַנואַר 1888 שרייבט זי אין איר טאָג־בוך: פרייע ליבע האָט פאַרסמט מיין לעבן. ליבע? וואָס פאַר אַן אויסדרוק פאַר אַזאַ מין זאַך. איך מוז שטאַרבן, ווייל איך קאָן ניט לעבן. אָבער איך וויל ניט געהאָנגען ווערן אין שטילקייט. שפּאָט און שאַנד זאָלן זיין פאַרבונדן מיט מיין טויט, אַזוי ווי מיט מיין לעבן, אָבער די שאַנד וועט מען אויפהייבן הויך אויף אַ תליה, הויך איבער אַלעמענס קעפּ; עס וועט זיין אַ וואָרענונג און איך וויל חוצפּהדיק פאַרבייסן די ליפּן, ווען מען שענדעט מיך, ווייל מיין שטאַרבן דאַרף מיט איין שטויס צו ניט מאַכן די לערע, וואָס דו פּרעדיקסט, די לערע, וואָס איך האָב אַזוי פיינד געהאַט און קעגן וועלכער איך האָב ניט געוואַגט מיך קעגנצושטעלן, ווייל דו ביסט גע־ווען שטאַרקער פון מיר, ווייל דו האָסט מיך געבונדן מיט די בלוטאָדערן, וואָס דו האָסט אַרויסגעצויגן פון מיין קער־פּער, ווייל איך האָב געזען און פאַרשטאַנען, אָבער מיין פּי־זישע נאַטור האָט ווי אַ געוואַלדיק הונגעריקער מיר צוגע־מאַכט די אויגן כדי דערווייל זיך צוכאַפּן צו אַ פּאָר ברעקלעך. איך האָס דיין לערע, איך האַס, איך האַס, זי האָט גאָר ניט צו טאָן מיט פרייער ליבע. גאָר ניט!״

מיר האָבן אָבער דאָס רעכט צו פרעגן דעם פּראָפעסאָר בעק, וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס אַלץ מיט געאָרג בראַנדעס?

מיר פרעגן ניט צי פּראָפעסאָר בעק מיינט באמת, אַז די קראַנקע און אויך טיף אומגליקלעכע פרוי פון הערבי האָט אַ מאָל אין לעבן איבערגעלעבט אַ ליבע, אַ פרייע ליבע צי אַ ריכטיק משפּחה־לעבן. ער ווייסט גאָר ניט, ווען ער שרייבט:

„וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן איז געווען פאַר איר צייט, און אַ סך, וואָס הערן היינט איר תפילה וועלן געפינען, אַז אין איר אינדיווידועלן גורל שפּיגלט זיך אָפּ אַ פּראָבלעם, וואָס וועט קיין מאָל ניט אַלט ווערן. עס זענען פאַראַן אין איר נאַטור־שטריכן, וואָס זענען געווען ניט נאָרמאַל ווייבלעכע, אָבער טראָץ דעם האָט זי מיט אַ טראַגישער קראַפט דורכגעלעבט אַ דיסהאַרמאָניע אין געפיל־לעבן צווישן מענלעכן און ווייבלעכן, וואָס וועט פאַר אַ סך פון אירע שוועסטער אויסזען ווי טיפּיש."

דאָס האָבן מיר אונטערגעשטראָכן זיינע ווערטער, אָבער מיר באַשטייען נאָך אַלץ אויף אונדזער פראַגע: וואָס האָט דאָס אַלץ צו טאָן מיט געאָרג בראַנדעס?

---

נ אָ ט י צ ן:

וויקטאָריאַ בענעדיקטססאָן האָט געפּרווט צוויי מאָל צו באַגיין זעלבסט־מאָרד אין קאָפּענהאַגען. דאָס ערשטע מאָל האָט מען זי אָפּגעראַטעוועט; דאָס צווייטע מאָל איז זי געפאַלן אַ קרבן פון איר אייגענער מאַניע.

אַרום דעם בוך פון פרעדריק בעק איז אויסגעוואַקסן אַ ריי גרויסע ליטעראַרישע סקאַנדאַלן, ווייל ער האָט אויסגענוצט אַרכיוו־מאַטעריאַלן, ניט האָבנדיק צו דעם קיין רעכט. אָבער נאָך אַלעמען האָט די סקאַנדינאַווישע פּרעסע געהאַלטן פאַר אומווערדיק זיך צו פאַרנעמען מיט פרעדריק בעקס בוך.

פּראָפעסאָר פרעדריק בעק Fredrik Böök (1883 — 1961), אַ גרויסער שווע־

**דישער ליטעראַטור־קריטיקער און פאָרשער, אַ גלענצנדיקער פּאָלעמיקער מיט קלאַסישע טראַדיציאָנעלע אידעאַלן.**

פּראָפעסאָר דזשאָן לאַנדקוויסט John Landquist (1881 — ? ), **אַ באַ־קאַנטער ליטעראַטור־היסטאָריקער, איז אין שוועדן געווען דער „בערגסאָ־ניאַנער".**

פּראָפעסאָר יאָהאַננעס קאַרסטען האַוך Johannes Carsten Hauch (1770 — 1872), **פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע אויף דעם אוניווערסיטעט אין קאָפּענהאַגען.**

פּראָפעסאָר האַנס בראָכנער Hans Brochner (1820 — ? ), **פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע אויף דעם קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט. בראַנדעס האָט שפּעטער געשריבן אַן עסיי וועגן אים.**

**איבערגעזעצט פון דעניש:** יאָססי גראַנדיצקי־גראָסמאַן

# סאָלזשעניצינס רוסלאַנד

די וועלט וווּנדערט זיך איבער דער לעצטער ברוטאַליטעט פון דער סאָוויעטישער רעגירונג, וועלכע איז גרייט צו פאַרניכטן דעם באַרימטן רוסישן שרייבער אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצין צוליב דעם נאָר וואָס דערשינענעם ערשטן באַנד פון זיין טרילאָגיע, וואָס שילדערט די לעצטע עפּאָכע פון רוסלאַנדס געשיכטע.

דער ערשטער באַנד באַשעפטיקט זיך מיט דער צעפאַלנקייט פון לאַנד און זיין פולשטענדיקער געפאַלנקייט פאַר און בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. פאַר וואָס וווּנדערט מען זיך אויף דער אומדערהערטער באַציאונג צו סאָלזשעניצינען מצד דער סאָוויע־טישער מאַכט, ווען מען איז אין פאַרלויף פון איבער פופציק יאָר צוגעוווינט צו אַלערליי כאַמסקע שטיק פון דער צופעליקער קליקע אין קרעמל?

מען קאָן מיינען, אַז דאָס איז פשוט רוסישע ברוטאַליטעט, אָבער דאָס איז עס ניט. סאָלזשעניצינס אידעע איז הונדערט פּראָ־צענט ריכטיק. דאָס וואָס אין סאָוויעט־רוסלאַנד שפּילט זיך היינט אָפּ, אין דער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק, וועט מען קיין מאָל ניט קאָנען פאַרשטיין, אויב מען וועט זיך ווידער און ווידער ניט אומקערן צו יענער עפּאָכע, צו יענער וויסטער עפּאָכע ווען דער אַלטער מאָנאַרכיסטישער רעזשים האָט קוים געזשיפּעט, איידער ער האָט אויסגעהויכט די נשמה און דאָס „נייע רוסלאַנד״, דאָס מאַרקסיסטיש־לעניניסטיש־סטאַליניסטישע האָט געזאָלט גע־בוירן ווערן. עס איז פאַראַן אַן ענגער צוזאַמענהאַנג.

פאַר די היינטיקע מושלים פון רוסלאַנד פּאַסט ניט אַזאַ דער־מאָנען יענע צייטן, אַזוי ווי עס דערמאָנט זיי סאָלזשעניצין און דאָס דערפאַר ווייל דער ערשטער איינדרוק וועט אויטאָמאַטיש אַרויס־רופן ביים לייענער אַ פאַרגלייך צווישן אַמאָל און היינט און ער וועט אויסדריקן זיין שטוינונג:

— גאָט מיינער, ס׳איז דאָך דאָס זעלבע רוסלאַנד! ניט נאָר אין אַלגעמיינעם כאַראַקטער, נאָר אין אַלע איינצלהייטן, וועלכע זענען נאָך „פאַרבעסערט״, מער ראַפינירט. מערדער־ס און גזלנים ווי פּלעווע און סיפּיאַגין, די גרויספירשטן סערגיי אַלעקסאַנדראָ־וויטש און ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש זענען געווען ערשט־ראַנגיקע פאַרברעכערס, אָבער צו דער מדרגה סטאַלין, בעריאַ און יעזשאָוו זענען זיי ניט דערגאַנגען, דער קאָמוניזם האָט זיי איבערגעטאַנצט...

דער היינטיקער רעזשים טאָר דערפאַר ניט דערלאָזן, אַז מען זאָל אָנרירן די געהייליקטע טראַדיציעס פון דעם אַלטן רעזשים. דערלויבן אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע הייסט באַליידיקן, פאַרראַטן, דאָס איז ניט פּאַטריאָטיש, שיער ניט אמתע קאָנטר־רעוואָלוציע.

דער שרייבער פון די שורות איז געווען עטוואָס מער ווי אַן עדות פון יענע שרעקלעכע געשעענישן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועלכע עס באַשרייבט סאָלזשעניצין. בעת יענע געשעע־נישן איז צוזאַמען מיטן אונטערגאַנג פון אַלטן רעזשים אין רוס־לאַנד איינגעבראָכן געוואָרן דער איינגעפונדעוועטער פיל־מיליאָני־קער יידישער ישוב אין רוסלאַנד. עס איז געווען קלאָר, אַז דאָ וועט קיין גראָז ניט וואַקסן! נאָך פריער בין איך געזעסן פינף יאָר אין דער רומאַ, אַלס פאַרטרעטער פון אַ גרויסער רוסישער צייטונג און זיך באַטייליקט טאָג־טעגלעך אין דעם וואַרשעווער „היינט״, ווי אויך אין זייער איינפלוסרייכן רוסיש־יידישן וואָכנ־בלאַט „נאָווי וואסכאד״. אין דעם גאַנצן לאַנד, גאַנץ באַזונדערס אויבן אָן, האָט געוועלטיקט אַ פינצטערע רעאַקציע. עס איז אָבער געווען אַן אָפּאָזיציע וועלכע איז געווען אַקטיוו און אויך די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט איז ניט געווען פּאַסיוו. דער ביילים־פּראָצעס איז געווען דער לעצטער גרויסער פאַרמעסט און דער בייער

פּאָביעדאָנאָסצעוו, דער יוסטיץ־מיניסטער שטשעגלאָוויטאָוו, בכלל אַ טאַלאַנטירטער פּראָפעסאָר פון יורידישן פאַקולטעט, האָט גע־מאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט דעם רעזשים, ווי בכלל די הערשנ־דיקע קליקע ביים צאַרישן הויף.

בשעת דעם בייליס־פּראָצעס האָט מיר איינער פון די הויפּט־פירער פון דער אָפּאָזיציע אין דער דומאַ, דער באַרימטער רעד־נער ראָדישטשעוו געזאָגט אָט וואָס: — וואָס פאַר אַ שוטים! אַ ריטואַל־פּראָצעס צוליב בלוט פאַר מצות! פאַר דריי רובל קאָנט איר קריגן אין רוסלאַנד מענטשנבלוט וויפיל איר ווילט!...

דער בייליס־פּראָצעס, די ראַספּוטין־סקאַנדאַלן, די שוואַרצע מאה, וואָס דער צאַר אַליין איז געווען איר פּאַטראָן, — דאָס אַלץ זענען נאָר געווען קליינע בלימעלעך וועלכע האָבן כאַראַקטערי־זירט די צעפוילונג פון רעזשים. אָט דער דאָזיקער רעזשים האָט זיך נאָך געגרייט צו אַ וועלט־מלחמה! ווי שטענדיק איז דער רו־סישער רעזשים געווען אַ זיכערער ביי זיך: אַ קלייניקייט עפּעס, ער האָט אַ מיליטער־בונד מיט פראַנקרייך און דערצו אַן „אַנטאַנט קאָרדיאַל" מיט ענגלאַנד, וואָס דאַרף ער נאָך מער! סאַמאָדיער־זשאַוויע און פּראַוואָסלאַוויע צוזאַמען מיט דער פראַנצייזישער רע־פּובליק און מיט דער בריטישער דעמאָקראַטיע — צי קאָן דען זיין עפּעס שענערס, ווען מען דאַרף ראַטעווען דעם באַרימטן רע־זשים און די ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע?

אין דער פּרעסע־לאָזשע פון דער דומאַ האָט אָנגעהויבן אַריינ־קומען אַן אַטאַשע פון אויסערן־מיניסטעריום, כדי צו „אינפאָרמירן" די פּרעסע וועגן פאַרשידענע דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען אָן צו דרוקן די דאָזיקע אינפאָרמאַציעס. מען האָט שוין אָנגעהויבן פילן אַז אָט־אָט וועט אויסברעכן די מלחמה, מען האָט שוין גע־הערט כמעט יעדע נאַכט די באַוועגונג פון גרויסע אַרטילעריע־איינ־הייטן איבער די גאַסן פון פּעטערסבורג, די אַרמיי איז שוין גע־ווען מאָביליזירט, און די מלחמה איז טאַקע אויסגעבראָכן...

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן מיט צוויי שרעקלעכע פּאָגראָמען פון דער רוסישער אַרמיי: דעם ערשטן

ריזנקלאַפּ האָט די רוסישע אַרמיי באַקומען אין מזרח־פּרייסן אין די אַזוי גערופענע מאַזורישע בלאָטעס. די רוסישע אַרמיי וועלכע איז דאָרט אָנגעפירט געוואָרן פון די גענעראַלן סאַמסאָנאָוו און רענענקאַמף איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון די דייטשע אַרמייען, מיט וועלכע עס האָבן אָנגעפירט הינדענבורג און לודענדאָרף. גע־נעראַל סאַמסאָנאָוו האָט זיך דערשאָסן און רענענקאַמף — אַ באַ־קאַנטער „אוסמיריטעל" פון פויערישע אומרוען — איז אַנטלאָפן.

פאַר די יידן איז אָבער דער צווייטער פּאָגראָם פון דער רוסישער אַרמיי געוואָרן דער אָנהייב פון דער גרויסער קאַ־טאַסטראָפע, וועלכע האָט געטראָפן די מיליאָניקע יידישע באַפעל־קערונג. די רוסישע אַרמיי האָט פון ערשטן טאָג אָן געליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. דער הויפּט־קאָמאַנדיר איז געווען דער ווילדער, ברוטאַלער באַרבאַר, דער גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָ־לאַיעוויטש און זיין גענעראַל־שטאַב־שעף, דער רוסיש־פּוילישער גענעראַל יאַנושקעוויטש, ביידע נישטיקע, טאַלאַנטלאָזע סאָלדאַטן. כדי צו „דעקן" און דערקלערן די מפּלות, האָט די פאַרברעכער־באַנדע פון דעם גרויספירשט באַשולדיקט די... יידישע באַפעל־קערונג אין שפּיאָנאַזש לטובת די דייטשן און הילף פאַר די דיי־טשע אַרמייען!

עס קומען באַפעלן „אָפּצורייניקן" די גאַנצע גרענעץ פון פּוילן, ליטע און די באַלטישע פּראָווינצן פון די יידן און דאָס תיכף ומיד. בסך־הכל איז עס געגאַנגען וועגן זעקס הונדערט טויזנט נפשות! עס זענען דעמאָלט ניט געווען גענוג וואַגאָנען צו ליפערן אַמוניציע פאַרן פראָנט, אָבער גענוג אויף אַרויסצופירן פון זייערע היימען הונדערטער טויזנטער צעבראָכענע, אומגליק־לעכע יידן. אויף דעם דאָזיקן פראָנט האָט דער גרויספירשטלעכער פאַרברעכער געהאַט אַ ריזן־נצחון. פאַר דער יידישער באַפעלקערונג איז די דאָזיקע „וואַנדערונג" געווען ממש אַ חורבן.

וואָס וואַרשע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט לאָזט זיך איצט שווער באַשרייבן. די האָטעלן זענען געווען איבערגעפּאַקט מיט רוסישע מיליטער־לייט. אַריבער הונדערט טויזנט פּליטים, צווישן

זיי טויזנטער קליינע קינדער. דער הויף פון דער יידישער גמינע פאַרפולט מיט וועגענער, און מיט... נייעס פון דעם פראָנט וועל־כער רוקט זיך אַלץ נענטער צו וואַרשע. ווען איך זאָג די „גמינע", זע איך פאַר זיך אונדזער גרויסן יצחק לייב פּרץ ביים פענצטער פון זיין צימער, ווי ער קוקט אַרויס אויפן הויף פאַרשטומט און פאַרגליווערט. זיינע גרויסע אויגן זענען געווען פול מיט פאַר־צווייפלונג, ער איז געווען מאַכטלאָז. איך געדענק גוט יענעם טאָג, ווען איך האָב אים באַגלייט פון דער גמינע צו זיין וווינונג אויף יעראָזאָלימסקע. צו דער צייט זענען פון דער וואַרשע־ווינער באַן־סטאַציע אַרויס מאַסן יידן, וועלכע זענען אָקאָרשט אָנגעקומען פון זשיראַרדאָוו, פון וואַנען זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן. אַלע זענען זיי געווען פאַרטרויערט, געטראָגן אויף זיך די געפּעק. י. ל. פּרץ, וועלכער האָט זיך צוגעקוקט צו דער דאָזיקער סצענע, האָט פלוצעם באַקומען קראַמפּן אין אַ פוס און ניט געקאָנט ווייטער גיין. דאָס איז געווען איינער פון די קראַמפּן־אָנפאַלן, וועלכע האָבן אים אין גיכן אומגעבראַכט ביין זיין שרייב־טיש...

**
*

פאַר וואָס האָט זיך די רעגירונג אין מאָסקווע אַזוי שטאַרק דערשראָקן פאַר סאָלזשעניצינס נייעם ראָמאַן, וואָס שילדערט דאָס אַלטע רוסלאַנד ביים אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה? דאָס איז דערפאַר ווייל די נייע העלדן פון דער קאָמוניסטישער אימפּעריע האָבן זיך דערקענט אויף די בילדער פון אַלטן רעזשים... זיי מיינען, אַז עס איז געזונטער אַז דאָס אַלטע וואָס איז פאַר־שווונדן, זאָל פאַרגעסן ווערן און עס איז ניט געווונטשן אויפצו־דעקן די שרעקלעכע געשפּענסטער פון יענע צייטן.

אָט דאָס איז ער דער גרויסער טעות פון די היינטיקע הער־שערס אין סאָוויעט־רוסלאַנד. זיי האָבן די אילוזיע אַז אַלץ איז צום פאַרגעסן. סאָלזשעניצינס ראָמאַן וועט זיי אפשר אָנזאָגן, אַז דער יום הדין וועט קומען. די צעשטערטע יידישע ישובים, די

פאַרניכטעטע אַלטע יידישע אָרגאַניזאַציעס ; די שוין פיל שפּעטער אומגעבראַכטע יידישע שרייבער ; דאָס שטעלן אויסער דעם געזעץ דריי מיליאָן יידן ; די געמיינזאַמע אַנטי־יידישע פּראָפּאַגאַנדע אי־בער דער גאָרער וועלט ; די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע פון אַנטי־סעמיטיזם, דאָס אַלץ וועט אָפּגעשאַצט ווערן ביים יום־הדין...

(„לעצטע נייעס", דעם 1־טן אָקטאָבער 1971)

# סאָציאַליזם און אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן

עס איז אמת, אַז היינט איז ניט די צייט פאַר סתם „מחשבות" וועגן אַנטיסעמיטיזם. מיר געפינען זיך אין אַן עפּאָכע פון אַקטיוון ראַסנמאָרד און אָפענער פּאָגראָם־פּראָפּאַגאַנדע. אָבער פון צייט צו צייט געשעט עפּעס גאָר עקסטראַוואַגאַנטס אויף דעם געביט פון יידן־פאַרפאָלגונג און דעמאָלט איז מען געצוווּנגען צו באַרו־איקן זיך און זיך נעמען צייט צו באַטראַכטן די לאַגע. אַזאַ סיטו־אַציע האָט זיך געשאַפן היינט אין פאַרבינדונג מיט דעם טראַגישן טויט פונעם פּראָפעסאָר קאַץ־סוכי אין דענעמאַרק, וווהין ער איז אַנטלאָפן פון דער פּוילישער אינקוויזיציע. עס איז ניט קיין פּראָ־בלעם פון די פּערזענלעכע קוואַליפיקאַציעס פון דעם יידישן קרבן, צי ער איז אַליין שולדיק אין טויט, אָדער שולדיק זענען די אינ־קוויזיטאָרן, וועמען ער האָט געטריי געדינט. עס איז אַ פּראָבלעם פון דער אינקוויזיציע, וועלכע פילט זיך זיכער, ווייל זי איז גע־שטיצט פון סאָוויעט־רוסלאַנד.

אויגוסט בעבעל, דער באַרימטער פירער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט אַ האַלב יאָרהונדערט צוריק, וועמען איך האָב מערערע מאָל געהערט רעדן אין דייטשן פּאַרלאַמענט אין די ווילהעלמישע צייטן, האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אַנטיסעמיטיזם איז דער סאָציאַליזם פון שוטים. אַלס אַ שפּרוך האָט דאָס גלייכווערטל אַ גוטן קלאַנג און האָט אַמאָל געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. אָבער זינט דער רוסישער רעוואָלוציע מיט פיר און פופציק יאָר צוריק האָט זיך די לאַגע געענדערט און דער שפּרוך האָט פאַרלוירן זיין געשמאַק. אַנטיסעמיטיזם איז געוואָרן אַ גרונט־עלעמענט פון אַ

געוויסן סאָרט סאָציאַליזם. איז דען דאָ אַ חילוק צווישן דער טעאָריע און פּראַקטיק פון סטאַלין און סטאַליניזם פון איין זייט און נאַציזם פון דער אַנדערער זייט? די אידעאָלאָגיעס האָבן זיך געענדערט און דער ווערט פון דעם מענטשן, פון דעם יחיד, איז געפאַלן ביז צו זעראָ. מיר קאָנען ניט היינט אַקצעפּטירן די אידעאָלאָגיע פון אַ ברעזשניעוו און דאָס פאַרטייטשן מאַרקסיזם דורך אַ סוסלאָוו, אָדער אַ שעלעפּין, אָדער אַן אַנדראָפּאָוו.

אַן אַטקיוועט, מערדערישער אַנטיסעמיטיזם האָט היינט פאַרשידענע פאָרמען אין פאַרשידענע לענדער. דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם אונטערשיידט זיך פון דעם דייטשן, וואָס האָט עפּעס יאָ געלערנט פון די לעצטע דרייסיק, פערציק יאָר פון היטלעריזם און זיין סוף. ער איז אויך פאַרשידן פון דעם סאָוויעטישן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט קיין מאָל ניט געלערנט עפּעס פון די אומענדלעכע קאַטאַסטראָפעס. דער רוסישער רעזשים האָט שווער באַהאַנדלט זיין סלאַוויש שוועסטערקינד און וועט קיין מאָל ניט באַהאַנדלען בעסער. דאָס זענען בלוטיקע שונאים אויף טויט און לעבן. מיר האָבן ניט קיין צו גרויסן אינטערעס צו פאַרטיפן זיך אין דעם סכסוך פון דער נאָבעלער סלאַווישער פאַמיליע. פאַר אונדז איז אַ סך וויכטיקער אַריינצודרינגען אין דער דראַמע פון פּוילישע יידן, וועלכע איז נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט.

## די ברוטאַליטעט פון פּוילישן אַנטיסעמיטיזם

דער שרייבער פון די שורות איז געבוירן ווייט, ווייט פון פּוילן, און פון די אַלטע פּויליש־יידישע ישובים,ביים שוואַרצן ים פון צפון־קאַווקאַז, וווּ עס איז געווען גאָר אַן אַנדער געמיט פון פעלקער. עס איז דאָרט כמעט ניט געווען קיין אָרגאַניזירטע פיינדשאַפט קעגן יידן. מיין אינטערעס צו פּוילן איז געקומען נאָך אַן ערשטן באַזוך אין וואַרשע און אַ באַקאַנטשאַפט מיט דער פּוילישער און יידיש־פּוילישער ליטעראַטור.

שפּעטער, אַלס מיטאַרבעטער פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ייק״א (יידישע קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט), האָב איך באַזוכט אַלע טיילן פון פוילן, דערפילט דעם ספּעציפישן כאַראַקטער פונעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם און אַרבעטנדיק אַלס קאָרעספּאָנדענט אין דער דומאַ אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן און אין דער אייגענער צייט פאַר דעם וואַרשעווער „היינט״, האָב איך זיך באַקענט מיט דעם ספּעציפישן רוסיש־יידישן און פּויליש־יידישן פּראָבלעם. איך האָב אָבסערווירט די „קאָלאָ פּאָלסקיע״ אין דער דומאַ, אַ פערציק פולשטענדיק איזאָלירטע דעפּוטאַטן: אַ מערקווערדיקע גרופּע, וואָס האָט אָן מאַניפעסטאַציעס, נאָר דורך איר איזאָלירונג ניט געוואָלט אויפהייבן איר פּרעמדקייט. זיי האָבן אָפן באַוויזן, אַז צווישן פּאָליאַקן און רוסן איז ניטאָ קיין שום קאָנטאַקט.

דער אַנטיסעמיטיזם פון דמאָווסקי און גראַבסקי האָט געפירט דערצו, אַז די כוליגאַנישע פּאָליטיק פון דער „נאַראָדאָווא דעמאָ־קראַציאַ״ האָט זיך כמעט מיט גאָרניט ניט אונטערשידן פון דעם כוליגאַניזם פון „סוווי דאָ סוועגאָ״ און דער „צוויי גראָשן״־באַ־וועגונג.

פאַר מענטשן, וואָס זענען ניט געבוירן און אויסגעוואַקסן אין פוילן איז פשוט ניט געווען מעגלעך צו פאַרשטיין די ווילדע העצע פון דער פּוילישער קאַמפּאַניע קעגן יידן. עס איז אויך געווען שווער צו פאַרשטיין דעם אויסער געוויינטלעכן כאַראַקטער פון דעם פלאַם־ און פייער־עקזאַלטירטן פּאַטריאָטיזם פון די פּוילישע יידן. ווען מען לייענט אָפּאַטאָשוס „אין פּוילישע וועלדער״, „אַליין״ און אַנדערע זיינע ווערק, דערפילט מען דעם ספּעציעלן, געהויבענעם פּאַטאָס פון דעם פּוילישן יידס איבערגעגעבנקייט צו דער ווייסל, צו דער פּוילישער ערד. אפילו אין באַלאַבאַנס געשיכטע, אָדער גע־שיכטעס פון דער אַמאָליקער פאַרגאַנגענהייט און צוזאַמענשטויסן צווישן פּאָליאַקן און פּוילישע יידן, פילט מען די צוגעבונדנקייט פון די יידן צו דער פּוילישער ערד. פון וואַנען־זשע קומט די דאָ־זיקע ספּעציעלע ברוטאַליטעט אין דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם?

דאָס יידנטום וועט זיכער איבערלעבן דאָס היינטיקע געפאַלענע

און אין גאַנצן דעמאָראַליזירטע פּוילן, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס סיי די אַנטי־קאָמוניסטישע פּוילן האָט זיך אידענטיפיצירט מיט היטלערס דייטשלאַנד און סיי דאָס קאָמוניסטישע מיט סטאַלינס באַנ־דיטיזם. פון דעסטוועגן איז דער ספּעציפיש פּוילישער האַס צו יידן פאַר אונדז אַלעמען, פאַר געוועזענע פּוילישע יידן און ניט פּוילישע, אַ פּראָבלעם פון דער גרעסטער וויכטיקייט. פון וואַנען קומט עס?

## פּראָפעסאָר אשכנזי וועגן פּאָניאַטאָווסקי

עס איז געווען אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען איך האָב פאַרבראַכט אַ לאַנגע צייט אין וואַרשע און אויף דעם רוסישן פראָנט ביי סאָכאַטשעוו. אין אַ פריײטיק, זאָגט מיר י. ל. פּרץ, מיט וועמען איך פלעג זיך אָפט טרעפן:

— קומט היינט אין אָוונט, מיר וועלן גיין צוזאַמען צו מיינעם אַ גוטן פריינד, אשכנזי... דאָס איז דער פאָטער פון פּוילנס באַ־קאַנטן היסטאָריקער אשכנזי...

— מיט פאַרגעניגן, האָב איך געענטפערט.

איך האָב ערשט פאַרענדיקט לייענען זיין גרויס ווערק וועגן יוזעף פּאָניאַטאָווסקי, איינער פון נאַפּאָלעאָנס באַליבטע מאַרשאַלן, אַ נאָענטער קרוב פון דעם לעצטן פּוילישן קעניג.

מאַרשאַל יוזעף פּאָניאַטאָווסקי איז אומגעקומען אין דער שלאַכט ביי לייפּציג, בוכשטעבלעך פאַר די אויגן פון נאַפּאָלעאָנען. אַ בילד שיינער יונגערמאַן, אַן אמתער העלד, זייער פּאָפּולער ביי די פּוי־לישע פאָלקסמאַסן, איז ער געווען אַ באַצויבערנדע געשטאַלט. איך האָב דערציילט אונדזער גרויסן דיכטער, אַז איך בין אין גאַנצן פאַרכאַפּט ניט נאָר פון דער פּערסאָן, פון דעם העלד, נאָר אויך פון דעם בוך. אשכנזי איז געווען אַ גרויסער קענער פון דער פּוילי־שער הערויִק, פון דעם היסטאָרישן יחוס פון דער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע. דער מחבר פון דעם בוך איז פול מיט ליבע צום לאַנד און צו דער געשיכטע פון רוסלאַנד.

דער לעצטער פּוילישער קעניג פּאָניאַטאָווסקי איז געווען אַ פאַוואָריט, אַ ליבהאָבער פון קאַטאַרינע דער גרויסער און אין איר שלאָפצימער האָט ער פאַרלוירן די קרוין און די אומאָפּהענגיקייט פון פוילן.

דער פאָטער פון פּראָפעסאָר אשכנזי איז געווען אַ באַליבטע יידישע פיגור און דאָס הויז וווּ ער האָט געוווינט איז געווען מעב־לירט מיט שווערע און שיין־געשניצטע מעבל. עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו קוקן און צו הערן די רייד פון די צוויי נאָבעלע יידן. אשכנזי איז געווען אַן אמתע פּערסאָניפיקאַציע פון דעם ווונדער־באַרן יידישן בעל־הבית ברוך אין אָפּאַטאָשוס ראָמאַן „אַליין״, ווע־מענס פאָטער די רוסן האָבן געהאָנגען פאַר דער באַטייליקונג אין אַן אויפשטאַנד קעגן רוסלאַנד.

איך האָב קיין מאָל ניט געקאָנט פאַרשטיין ניט דעם אומענד־לעכן כעס פון די פּאָליאַקן צו די יידן און ניט די אומענדלעכע ליבע פון די פּוילישע יידן צו דעם לאַנד פון זייער אָפּט פאַרפיי־ניקט לעבן. אַז זיי האָבן מיטגעמאַכט אַלע נאַצי־רדיפות קעגן יידן איז ניטאָ קיין שום צווייפל. אַז זיי האָבן מיטגעמאַכט אַלע פּייני־קונגען פון פּוילישע יידן מצד דעם רוסישן גזלן, אַזוי לאַנג ווי עס זענען נאָך פאַרבליבן יידן אין פוילן, האָבן מיר איצט געזען מיט אונדזערע אייגענע אויגן.

אַלס פּעטערסבורגער קאָרעספּאָנדענט פונעם וואַרשעווער „היינט״ האָב איך אין 1910 מיטגעמאַכט די וואַלן פון וואַרשע צו דער פערטער און לעצטער דומאַ. יידן, ניט סאָציאַליסטן, האָבן באַקומען אַ מערהייט פון וויילער, אָבער האָבן באַשלאָסן איבער־צוגעבן דעם מאַנדאַט פון דער פּוילישער הויפּטשטאָט צו אַ פּאָליאַק. נאָר איין באַדינג האָט מען געשטעלט — אַ דעקלאַראַציע פון דעם דעלעגאַט, וואָס ווערט אַ מיטגליד פון דער דומאַ, אַז ער אנערקענט פּוילישע יידן פאַר פולע און גלייכבאַרעכטיקטע בירגער פון לאַנד. אַזאַ קאַנדידאַט האָט מען אָבער ניט געקאָנט געפינען, אפילו צווישן די לינקע בירגערלעכע פּאָליאַקן. סוף כל סוף האָבן די יידישע וויילער אָפּגעגעבן זייערע שטימען דעם פּוילישן סאָציאַל־דעמאָ־

קראַט יאַגעללאָ. כ׳האָב געהאַט געשפּרעכן מיט די וויכטיקסטע רוסישע ליבעראַלע פּאָליטיקער, די פירער פון די אַזוי גערופענע „קאַדעטן״ (קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן). זיי האָבן בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטיין די פּוילישע דראַמע — עס איז פאַר זיי געווען אַ פּוילישע, ניט קיין יידישע דראַמע. דער אַלטער פירער פון די „קאַדעטן״, פּעטרונקעוויטש, איינער פון די פיינסטע רוסישע פּערזענלעכקייטן, האָט מיר לאַנג אַריינגעקוקט אין די אויגן, אַזוי ווי ער וואָלט פאַרלוירן דאָס לשון, געשוויגן און פאַרצווייפלט געזאָגט:

— די פּאָליאַקן מיינען, אַז זיי לעבן נאָך אַלץ אין מיטל־עלטער!...

דאָס איז אפשר דער איינציקער ענטפער אויף דעם פאַרשאָל־טענעם פּראָבלעם. זיי באַנעמען ניט דעם גאַנג פון דער געשיכטע. פריער האָט די שליאַכטע, דער אַדל און דער ערד־באַזיצער, דער פעאָדאַל, אומגעבראַכט דאָס לאַנד. היינט האָט די מלוכה איבער־גענומען דער מיטלקלאַס און דער אָפּפאַל, וואָס טוט אָן די מאַסקע פון סאָציאַליזם און קאָמוניזם. די יידן זענען אַרויס פון דעם פּוילישן גן־עדן, אָבער פאַר פּוילן גופא איז דער אמתער יום־הדין נאָך ניט געקומען. ער וועט אָבער קומען...

(„לעצטע נייעס״, דעם 29־טן נאָוועמבער 1971)

## די „פריינדלעכע שונאים"

דאָס איז ניט קיין שפּיל מיט ווערטער. ווי מערקווערדיק און טראַגיש דאָס זאָל ניט זיין, איז דאָס דער אָפיציעלער נאָמען, וואָס מען האָט געגעבן די דייטשע יידן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון היטלערס ממשלה קיין ענגלאַנד און זענען פאַרהאַלטן געוואָרן דאָרט ווי געפאַנגענע, ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מל־חמה. די אַנטלאָפענע זענען געווען דייטשע בירגער, זיי זענען טאַקע געווען קרבנות פון די ווילדע נאַצישע פּאָגראָמען מיט וועלכע עס האָט זיך אָנגעהויבן די קאַנצלערשאַפט פון דעם אונ־טערוועלט־מענטש פון לינץ. ווען דייטשלאַנד האָט זיך אָבער גע־גרייט צו דער אינוואַזיע אויף פּוילן און עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה און די אינוואַזיע, און אין ענגלאַנד האָט מען אויך דערוואַרט מיט זיכערקייט אַן אינוואַזיע פון די דייטשע אַרמייען, האָט דאָס ענגלישע מיליטער באַשלאָסן, אַז מען דאַרף אַרויסשיקן פון לאַנד אַלע דייטשן, אפילו די יידישע קרבנות פון היטלער־רעזשים. האָט מען גענומען די צוואַנציק אָדער פינף און צוואַנציק טויזנט יידן, געזעצט זיי אויף שיפן און גרופּנווייז צו עטלעכע טויזנט נפשות אַרויסגעשיקט זיי אין די פאַרשידענע לענדער פון ברי־טישן „קאָמאָנוועלט". דאָרטן האָט מען זיי געדאַרפט האַלטן איזאָ־לירט, ניט ווי אמתע געפאַנגענע פון די שלאַכט־פעלדער, אָבער פאָרט ווי געפאַנגענע. די דאָזיקע אומגליקלעכע יידן האָט מען עס געגעבן דעם נאָמען „פריינדלעכע שונאים" — פריענדלי ענעמיס.

די דאָזיקע מיליטערישע אַקציע פון די ענגלישע קאָמאַנדירן, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם קאָפּ נאָך איידער זיי האָבן זיך באַ־

טייליקט אין אַ שלאַכט, האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקן סקאַנדאַל אין די ענגלישע פּאָליטישע קרייזן, הויפּטזאַכלעך אין פּאַרלאַ־מענט. די רעגירונג וואָס איז אייגנטלעך ניט געווען פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר דער ברוטאַלער אַקציע, האָט זיך גענומען פאַרשן און, אויף וויפיל עס איז מעגלעך געווען, גוט צו מאַכן דעם שאָדן, אָבער קיין שום גוט מאַכן האָט דאָך ניט געקאָנט פאַרבעסערן די לאַגע פון די פאַרוואָגלטע „פריינדלעכע שונאים"...

אומדערוואַרטעט איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט מיט אַזעלכע „פריינדלעכע שונאים" פון ענגלאַנד קיין קאַנאַדע. אומדערוואַר־טעט האָט דער „אָרט" אין קאַנאַדע באַקומען אַ וויכטיקע אויפגאַבע צו פאַרנעמען זיך מיט זיי, צוגרייטן זיי צו אַ נײַ לעבן אין אַ נײַעם לאַנד. מען האָט זיי געדאַרפט לערנען אַ פאַך...

אין די נײַנציק יאָר פון דער עקסיסטענץ פון „אָרט", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין רוסלאַנד אין יאָר 1880, האָט דאָס אייראָפּעאישע יידנטום געהאַט גענוג אויסצושטיין: פּאָגראָמען און מאַסן־אויסוואַנדערונג, די רוסישע רעוואָלוציע און דעם רוסישן בירגער־קריג, צוויי וועלט־מלחמות. נאָך דעם זענען געקומען צוויי קאַטאַסטראָפעס, וועלכע זענען געווען די פאָלגן פון דייטשן נאַ־ציזם און פון רוסישן באָלשעוויזם, דערמיט איז אויך געקומען צו אַ חורבן פון דער „אָרט"־אָרגאַניזאַציע. אין רוסלאַנד גופא איז דער „אָרט" זינט דעם יאָר 1938 אין גאַנצן ניטאָ; אין פּוילן, אין דעם לאַנד פון דעם קאָמוניסטישן נאַציזם אָדער פון נאַציסטישן קאָ־מוניזם, ווו דער „אָרט" האָט אַמאָל געהאַט מער פון הונדערט שולן, איז דער ישוב פון דריי און האַלבן מיליאָן יידן פאַרשוווּנדן. עס איז אָבער געבליבן דער אייביקער דראַנג פון יידנטום צו לעבן און צו וואַקסן אונטער אַלע אומשטענדן.

עס איז ניט מער ווי אַ צופאַל, אַ יידישער צופאַל, אַז דער מחבר פון די שורות, וועלכער איז געווען אין בערלין אויפן וועג פון בריסל קיין וואַרשע יענע נאַכט, ווען היטלער איז געוואָרן רייכס־קאַנצלער (1933), האָט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, זייענ־דיק דער פאַרטרעטער פון „אָרט" אין קאַנאַדע, געהאַט צו טאָן מיט

אָרגאַניזירן „אָרט"־הילף, דאָס הייסט, פאַך־אויסבילדונג, פאַר די דערמאָנטע „פריינדלעכע שונאים". די אַרבעט האָט גענומען עט־לעכע יאָר און האָט געדויערט אַקוראַט ביז היטלער האָט זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ אין זיין בונקער אויף ווילהעלם־שטראַסע אין בערלין און איך בין געשיקט געוואָרן טאַקע קיין דייטשלאַנד צום הויפּט־קוואַרטיר פון דער „אונראַ" צו העלפן אָרגאַניזירן „אָרט"־הילף פאַר די יידישע די. פּי.ס אין די פאַר־שאָלטענע לאַגערן, צווישן זיי אויך אין בערגען־בעלזען. די זייער וויכטיקע אַרבעט אין קאַנאַדע איז, אַזוי צו זאָגן, נאָר אַן עפּיזאָד, אָבער עס לוינט זיך אָפּשטעלן אויף דעם.

יידישע געשיכטע באַשטייט אָפט פון עפּיזאָדן, וואָס זענען אין דערווירקלעכקייט עפּעס מער פון עפּיזאָדן. דאָס זענען עפּי־זאָדן פון אונדזער ווילן צו לעבן און צו אַרבעטן; צו לעבן אַ געזונט און פּראָדוקטיוו לעבן. איך האָב פריער געזאָגט, אַז דאָס אַרויסוואַרפן פון ענגלאַנד די יידישע „פריינדלעכע שונאים" איז געקומען אומדערוואַרט, יאָ, אומדערוואַרט פאַר דער קאַנאַדער רעגירונג אפילו, וועלכע האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער מלחמה און וואָס האָט ניט געקאָנט זאָגן און ניט אַקצעפּטירן די יורדים. מען האָט זיי פּלאַצירט אין פאַרשידענע קאַזאַרמעס און איינע פון די גרופּעס מיט וועלכע דער „אָרט" האָט זיך פאַר־נומען, איז באַשטאַנען פון עטלעכע הונדערט יידן. זיי זענען געווען אין אַן אַלטער, אַלטער פעסטונג אַן ערך דרייסיק אָדער פערציק מייל פון מאָנטרעאַל אויף אַן אינדזל, וואָס הייסט נאָך פון אַלטע צייטן „איל־אַ־נואַ" (אַן אינדזל מיט ניס), אויף דעם פלוס רישעליע. קיין בריק איבערן טייך איז דאָרט ניט געווען. די קאַזאַרמע האָט געהאַט אַ קאָמאַנדאַנט מיט אָפיצירן, מיט סאָלדאַטן, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען מיט ביקסן, מיט עטלעכע טורעמס מיט פּראָזשעק־טאָרן, כדי צו היטן אַז די „פריינדלעכע שונאים" זאָלן חלילה ניט אַנטלויפן. אַ קאַזאַרמע איז אַ קאַזאַרמע, סאָלדאַטן זענען סאָל־דאַטן און אין אייראָפּע גייט דאָך אָן אַ מלחמה... אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט!

צום גליק האָט די קאַנאַדער רעגירונג אין אָטאַװאַ, די מיליטערלייט, װאָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער מלחמה־פּראָבלעמאַטיק אין דער היים, דאָס הייסט, דער רוב רעזערװ־אָפיצירן פון דער ערשטער װעלט־מלחמה, אַרויסגעװיזן די פריינדלעכסטע באַציאונג צו די געסט. מיט דער צייט האָט מען צוגענומען די פּראָזשעקטאָרן פון די טורעמס און די ביקסן ביי די סאָלדאַטן, מען האָט די „געפאַנגענע" געגעבן גוט עסן און דער קאָמאַנדאַנט מיט די אָפיצירן האָבן אַלץ געטאָן, כדי דער לאַגער זאָל ניט טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ סאָלדאַטסקער קאַזאַרמע און נאָך װייניקער פון אַ געפענגעניש.

פון לאָנדאָן איז אָנגעקומען קיין אָטאַװאַ דער אַלטער פריינד פון „אָרט" לאָרד מארליי, דער אַמאָליקער װיצע־קריגס־מיניסטער אין דער ערשטער ענגלישער אַרבעטער־רעגירונג פון מעקדאָנאַלד. אין אָטאַװאַ האָבן די רעגירונגס־קרייזן דעמאָנסטרירט זייער פאַרשטענדעניש פאַר דעם אומגליק װאָס איז געשען און זייער גרייטקייט צו טאָן אַלץ װאָס איז נאָר מעגלעך, כדי די „פריינדלעכע שונאים" זאָלן זיך פילן װי פרייע מענטשן. אַ גרויסע „אָרט"־אַרבעט איז אָרגאַניזירט געװאָרן מיט דער הילף פון דער קאַנאַדער רעגירונג, פון דעם קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס און פון דעם „אָרט"־צענטראַל־קאָמיטעט, װאָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין ניו־יאָרק. אין מיטן װינטער איז אויף דעם װייטן, קאַלטן אינדזל איל־אַ־נואַ, אויף דעם פלוס רישעליע, אויפגעבויט געװאָרן אַן „אָרט"־שולע פאַר די װאָס האָבן זיך געװאָלט לערנען מעכאַנישע אַרבעט. די ערד איז געװען אויף אַ גאַנצן װינטער דורכגעפרוירן און מען האָט ניט געקאָנט בויען. מיר האָבן זי אויפגעריסן מיט דינאַמיט, װאָס מען האָט על פי דין ניט געטאָרט ברענגען אינעם לאַגער. דאָך האָבן מיר אים געבראַכט און אין אַ קורצער צייט איז אויפגעשטעלט געװאָרן דער בנין.

***

דער אַלטער שפּרוך: „רבונו של עולם! דיינע װעגן זענען גאָר ניט צו באַנעמען!" האָט מסתמא צו טאָן הויפּטזאַכלעך מיט

דעם גורל פון יידישן פאָלק; מיט די וועגן און אומוועגן פון דער יידישער געשיכטע. דאָס זאָגן מיר אין פאַרבינדונג מיט די דריי מאָל, וואָס איך האָב געהאַט צו טאָן מיט דעם דייטשן נאַציזם און אין פאַרבינדונג מיט מיין ענטוזיאַזם פאַר דער „אָרט״־אַרבעט אין אַלע טיילן פון דער וועלט.

ווי פריער געזאָגט, בין איך געווען אין בערלין אויפן וועג קיין וואַרשע יענע נאַכט, ווען הינדענבורג, דער געשלאָגענער העלד פון דער דייטשער אַרמיי, האָט באַשטימט היטלערן פאַר דעם קאַנצלער. עס איז דאָ ניט דער פּלאַץ צו דערציילן, וועגן וואָס גאַנץ בערלין האָט געוווּסט, אַז דער זון פון העלד איז געווען פאַרמישט אין אַ ריזיקער גנבה פון די געלטער פון דער „אָסט־הילפע״־אָרגאַניזאַציע. הינדענבורג איז געצוווּנגען געווען צו מאַכן היטלערן פאַר אַ פירער.

אין די עטלעכע שעה, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין בערלין, האָט אַ גרופּע יידישע זשורנאַליסטן צוזאַמען מיט דעם פיינעם, עלטערן און דערפאַרענעם קלינאָוו פאַרבראַכט מיט מיר אין דעם באַרימטן „ראָמאַנישן קאַפעע״. אין אַ שטימונג פון גרויסער שפּאַנונג און פּאַניק האָט מען גערעדט וועגן דער לאַגע אין דייטש־לאַנד און דער אויספיר איז געווען:

— איר מעגט זיין זיכער, אַז וואָס עס זאָל ניט געשען, וועט היטלער קיין קאַנצלער ניט זיין...

ווען איך בין גאַנץ פרי אויף צומאָרגנס אָנגעקומען קיין וואַרשע, איז די שטאָט אין גאַנצן געווען פאַרפלייצט מיט ספּע־ציעלע פלוג־בלעטער: „אַדאָלף היטלער באַשטימט געוואָרן אַלס קאַנצלער פון דייטשלאַנד״.

אין בערלין איז די שמחה באַגלייט געוואָרן פון אַן אוני־ווערסאַלן פּאָגראָם אויף יידן. איך האָב אין וואַרשע דערנאָך גע־טראָפן יידן, וואָס זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן ביי נאַכט פון זייערע שלאָפצימערן אין בערלין און געשלאָגן און געפּייניקט גע־וואָרן. זיי האָבן קוים געראַטעוועט זייער לעבן און צו פוס אפילו געקומען קיין פּוילן. עס איז אַ שרעק געווען צו קוקן אויף זיי

און הערן, וואָס זיי האָבן געהאַט צו דערציילן. אַזוי גוט ווי אַלע יידישע קאָרעספּאָנדענטן זענען אַנטלאָפן פון בערלין. אַ ייד האָט זיך דאָרט ניט געקאָנט באַווייזן אויף די גאַסן.

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער בין איך פאָרט געפאָרן קיין בערלין, די שטאָט וווּ איך האָב פריער געלעבט יאָרנלאַנג, שטו־דירט און בייגעוווינט דעם אויפבלי פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דאָס איז דעמאָלט געווען די עפּאָכע פון אויגוסט בעבעל, בערנשטיין, דאַווּיד און קלאַראַ צעטקין, ראָזאַ לוקסעמ־בורג און איצט איז עס געווען די שטאָט פון רענעסאַנס פון פאַן־גערמאַניזם, וווּ עס האָט אָפּגעהאַלטן זיין יום־טוב דאָס פּרייסישע יונקערטום. בערלין איז געווען ניט צו דערקענען. איין אָוונט האָט מען געוויזן צום ערשטן מאָל דעם נאַצי־פילם „די שוואַרצע פאָן”, אַ בילד ווי יידישע וווכערניקעס לייען געלט צו פּרייסישע פויע־רים און נעמען צו ביי זיי שפּעטער די ערד, זייגן אויס זייער בלוט... צו דער פייערלעכער פּרעמיערע פון דעם דאָזיקן פילם איז פון רוים געקומען פארינאטשי, מוסאָליניס רעכט האַנט, אַ געמיש פון אַ גערינג און אַ געבעלס. עס האָט געשפּילט אַ גרויסער אָרקעסטער אין געסטאַפּאָ־אוניפאָרמען. איך האָב בייגעוווינט די שמחה...

אַ טאָג איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט איז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „אָרט” אַוועק קיין פּאַריז. מען האָט געהאַט צייט צו שליסן די „אָרט”־שולן און אַוועקשיקן זיי קיין אויסלאַנד. איך בין פאַרבליבן אין דעם דייטשן גיהנום נאָך אַ פּאָר וואָכן און אַרויס פון דאָרט אַ לעבעדיקער. ווען עס זענען אַוועק אַ שיינע פּאָר יאָר, האָב איך ווידער געהאַט דעם זכות צו העלפן די קרבנות פון היטלער־רעזשים, די דערמאָנטע „פריינד־לעכע שונאים” אין קאַנאַדע. מיר האָבן אונדזער אַרבעט ניט אויפגעגעבן. נאָך שפּעטער, ווען איך האָב שוין נאָך היטלערס מפּלה, צוגעלייגט אַ האַנט צו דער „אָרט”־אַרבעט אין בערגען־בעלזען, אין דעם אָרט פון דעם שרעקלעכן לאַגער, וווּ די שארית הפּליטה איז באַשטאַנען פון איבער צען טויזנט יידן, האָב איך

געקאָנט אָפּשאַצן דעם ווערט פון דער פיינער מענטשלעכער באַ־
ציאונג צו די קרבנות פון היטלעריזם מצד דער קאַנאַדער רעגי־
רונג און סיי מצד דער עפנטלעכער מיינונג אין דעם לאַנד.

אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט אינעם לאַגער אָנגעהויבן
קומען אַ באַאַמטער פון דעם קאַנאַדער איינוואַנדערונגס־אַמט, כדי
צו „עקזאַמינירן" די שילערס פון דער ווירטשאַפט און באַפרייען
זיי פון דער „געפאַנגענשאַפט". די דאָזיקע פּראָצעדור איז געווען
נייטיק כדי עס זאָל הייסן, אַז זיי זענען אַריינגעקומען אין לאַנד
אויף אַ לעגאַלן אופן און קאָנען דאָ פאַרבלייבן ווי געוווּנטשענע
איינוואַנדערער. אַזאַ איז געווען דער גייסט פון דער גאַנצער
קאַנאַדער פּאָליטיק בנוגע צו איינוואַנדערונג.

דעם „אָרט"־עפּיזאָד אין קאַנאַדע האָבן מיר אָנגערופן —
„די אַקציע". מען וואָלט געקאָנט זאָגן אַז דאָס איז געווען ניט נאָר
אַן עפּיזאָד, עס איז אויך געווען אַ סימבאָל, אַ סימבאָל פון מענטש־
לעכקייט אויף יענער זייט אַטלאַנטיק. עס איז אויך געווען אַ
סימבאָל פון יידישער זעלבסהילף, פון יידישער אַרבעט. אויפן וועג
צו דער הויפּט־קוואַרטיר פון דער „אונראַ" אין אייראָפּע האָט דער
„אָרט" איינגעקויפט אין לאָנדאָן אַ גרויסע צאָל מכשירים פאַר
מעכאַנישע וואַרשטאַטן — איינגעקויפט ביי דער קאַנאַדער אַרמיי
פון דעם סורפּלוס וואָס איז געבליבן אין האָלאַנד נאָך די גרויסע
שלאַכטן ביי ניעמעגען.

עס איז געווען דער ערשטער פּורים־טאָג נאָך דער דייטשער
מפּלה, ווען איך בין אָנגעקומען קיין בערגען־בעלזען מיט צוויי
מיליטערישע קאַמיאָנען אָנגעשטאָפּט מיט אַלערליי ווערקצייג פאַר
די שולן וואָס דער „אָרט" האָט געבויט אין דעם שרעקלעכן אָרט
אין וועלכן עס האָבן געלעבט איבער צען טויזנט פאַרבליבענע יידן.
יידישע עפּיזאָדן און יידישע סימבאָלן!...

(„אונזער וואָרט", דעם 20־טן נאָוועמבער 1971)

# אַ גוטע נייעס:

## אַ יידישער אינטערנאַציאָנאַל פאַר בילדונג

עס טרעפט אַזוי זעלטן אַז מיר האָבן גוטע נייעס. מיר האָבן אַזוי פיל אומגליקן און קאַטאַסטראָפעס, אַזוי פיל פּערמאַנענטע קוועלן פון געפערלעכע קאָנפליקטן, אַז פאַרשווייגן דאָס גוטע און געבענטשטע, פאַרשווייגן דאָס אָנזאַמלען פון פרישע כוחות, וואָס דער טייוול אַליין איז ניט אין שטאַנד צו צעשטערן, איז אַ גרויסע זינד. ס׳איז פשוט ניט ריכטיק און ניט געזונט.

איך מיין דערמיט דריי וויכטיקע געשעענישן אין אַ גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט דווקא מיט פּאָליטיק און מיט פּאָליטישע קאַמפן גאָר ניט צו טאָן, דאַרף ניט האָבן צו טאָן און קאָן ניט האָבן צו טאָן צוליב דעם כאַראַקטער פון אירע אַקטיוויטעטן.

גענוי אַ יאָר נאָך דעם ווי דער וועלט־פאַרבאַנד פון „אָרט״, אַן אָרגאַניזאַציע פאַר פאַך־אויסבילדונג, האָט געפייערט אין זשענעווע ניינציק יאָר — 90! — פון איר עקסיסטענץ און פון איר אַנט־וויקלונג, זענען געשען היינטיקן חודש דריי נייע, אָבער זייער וויכטיקע אַקטן: דער „אָרט״ אין פראַנקרייך האָט געפייערט פופציק יאָר פון זיין אַרבעט אין דעם לאַנד. די יערלעכע קאָנפע־רענץ פון דער „אָרט״־אָרגאַניזאַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט באַוויזן אַז די צאָל פון אירע מיטגלידער דערנענטערט זיך צו פיר הונדערט טויזנט; און אין מיטן פון לעצטן חודש נאָוועמבער האָט מען אין דעם גרענעץ־שטעטעלע אַניער, וואָס ליגט אַ פּאָר קילאָמעטער פון זשענעווע, גאַנץ האַרט ביי דער פראַנצייזישער

גרענעץ אויפן וועג צו עוויאַן, געפייערט דעם חנוכת הבית פון אַ נייער געביידע פון זעקס און דרייסיק צימערן, אַ צוגאָב צו דעם באַקאַנטן „אָרט"־אינסטיטוט ווו מען גרייט צו אינסטרוקטאָרן און לערערס פאַר די פאַך־שולן. אַ יידישער פאָנד, וואָס וויל בלייבן אַנאָנים, האָט געגעבן אַנדערטהאַלבן מיליאָן שווייצער פראַנקן פאַר בויען די נייע געביידע.

די דריי מאַניפעסטאַציעס אין איין חודש זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער אַקציע און זענען אַ צופאַל וואָס איז נאָך אַלעמען זייער ווייט פון זיין אַ צופאַל. נישטאָ היינט קיין צופאַלן. עס איז פאַראַן אין אונדזער צייט נאָר פּלאַנירונג און גראָד דער וועלט־פאַרבאַנד פון „אָרט" איז אַ סך־הכל פון וויכטיקער יידישער פּלאַנירונג, פון יידישע זאָרגן פאַר דער צוקונפט.

זינט דער „אָרט" איז געגרינדעט געוואָרן אין רוסלאַנד אין יאָר 1880 האָט ער דורכגעמאַכט צוויי וועלט־מלחמות, נאַציזם און באָלשעוויזם, אַן אוניווערסאַלן פּאָגראָם צוערשט אין סאָוויעטן־לאַנד און נאָך דעם אין פּוילן. גראָד אין די לענדער עקסיסטירן ניט היינט קיין „אָרט"־שולן, אָבער דערפאַר האָט „אָרט" שולן אין ישראל מיט קנאַפּע פערציק טויזנט שילער און הונדערטער שולן אויף דריי קאָנטינענטן. עס איז אַן אומאויפהערלעכע אויס־שפּרייטונג פון דער „אָרט"־טעטיקייט. אין די לעצטע יאָרן האָט זיך „אָרט" אויסגעברייטערט אין דרום־אַמעריקע. פאַר די וועלכע האָבן אַ גוטן זכרון און האָבן מיטגעלעבט און מיטגעמאַכט אַ גרויסן טייל פון די געשעענישן, איז עס אַ ווונדער צו זען היינט דעם אויפשטייג פון אונדזער פאָלק. עס איז ניט אַזוי דער אויפבוי פון חורבות, עס איז דער אויפבוי און באַנייאונג פון יידישער שאַפונגס־קראַפט אינעם ווערטלעכן זין פון וואָרט.

דער הויפּט־ציל פון אַלע אַנטי־יידישע באַוועגונגען איז תמיד געווען צו פאַראַליזירן און פאַרניכטן די פעאיקייט פון יידן צו אַרבעט.

די געשיכטע פון דעם וועלט־יידנטום האָט עס געוואָלט אַז אין דער היינטיקער עפּאָכע פון אַלגעמיינער „טעכנישער הילף" און פּראָפעסיאָנעלער בילדונג זאָל דער „אָרט" ווערן די גרעסטע

אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פאַר טעכנישער אויסבילדונג און די שולן פון דער אָרגאַניזאַציע זאָלן זיין אָפן פאַר יידן און ניט־יידן און אַ גרויסע רייע פרעמדע אָרגאַניזאַציעס און רעגירונגען, פריער פון אַלץ די רעגירונגען פון די סקאַנדינאַווישע לענדער, זאָלן נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם אויפבוי און מאָדערניזירן די „אָרט״־אַנשטאַלטן. די ווערטער קלינגען זייער שיין, אָבער זיי גיבן פאָרט ניט קיין גענוגנדיקע פאָרשטעלונג וועגן דעם וואָס דאָס באַדייט. דער טעכנישער פּראָגרעס אין דער וועלט איז פאַר די לעצטע יאָרן אַזוי גרויס אַז דאָס וואָס איז נעכטן באַטראַכט געוואָרן פאַר מאָדערן, איז היינט פאַרעלטערט און קאָן ניט באַ־נוצט ווערן. איז געקומען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק די רעגירונג פון דענעמאַרק און האָט מיט אַ באַטייליקונג פון מערערע הונדער־טער טויזנטער קראָנען געגעבן אַ מעגלעכקייט צו באַנייען פול־שטענדיק אַלע איינריכטונגען און מכשירים פון דעם אינסטיטוט און פאַרוואַנדלען זיינע לאַבאָראַטאָריעס אין די סאַמע מאָדערנסטע.

זייער אָפט קומען יחידים אין דעם אינסטיטוט כדי זיך צו באַקענען מיטן אַנשטאַלט, צו טרעפן זיך מיט די סטודענטן, צווישן זיי פיל סטודענטן פון די אַפריקאַנער לענדער, שוואַרצע, אָדער מיט אַ טונקעלער הויט. ווייט פון אַ גרויסער שטאָט, פון גרויסן געטומל, כמעט איזאָלירט, איז דער אינסטיטוט געוואָרן אַ היים פאַר הונדערטער אויסגעקליבענע סטודענטן, בכדי צו באַקומען העכערע טעכנישע אויסבילדונג אין די בעסטע באַדינגונגען, וועלכע זענען נאָר מעגלעך.

דער אַפּאַראַט פון דער פרויען־אָרגאַניזאַציע פון „אָרט״ אין אַמעריקע האָט אַ סך בייגעטראָגן צו מערערע „אָרט״־אינסטיטו־ציעס אין פאַרשידענע לענדער, אָבער זייער הילף פאַר דעם „אָרט״־אינסטיטוט אין זשענעווע איז באמת אַ קאָלאָסאַלער אויפ־טו: אַן אָרגאַניזאַציע פון הונדערטער טויזנטער יידישע פרויען, וועלכע זענען פאַרטאָן ניט אין אַ געוויינטלעכער פילאַנטראָפּישער הילפס־אַרבעט, נאָר אין אַ קאָנסטרוקטיווער סאָציאַלער באַוועגונג מיט אַן אויפבוי־פּראָגראַם פאַר דער צוקונפט — קאָן מען דען זיך באַהערשן און ניט ווערן באַגייסטערט?

גראַד מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט דער פראַנצייזישער פּאַרלאַמענט זייער אויספירלעך דעבאַטירט די נייע געזעץ־געבונג וועגן אַ סיסטעמאַטישער אויסגעברייטערטער פּראָפעסיאָנעלער אויסבילדונג אין פראַנקרייך. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז מען הערט אַלטע „אָרט״־רעדעס אויף פראַנצייזיש. עס איז געוואָרן אויך קלאָר פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט, פאַרוואָס פראַנקרייך האָט שטענדיק פאַר די לעצטע פופציק יאָר זינט דער „אָרט״ האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין פראַנקרייך, געשאַצט די אַרבעט. ווען די הונדערט טויזנט אַלזשעריאַנישע יידן זענען אַוועק קיין פראַנקרייך ניט קאָנענדיק מער אויסהאַלטן דעם נייעם רעזשים אין אַלזשעריע, האָט די פראַנצייזישע רעגירונג אָנגעבאָטן דער „אָרט״־אָרגאַניזאַציע אַלע נויטיקע מיטלען כדי איבערצונעמען די פאַך־אויסבילדונג פון די נייע אייגוואַנדערער. נייע „אָרט״־צענטערן אין פראַנקרייך זענען אויסגעבויט געוואָרן און די צוזאַמענאַרבעט פונעם „אָרט״ מיט דער פראַנצייזישער רעגירונג איז שטאַרק אויסגע־ברייטערט געוואָרן.

אין די וויכטיקע יובל־פייערונגען פון פופציק יאָר „אָרט״־אַרבעט אין פראַנקרייך, האָט זיך די פראַנצייזישע רעגירונג אָפי־ציעל באַטייליקט דורך דער אָנוועזנהייט און באַגריסונג פון איר אַרבעטס־מיניסטער. זיין באַגייסטערונג פאַר „אָרט״ איז ניט געווען אַ זאַמלונג פון געוויינטלעכע לויבערייען — נאָר אַ גוט פרעזענ־טירטע אידעאָלאָגיע פון מאָדערנער אָפּשאַצונג פון אַרבעט אַלס דער וויכטיקסטער יסוד פון דער נייער געזעלשאַפט. די צוזאַמענ־אַרבעט פון פראַנצייזישן „אָרט״ מיט דער פראַנצייזישער רעגי־רונג איז פון אַ היסטאָרישער באַדייטונג, פאַר דער פאַרגאַנגענהייט און אפשר נאָך מער פאַר דער צוקונפט.

מיר האָבן ניט תמיד די געלעגנהייט צו פראַוועץ אַזעלכע שמ־חות. מיר זענען אָבער באַרעכטיקט איבערצוגעבן די גוטע נייעס וועגן אַן אַלטער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע אויף איר וועג צום הונדערטסטן געבוירן־טאָג — אין יאָר 1980 — וועלכע האָט צו פאַרצייכענען ערנסטע דערגרייכונגען.

(„אונזער וואָרט״, דעם 4־טן דעצעמבער 1971)

# די רוסיפיקאַציע אין די באַלטישע לענדער

דער קורצער לייט־אַרטיקל, וואָס איז די טעג דערשינען אין „ניו־יאָרק טיימס" אונטער דעם מכלומרשטן רואיקן נאָמען „רוסי־פיקאַציע אין די באַלטישע לענדער", האָט זייער אַ גרויסע שיי־כות צו די יידישע אינטערעסן און טאָר ניט פאַרשוויגן ווערן.

דער וואָס געדענקט דעם רוסישן מאַסן־פּאָגראָם אין ליטע, לעטלאַנד און עסטאָניע, דעם גירוש פון דער איינגעבוירענער באַ־פעלקערונג פון אָט די לענדער קיין סיביר און צענטראַל־רוסלאַנד, דער ווייסט, אַז אין די סקאַנדינאַווישע לענדער, באַזונדערס אין שוועדן, געפינען זיך צענדלינגער טויזנטער באַלטישע פּליטים, אָר־גאַניזירט אין באַדייטנדיקע אַנטי־סאָוויעטישע נאַציאָנאַלע גרופּן. פאַר דעם איז דעריבער קיין ספק ניט, אַז עס וועט דאָך קומען די צייט פאַר אַ רענעסאַנס פון די דאָזיקע קליינע פאַרשקלאַפטע פעלקער. די ניו־יאָרקער צייטונג האָט געגעבן אָנצוהערן דער עפנטלעכער מיינונג פון אַמעריקע און רוסלאַנד, אַז די רוסיפי־קאַטאָרן, די קאָלאָניזאַטאָרן פון קרעמל וועלן ברעכן האַלדז און נאַקן ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווען עס וועט קומען דער אויפברויז פון די דאָזיקע פעלקער.

עס איז אַן אַלטער רוסישער חלום צו פאַרוואַנדלען דעם באַלטישן ים אין אַ רוסישן 'מאַרע נאָסטרום", פּונקט אַזוי ווי דאָס איז געווען דער חלום פון אימפּעריאַליסטישן דייטשלאַנד. מאָסקווע מיינט נאָך אַלץ אַז די אַלטע שטאָט קעניגסבערג, וועלכע איז תמיד געווען אַ דייטשע שטאָט און ווערט היינט אָנגערופן קאַלינינגראַד אויפן נאָמען פון דעם ערשטן סאָוויעטישן פּרעזידענט מיכאַאיל

קאַליניין — וועט בלייבן אויף אייביק אין רוסישע הענט. הונדערט יאָר רוסישע הערשאַפט אין פינלאַנד, וואָס איז היינט דאָך אַ פרייע און אומאָפּהענגיקע מדינה, האָט ניט געעפנט די אויגן ביי די רוסישע מאַכטהאָבער און האָט זיי ניט געגעבן קיין לעקציע וועגן נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט און סוווערעניטעט.

די גרויסע רעקלאַמע אַרום ניקסאָנס באַזוך אין פעקין און אין מאָסקווע, פונקט ווי דער גרויסער טומל הינטער די קוליסן פון די דאָזיקע וויזיטן, ציט אָפּ די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון דעם, וואָס עס קומט פאָר טאָג־איין, טאָג־אויס אין דערווירקלעכקייט. די געשעענישן אַנטוויקלען זיך אָבער מיט אַלץ אַ שטאַרקערן אימפּעט. די סאָוויעטישע רעגירונג איז זייער באַשעפטיקט מיטן פּראָבלעם פון די רוסישע אינטערעסן אין די סקאַנדינאַווישע לענדער און אין באַלטיקום, וואָס איז איינער פון די פונדאַמענטאַלע עקסיסטענץ־פּראָבלעמען פון דער רוסישער גרויסמאַכט. אַרום דעם קליינעם דענישן אינדזל באָרנהאָלם, וווּהין עס כאַפּן זיך אַריין פּוילישע, רוסישע און מזרח־דייטשע אַגענטן, ווערט געפירט אַ פיבערהאַפטע פּאָליטיק — ניט ווייניקער ווי אַרום דעם אינדזל מאַלטאַ אין מיטללענדישן ים. עס איז ווערט אונטערצושטרייכן, אַז מאַלטאַ, די באַרימטע מאַלטאַ האָט אַ קלענערן סטראַטעגישן ווערט ווי באָרנהאָלם. עס וועט ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז אין דעם טייל פון צפון־אייראָפּע גייט אָן שטילערהייט אַ פאַרביסענער און פאַרביטערטער געראַנגל. די רוסן ווייסן דאָך זיכער וואָס די דייטשע אַרמיי האָט געהאַט אויסצושטיין פון דער נאָרוועגישער און דענישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, הגם די דאָזיקע צוויי לענדער זענען געווען אָקופּירט, צעבראָכן און אויסגערויבט.

עס איז כמעט אַ געזעץ פון דער נאַטור, אַז גראָד גרויסע אימפּעריעס, וואָס האָבן אַ סך איינוווינער און אַ שפע פון נאַטירלעכע אוצרות, זענען שטענדיק פאַרכאַפּט פון דער טענדענץ פון עקספּאַנסיע, צו וועלן זיך אויסשפּרייטן אין דער לענג און אין דער ברייט. אַזעלכע לענדער ווי די אָפּגעשטאַנענע טערקיי און, די דורך און דורך צעפוילטע „אַפּאָסטאָלישע" עסטרייך־אונגאַרישע טאָפּל־מאָנאַרכיע, האָבן געוואָלט באַהערשן לענדער און פעלקער. ניט זיי

אַליין זענען געווען געגוג אַנטוויקלט, און ניט שטענדיק האָבן זיי געקאָנט און ניט שטענדיק האָבן זיי אפילו געוואָלט אַסימילירן מיט צוואַנג די באַהערשטע פעלקער. אפילו דאָס אַלטע רוסלאַנד האָט געוווסט, אַז דער צאַריזם וועט ניט האָבן דעם כוח צו אַסי־מילירן פרעמדע פעלקער. אָבער דאָס שווערע געוויכט פון די גרויסע לענדער, זייער גרויסע מאַסע, האָט געדריקט און האָט פיזיש, אַזוי צו זאָגן, אויטאָמאַטיש אַסימילירט די מינדערהייטן.

דאָס היינטיקע רוסלאַנד וואָס האָט זיך אָנגעטאָן אין מאַרקסיס־טיש־לעניניסטישע קליידער, מיט דער פּרעטענסיע פון אַ רעפאָר־מאַטאָר פון דער גאַנצער מענטשהייט — שטעלט מיט זיך פאָר אַ גאָר נייעם אַספּעקט פון אַסימילאַציע. דאָס איז פשוט גערעדט: פּאָליציי־אַסימילאַציע, ק.ג.ב.־אַסימילאַציע. מען קאָן דאָס אפילו ניט אָנרופן צוואַנגס־אַסימילאַציע. די פירער פון רוסישן קאָמו־ניזם, וועלכע האָבן זיך גייסטיק און מיליטעריש געהאַט פאַר־בונדן מיטן גרינדער פון דייטשן נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם, האָבן מיט די טויזנטער אויסגעהרגעטע אינטעלעקטואַלן, שרייבערס, וויסנ־שאַפטסלייט, קינסטלערס און קולטור־טוערס קלאָר געמאַכט פאַר דער וועלט, וואָס זיי פאַרשטייען מיט דער אַסימילאַציע.

מאַסן פון דער לאָקאַלער באַפעלקערונג אין די באַלטישע לענ־דער — מען רעדט אפילו וועגן צענדלינגער טויזנטער מענטשן — זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע היימען און טראַנספּאָר־טירט געוואָרן קיין סיביר. פיל טויזנטער זענען אַנטלאָפן אין די סקאַנדינאַווישע לענדער, ס׳רוב קיין שוועדן. פון דאָרט פירן זיי דעם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון זייערע פעלקער.

אונדזער פולע סאָלידאַריטעט מיטן קאַמף פון די אונטער־דריקטע באַלטישע לענדער איז וויכטיק ניט נאָר ווייל מיר קאָנען אַזוי גוט אונדזער אייגענעם שונא, נאָר אויך דערפאַר, ווייל דאָס זענען שטענדיק, נאָך פאַר דער רעוואָלוציע פון 1917 — 1918, גע־ווען אונדזערע געטרייע און לאָיאַלע פריינד. בעת די וואַלן צו דער דומאַ, איז ליטע געווען דאָס איינציקע לאַנד, וואָס האָט געגעבן די יידן אַ מעגלעכקייט צו האָבן אַן אייגענעם פאַרטרעטער (דאָס איז געווען דער אַדוואָקאַט נ. מ. פרידמאַן פון פּאָניעוויעזש, אַ דע־

פוטאַט אין דער דריטער און פערטער, דאָס הייסט, לעצטער דומאַ).
מיר האָבן געהאַט אין דער לעצטער דומאַ נאָך צוויי יידישע דעפּו־
טאַטן — ד״ר בארמאש פון לאָדזש און ד״ר הורוויטש פון ליבוי.
דאָס זענען געווען מער אָדער ווייניקער „גליקלעכע צופאַלן״, מיטן
אויסנאַם פון די פּוילישע, וועלכע זענען אַליין געווען אין אַן אַב־
סאָלוטער אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג, אָבער זיי האָבן זיך גע־
האַלטן פולשטענדיק אָפּגעזונדערט און איזאָלירט פון די אַנדערע
אָפּאָזיציאָנעלע גרופּירונגען, זענען די באַלטישע לענדער מיט אַן
איינגעזעסענער ניט־גרויסער יידישער באַפעלקערונג, געווען פאַר
אונדז ממש אַן אָפּרו־פּלאַץ...

די דערמאָנונג פון „ניו־יאָרק טיימס״ וועגן דער רוסיפיקאַטאָ־
רישער פּאָליטיק פון קרעמל איז געקומען מסתמא אין שייכות
מיט פּרעזידענט ניקסאָנס באַזוך אין מאָסקווע. דער אַמעריקאַנער
סענאַט האָט קיין מאָל ניט אנערקענט דעם אונטערגרונט פון די
באַלטישע לענדער אין דער רוסישער אימפּעריע, וואָס איז געווען
אַן אַקט פון פאַרכאַפּן אַ פרעמד לאַנד מיט געוואַלד, קעגן דעם
ווילן פון דער באַפעלקערונג. עס איז קלאָר, אַז אויב ניקסאָנס
באַזוך אין מאָסקווע זאָל האָבן אַ זין און אַ געוויסן ווערט, וועלן די
אַלע פּראָבלעמען פון פרייע גרענעצן און פון פולשטענדיקער זיכער־
קייט פאַר די קליינע לענדער פאַרנעמען דעם אויבן־אָן אויפן סדר־
היום. ניט דער רעפערענדום אין פראַנקרייך און אפילו ניט די
מלחמה אין וויעטנאַם וועלן קאָנען ענדערן דעם כאַראַקטער פון
די מאָסקווער געשפּרעכן און פאַרהאַנדלונגען. עס איז מעגלעך, אַז
דאָס הייבט מען איצט אָן צו פאַרשטיין אין קרעמל.

עס קומט אַ צייט פון וויכטיקע באַשלוסן און אפשר פון זייער
וויכטיקע אונטערנעמונגען, וואָס וועלן זיין דירעקט אָדער אומדירעקט
פון גרויסער באַדייטונג פאַר די יידישע אינטערעסן. ניט נאָר די
יידישע עפנטלעכע מיינונג פון מדינת ישראל, נאָר דאָס גאַנצע
וועלט־יידנטום דאַרף נאָכפאָלגן מיט וואַכזאַמקייט און אינטערעס די
קומענדיקע פאַרהאַנדלונגען אין מאָסקווע.

(„לעצטע נייעס״, דעם 7־טן אַפּריל 1972)

# פינג־פאָנג אין פעקין

עס איז זייער אַ קורצער דיסטאַנס צווישן דער רעדע פון מאַר־שאַל גרעטשקאָ אויפן קאָנגרעס אין מאָסקווע און דאָס אָנקומען פון דער אַמעריקאַנער פינג־פאָנג־עקיפּע קיין פּעקין. דער פּאָלי־טישער ספּאָרט איז אָבער היינט אין דער מאָדע און האָט אַ סך צו זאָגן. דער פרילינג אין די אַמעריקאַנער־כינעזישע באַציאונגען איז אָנגעקומען מיט אַ גרויסער פּאַרשפּעקטיקונג, אָבער די נייע דעקלאַראַציע פון דעם סטייט־דעפּאַרטאַמענט אין וואַשינגטאָן וועגן די מאַסיווע וואַפן־ליפערונגען פון סאָוויעט־רוסלאַנד פאַר די אַראַ־בישע לענדער די צווייטע דעקלאַראַציע אין פאַרלויף פון צוויי וואָכן — באַווייזט אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג און באַזונדערס דער פּענטאַגאָן, האַלט די גאַנצע צייט אַן אויג אויף די רוסישע מלחמה־צוגרייטונגען און זיי לאָזן זיך ניט נאַרן פון די בלאָפערישע רוסישע דרשות וועגן אַ גרויסער שלום־קאָנפערענץ. ווייסט עס ניט די סאָ־וויעטישע רעגירונג?

אַ באַקאַנטער מיליטערישער כלל זאָגט, אַז מען הייבט ניט אָן קיין מלחמה ווען עס איז אַ יאָר פון שלעכטער גערעטעניש. היי־יאָר האָט רוסלאַנד אַ וווּנדערבאַרע גערעטעניש, אַזאַ גוטע ווי דאָס לאַנד האָט שוין ניט געהאַט צענדליגער יאָרן. דאָס איז אַ באַווייז, אַז דער רבונו של עולם אַליין פאַוואָריזירט די עקספּאַנסיע־פּאָליטיק פון דער סאָוויעטישער רעגירונג און גרעטשקאָ דאַרף ניט מורא האָבן פאַר די וואָרענונגען פון וואַשינגטאָן.

דער פרילינג אין די אַמעריקאַניש־כינעזישע באַציאונגען איז אַ

פאַרשפּעטיקטער און קומט נאָך אַ לאַנגן און שווערן ווינטער. אָבער די פאַרהאַנדלונגען צווישן די צוויי לענדער, וואָס פלעגן פאָרקומען יעדע פאָר חדשים אין וואַרשע און זענען פּלוצעם אָפּגעשטעלט געוואָרן, גייען מסתמא אָן אין אַן אַנדער פּלאַץ, ווו דער קלימאַט איז אַ ביסל אַ געזונטערער ווי אין דעם רוסישן פּראָטעקטאָראַט ביי דער ווייסל. די פאַרהאַנדלונגען זענען ניט איבערגעריסן געוואָרן כאָטש איבערגעריסן זענען אַלע באַציאונגען צווישן כינע און רוסלאַנד. געשען איז דאָס נאָך דעם ווי כינע האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן אין דעם מאָסקווער קאָנגרעס און האָט באַגלייט דעם אָפּזאָג מיט אַ שאַרפער, פּיינטלעכער פּרעסע־קאָנפערענץ קעגן די רוסישע פּרעטענסיעס.

אין מאָסקווע האָט מען זיכער ניט דערוואַרט, אַז נאָך די שאַרפע וואָרט־אַטאַקעס מצד פּעקין וועלן תיכף ומיד קומען מעשים, קאָנקרעטע אַקטן מצד אַמעריקע און כינע. דער זומער קומט אָן און אַלע צדדים דאַרפן זיין גרייט. ווען מיר זאָגן „אַלע" מיינען מיר אויך דעם יידישן צד. איין פאַלשער טריט, איין מאָל איבערכאַפּן די מאָס, קאָן האָבן זייער שווערע קאָנסעקווענצן, קאָן זיין אונטער געוויסע אומשטענדן, ווי מען זאָגט, פאַטאַל, קאַטאַסטראָפאַל...

ניט אין גאַנצן אומדערוואַרטעט איז אין דער זעלבער צייט אויסגעבראָכן אַן ערנסטע דראַמע אין פּאַריז אין שייכות מיט דער רויבערפּאָליטיק פון דער אַלזשירישער רעגירונג. ווי אַלץ וואָס דע־גאָל האָט געטאָן לויט זיין אייגענעם וויסן און געוויסן, אויפבויענדיק דאָס נייע פראַנקרייך אַלס די דאָמינירנדיקע גרויסמאַכט אין אייראָפּע, איז זיין פאַרוואַנדלען דאָס אַלזשירער פּיראַטן־לאַנד אין אַ סוווערענער מלוכה אָפּגעטאָן געוואָרן אַזוי, אַז די גרויסע מיליאַרדן־אינוועסטירונגען פון פראַנקרייך אין אַלזשיר קאָנען היינט באַטראַכט ווערן ווי אויף אייביק פאַרלוירן. אין פּאַריז גייען אפילו אַרום קלאַנגען אַז דער באַרימטער „היסטאָרישער" אָפּמאַך צווישן פראַנקרייך און אַלזשיר אין עוויאַן, איז קיין מאָל פון קיין אַלזשירישע באַפולמעכטיקטע ניט אונטערגעשריבן געוואָרן, און אַז עס עקסיסטירט גאָר ניט קיין דאָקומענט מיט אַן אַלזשירישער אונטערשריפט.

דערוויל האָט זיך געשאַפֿן אַ געגנוג טראַגישע לאַגע, אַז בומע־דיען, דער געוועזענער אָפיציר אין דער פראַנצייזישער אַרמיי און היינט דער „פרעזידענט", ריכטיקער געזאָגט, דער דיקטאַטאָר פון אַלזשיר, דיקטירט זיין ווילן צו פראַנקרייך! אַלזשיר, דאָס טראַדיציאָנעלע פּאָגראָם־לאַנד פאַר יידן, איז איינס פון די ברוטאַלסטע צפון־אַפריקאַנישע לענדער. פראַנקרייך וואָס האָט דערלויבט דע־גאָלן אָנצוהייבן די שפּילעריי מיט די אַראַבער אויפן חשבון פון יידישע אינטערעסן, וועט נאָך האָבן צו זינגען און צו זאָגן. די פראַנצייזיש־אַראַבישע שאַכער־מאַכער־פּאָליטיק שפּילט זיך ס׳רוב אָפּ הינטער די קוליסן. היינטיקע צייטן איז דאָס אַלץ אָבער אַ „סוד פאַר גאַנץ בראָד". דאָס גוטע דערביי פאַר יידן איז וואָס אַ דאַנק אַדאָלף קרעמיע, דעם אַמאָליקן גרויסן מנהיג פון פראַנצייזישן יידנטום און פראַנצייזישער פּאָליטיקער מיט אַ ניט־קלענערן איינפלוס, זענען אַלע אַלזשירער יידן מיט הונדערט יאָר צוריק נאָך דערקלערט גע־וואָרן אַלס פראַנצייזישע בירגער! דערפאַר האָבן זיי געקאָנט אויס־וואַנדערן קיין פראַנקרייך, ווען דע־גאָל האָט געמאַכט פון אַלזשיר אַן אומאָפּהענגיקע מדינה.

פון דער וויטנס קאָן דאָס אַלץ אויסזען ווי עס וואָלט ניט גע־האָט קיין שום שייכות צו דעם אַמעריקאַנער פינג־פּאָנג גאַסט־שפּיל אין פּעקין ווי אויך צו די רוסישע מיליטערישע פּראָוואָקאַציעס אין נאָענטן מזרח. אין דער אמתן האָט עס יאָ אַ שייכות און גאָר אַ גרויסע שייכות. פראַנקרייך איז היינט פּאָליטיש אין גאַנצן איזאָ־לירט. פּאָמפּידו צוזאַמען מיט די עטלעכע משומדים אין זיין רעגי־רונג, ווי שומאַן און דעברע, האָבן ניט די מאַכט און זיכער ניט דעם איינפלוס אין לאַנד גופא און נאָך ווייניקער אין אויסלאַנד. די אַלזשירער העלדן נוצן אויס די לאַגע און ווילן שפּילן אין דעם מיטל־לענדישן ים די ראָל, וואָס פראַנקרייך האָט געשפּילט און פאַרשפּילט...

קיין גרויסער געווינער אין דער געפערלעכער שפּיל מיט די אַראַבישע אַפּעטיטן, ווי דע־גאָל און נאָך אים זיינע יורשים האָבן גערעכנט זיין, וועט פראַנקרייך ניט ווערן.

וואָס שייך אַמעריקע פאַרפאָלגט זי געגעוי די רוסישע פּאָלי־

טיק און טאַקטיק. עס איז אַ פראַגע צי דער קאָמוניסטישער קאָנ־
גרעס אין מאָסקווע און די אַמעריקאַניש־כינעזישע פריינדשאַפט
וועלן אַקטיוויזירן די געפערלעכע רוסישע אַוואַנטורע. דאָס בעסטע
וואָס אַמעריקע האָט געקאָנט טאָן אונטער די אומשטענדן איז צו
דערקלערן ווידער און ווידער, אַז זי פאָלגט נאָך גענוי די רוסישע
מאַכינאַציעס. נאַטירלעך הייסט דאָס אויך, אַז די נאַט"אָ און דער
זעקסטער אַמעריקאַנער פלאָט אין מיטללענדישן ים זענען אינ־
פאָרמירט און היטן אָפּ די פאַרבינדונג.

ווידער די אַראַבישע מלוכה־פירערס האַלטן אין איין קאָנ־
גרעסעוון און באַראַטן זיך וואָס טוט מען מיטן קעניג כוסיין פון
ירדן אָדער מיט אַראַפאַטן פון די פּאַלעסטינעזער? די קעניגלעכע
מאַיעסטעטן פון סאַוד־אַראַביע און ירדן האָבן מורא פאַר די אומ־
גליקלעכע פּליטים ווי פאַרן טויט. נאָך מער האָבן זיי מורא פאַר
דער רוסישער אַרמיי. דערפאַר האָט די רוסישע אַרמיי ניט קיין
מורא אַריינצודרינגען וואָס טיפער אין דעם דזשונגל פון די אַראַ־
בישע ברידער. אין דעם מוטנעם וואַסער, מיינען די רוסישע סטראַ־
טעגן, איז גרינגער צו כאַפּן פיש. און זיי טוען זייערס: וואָס מער
וואָפן, וואָס מער טעכניקער און ראַטגעבער און וואָס מער דרשות
וועגן שלום אויף דער גאַנצער וועלט... דאָס מיינט ניט אַמעריקע
און דאָס מיינט אויך ניט דאָס קאָמוניסטישע כינע.

אַלע צדדים פאַראינטערעסירטע אין דעם סועץ־קאַנאַל, אפילו
מדינת ישראל, זענען מסכים, אַז מען דאַרף דעם קאַנאַל וואָס
גיכער עפענען פאַר אינטערנאַציאָנאַלער נאַוויגאַציע, כאָטש אַלע
ווייסן אַז עס וועט דאַרפן נעמען אַ גרויסע צייט ביז דער קאַנאַל
וועט קאָנען צוריקגעפירט ווערן צום געהעריקן טעכנישן מצב, אַז
די נאַוויגאַציע זאָל קאָנען פאָרקומען. אויף דער פראַגע וואָס אַ
זשורנאַליסט האָט געשטעלט אַ זייער דערפאַרענעם דיפּלאָמאַט,
פאַר וואָס מען איילט זיך אַזוי מיט דעם עפענען דעם קאַנאַל, ווען
דער שלום אַרום דעם קאַנאַל איז נאָך ניט געזיכערט? — האָט
דער עלטערער מאַן צוערשט געשוויגן און נאָך דעם אַ ביסל איריי־
טירט גאַנץ ערנסט געענטפערט:

— כדי צו קאָנען דעם קאַנאַל ווידער פאַרמאַכן... פאַר־שטאַנען?

אַרום דעם סועץ־קאַנאַל זענען פאַראַן הונדערט בעלנים און יעדער צוליב זיינע אייגענע אינטערעסן. דער וויכטיקסטער פאַר־אינטערעסירטער איז נאַטירלעך סאָוויעט־רוסלאַנד. די פאַרהאַנד־לונגען וועגן דעם סועץ־קאַנאַל און דער אַמעריקאַניש־כינעזישער פינג־פאָנג־שפּיל וועלן ניט שטימען מיט דעם חשבון פון קרעמל; די פּערספּעקטיוון ענדערן זיך. אַלץ וועט דעריבער זיין אָפּהענגיק פון דעם צי די סאָוויעטישע רעגירונג וועט וועלן ריכטיק אָפּשאַצן די געשאַפענע לאַגע און צי זי איז גרייט צו רעכענען זיך מיט די וואָרענונגען...

(„לעצטע נייעס״, דעם 25־טן אַפּריל 1971)

# מען באַצאָלט אָדער ניט?

## (די אינטערנאַציאָנאַלע לייבאָר־ביוראָ ביי די פאַראייניקטע פעלקער, אָנ"ו)

עס איז איינע פון די גרויסע מאָדערנע פּאָליטישע מיסטעריעס די געשיכטע מיט דעם קאָנפליקט צווישן דער רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן און דעם „אינטערנעשאָנאַל לייבאָר־אָפיס". אַמעריקע זאָל ניט וועלן באַצאָלן דעם חוב פאַר איר מיטגלידער־שאַפט אין דער וויכטיקער אינטערנאַציאָנאַלער לייבאָר־אָרגאַני־זאַציע? אַמעריקע זאָל ניט וועלן ווייטער באַטייליקן זיך אין דער אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע און צאָלן ווייטער איר חלק אין דעם בודזשעט, וואָס איז, ווי אין אַ סך אַנדערע פאַלן, ווי צום ביישפּיל אין דעם בודזשעט פון דער אָנ"ו, אַ היפּש ביסל גרעסער ווי זי האָט געזאָלט צאָלן לויט איר פּראָפּאָרץ? אַזעלכע אָנ־קלאַגעס, אין דער צייט ווען אַן אָרגאַניזירטע אַנטי־אַמעריקאַני־שע קאַמפּאַניע אין גאַנץ אייראָפּע איז „אַ לאַ מאָד", ווערן איצט צעלייגט אויף אַ סך טעלערלעך און פאַרשפּרייט. ווער עס גלויבט נאָר אין גאָט, רויטע און שוואַרצע און ווייסע אָרגאַני־זאַציעס פון כל המינים, בעטן אַמעריקאַנער הילף און באַקו־מען דאָלאַרן, אָבער אין דעם פאַל פונעם „אינטערנעשאָנאַל לייי־באָר אָפיס" האָט זיך עפּעס פאַרהאַקט און אָנקל סעם, דער רייי־כער פּאַטראָן און פילאַנטראָפּ, זאָל זיך האָבן אָפּגעזאָגט צו באַ־צאָלן אַ חוב! איז דאָס מעגלעך? איז דאָ ניט אַ געמיש פון בלאָ־פעריי און בייזוויליקן ליגן, צוזאַמען מיט אַ פּלאַן צו דיסקרעדי־

טירן די אַמעריקאַנער רעגירונג, די אָנ״ו און די אינטערנאַציאָנאַלע לייבאָר־אָרגאַניזאַציע ?

דער שרייבער פון די שורות קען די אָרגאַניזאַציע פון די צייטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען איר צענטער איז געווען אין אַ באַשיידענער ווילע אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, מיט אַ סטעף פון אַ פּאָר צענדלינג איבערגעגעבענע מיטאַרבעטער, וועלכע האָבן ערנסט געפּאָרשט די אומפאַרמיידלעכע קאָנסעקווענצן פון די גרויסע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע ענדערונגען נאָך דעם גרויסן חורבן אין דער וועלט. גראָד אין דער צייט, ווען עס איז נאָך ניט געווען אין גאַנצן קלאָר, אין וואָס פאַר אַ פאָרעם עס וועט זיך אַנטוויקלען די אַקטיוויטעט פון דער אָרגאַניזאַציע, האָב איך געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן אין קאַנאַדע דעם אָנהייב פון דער „אָרט״־אַרבעט. מיר האָבן געבויט אַ גרויסע טעכנישע שולע פאַר הונדערט און זעכציק סטודענטן אין מאָנט־רעאָל און מיר האָבן באַקומען אומזיסט פון דער קאַנאַדער רעגי־רונג אַלערליי איינריכטונגען אין ווערט פון אַ הונדערט טויזנט דאָלאַר, מאַשינען וואָס מען האָט אפילו פאַר געלט ניט געקאָנט קריגן און, ווי אין אַלע „אָרט״־שולן, געהאַלטן זי אָפן פאַר יידן און ניט־יידן.

אונדזער אויפגאַבע איז געווען די אייגענע ווי פון דער „לייבאָר־אָפיס״, לערנען, טרענירן אַרבעטער, פערפעקציאָנירן די טעכנישע קענטענישן פון אַרבעטער. דער אונטערשיד צווישן די צוויי אָרגאַניזאַציעס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מיר האָבן געוווסט וואָס מיר ווילן נאָך אונדזער גרויסן חורבן און מיר האָבן געקענט די מלאכה אַרבעטנדיק אין אַ סך לענדער. דער לייבאָר־אָפיס האָט ערשט זיך געגרייט.

עס גייען אַוועק נאָר עטלעכע יאָר, אָדער אַ צען יאָר, און דאָס גאַנצע בילד ענדערט זיך: דער אינטערנאַציאָנאַלער לייבאָר־אָפיס אין זשענעווע, ס׳איז אַ ריזיקע אָרגאַניזאַציע מיט אַ דירעק־טאָר אין דער שפּיץ, מר. מאָרס (מאָסקאָוויטש, אַ ייד), מיט הונ־דערטער און הונדערטער באַאַמטע. די צאָל באַאַמטע וואַקסט, אַכט הונדערט, ניין הונדערט, טויזנט, טויזנט צוויי הונדערט...

מר. מאָרס טאַנצט אַרום די אָנ״ו אין ניו־יאָרק, יעדן יאָר קומט פאָר אַ קאָנוועגשאָן אין דער געביידע פון דער אָנ״ו אין זשענעווע. אַ כוואַליע מיט פריש געדרוקטער ליטעראַטור ווערט געדרוקט יעדן יאָר. צו דער קאָנווענשאָן קומען יערלעך טויזנטער דעלעגאַטן פון אַלע טיילן פון דער וועלט: מיניסטאָרן, דירעק־טאָרן, אַפריקאַנער, אַזיאַטן און אַ גרויסע סאָוויעטישע דעלעגאַציע. סאָוויעט־רוסלאַנד בויט אַ הויז ניט ווייט פון דעם ריזיקן אָנ״ו־בנין. מר. מאָרס האַלט פאַר נייטיק צו באַזוכן ווידער און ווידער דעם וואַטיקאַן. סוף כל סוף ווערט אַראַנזשירט אַ באַזוך פונעם פויפסט אין זשענעווע. אַלץ ווערט געטאָן מיט אַ ברייטער האַנט. מר. מאָרס אַראַנזשירט אַן „אינסטיטוט״ פאַר אַרבעטס־פּראָבלע־מען, מען אַרבעט אויס פּראָיעקטן פון אַ ספּעציעלער געזעץ־געבונג.

דער שרייבער פון די שורות רעדט דאָ אין זיין אייגענעם נאָמען, ניט אינעם נאָמען פון אַן אָרגאַניזאַציע און האָט געענוג דערפאַרונג צוליב דער אַרבעט מיט פאַך־אויסבילדונג אין פאַר־לויף פון אַ האַלבן יאָרהונדערט. נאַטירלעך קאָן איך ניט פאַר־געסן דאָס וואָס ס׳איז געשען אינעם לאַנד ווו דער „אָרט״ איז געבוירן געוואָרן, — אין יאָר 1880 — און איז בשעת דעם גרויסן רוסישן חורבן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרניכטעט גע־וואָרן. אין יאָר 1928 האָט די סאָוויעטן־רעגירונג (דער מיניסטער מיקאָיאַן) אונטערגעשריבן מיט דעם „אָרט״־וועלט־פאַרבאַנד (ד״ר א. סינגאַלאָווסקי) אַן אָפּמאַך אויף צען יאָר אַרבעט אין סאָוויעט־רוסלאַנד, נאַטירלעך אונטער אַ קאָנטראָל פון דער סאָוויעטן־רע־גירונג. פּונקט אין צען יאָר אַרום (1938) האָט די סאָוויעטן־רעגי־רונג ליקווידירט דעם אָרט״ אָן שום דערקלערונגען. מען האָט אַריינגעזעצט אין געפענגעניש די פאַרוואַלטונג צוזאַמען מיטן די־רעקטאָר צעגעלניצקי, אַן אַלטער „אָרט״־טוער. קיינער פון זיי האָט מער ניט געזען די ליכטיקע וועלט. אין דער סאָוויעטישער מלוכה־באַנק איז געבליבן אַ גרויסע סומע „אָרט״־געלט, קיינע אָנפראַגן און קיינע בקשות וועגן די סיבות פון דעם פּאָגראָם האָבן ניט געהאָלפן. קיין דערקלערונג, קיין דיאַלאָג, קיין אויספאָרשונג... מיט פּאָליטיק האָט דער „אָרט״ קיין מאָל זיך ניט באַשעפטיקט...

מיר ווייסן ניט צי דער „אינטערנאַציאָנאַלער לייבאָר־אָפיס" האָט זיך אינטערעסירט מיטן ענין, מר. מאָרס איז אפשר גראָד אין דער צייט געווען פאַרנומען מיט אַ באַזוך אין וואַטיקאַן אָדער מיט דער מאָסקווער דעלעגאַציע אין זשענעווע. וואָס מיר ווייסן יאָ איז, אַז מר. מאָרס האָט ביי יעדער געלעגנהייט דערקלערט, אַז דער „אָרט" איז אַ מוסטערהאַפטע אָרגאַניזאַציע און טוט גוטע אַרבעט. אָסור, צי דער „אָרט" האָט ווען עס איז געקאָנט זאָגן דאָס אייגענע וועגן דעם „אינטערנאַציאָנאַלן לייבאָר־אָפיס". דער שרייבער פון די שורות האָט אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן נאָכ־געפאָלגט אויפמערקזאַם די אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע וואָס האָט אָפּגעקאָסט שווערע צענדליגער מיליאָנען דאָלאַרן און גע־טראָפן אַ היפש ביסל מיטאַרבעטער אירע, דאָס רוב פון וועלכע איז באַשטאַנען פון קאָמפּלעטע איגנאָראַנטן, וואָס האָבן ניט גע־ווּסט וואָס איז אַזוינס „טעקניקאַל אַסיסטאַנס" אָדער „טעקניקאַל גיידאַנס" אָדער „וואָקיישאָנאַל עדיוקיישאָן", אַלץ די סאַמע מאָדנע טערמינאָלאָגיע. דער „אָרט" האָט געהערט אַ סך לויבגעזאַנגען פון מר. מאָרס, אָבער קיין גראָשן הילף ניט באַקומען. מיר האָבן נאָר געקוקט אויף דער קאָמעדיע וואָס ווערט געשפּילט מיט אַנ־דערטהאַלב טויזנט גרעסערע און קלענערע באַאַמטע... ס׳רוב ניט קיין פאַכלייט...

***

נאַטירלעך, מיין מיינונג איז אַ פּריוואַטע מיינונג, אָבער פון אַ פּערסאָן, וועלכע איז באַהאַוונט אין די פּראָבלעמען. איך באַזוך יעדעס יאָר די קאָנווענשאָן פון דער אָרגאַניזאַציע, פאַרברענג ס׳רוב אין דער לאָבי, וואָס איז אָנגעפּאַקט מיט דעם אַפריקאַנישן המון, אַלץ געניסערס פון דער ברייטהאַרציקער אַקטיוויטעט פונעם „לייבאָר־אָפיס". עס איז אַ יאַריד, אַ יום־טוב. אַרבעטס־מיניס־טאָרן קומען כדי צו האַלטן דרשות. עס קומט אויף אַ באַזוך מיני, דער פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער פעדערישאָן אָוו לייבאָר. דאָ טרעפן מיר די דענישע, די שוועדישע און די נאָרוועגישע יוניאָן־פירערס, וועלכע זינגען ניט קיין לויבגעזאַנגען פאַר דעם „אָרט",

אָבער העלפֿן אונדז מיט אַ ברייטער האַנט, נעמען אָנטייל אין אונדזער אַרבעט.

די סאָוויעטישע דעלעגאַציעס זענען קיין מאָל ניט געווען קיין פֿרייע אַרבעטער־דעלעגאַציעס און זענען עס איצט ניט. פֿאַרוואָס מען האָט באַשטימט אַ סאָוויעטן־מאַן פֿאַר אַ געהילף פֿון דעם גע־נעראַל־סעקרעטאַר קאָן קיין מענטש ניט פֿאַרשטיין. איז דאָס אַ דאַנק פֿאַר דעם וואָס פֿאַקטיש האָט דער אַרבעטער אין סאָוויעטן־רוסלאַנד קיין שום ספּעציעלע רעכט און קיין שום פּריווילעגיעס? די סאָוויעטן־רעגירונג האָט זיך באַזעצט אין דער שווייץ, אין זשענעווע און אין ציריך, ווי ביי זיך אין דער היים. עס איז אַ גרויסע אַגענטור, אַ סאָוויעטישע אַגענטור. אַזוי לאַנג ווי די אַגענטור איז געווען פֿאַרטראָטן אין דעם „אינטערנעשאָנאַל לייבאָר־אָפֿיס" מיט אַ גרויסער דעלעגאַציע איז אַלץ כלומרשט גע־ווען אין אָרדענונג, אָבער ווען די אָרגאַניזאַציע פֿונעם „לייבאָר־אָפֿיס" באַקומט נאָך דערצו אַ סאָוויעט־מאַן אַלס וויצע־דירעקטאָר איז דאָס דאָס אייגענע ווי אַ דירעקטאָר. עס איז מער ווי אַ שפּיל מיט ווערטער, עס איז אַ שפּיל מיט פּאָליטיק. דער קאָנפֿליקט איז ניט געקומען פּלוצלינג און אומדערוואַרט. דער קאָנפֿליקט האָט געמוזט קומען, ווייל ער איז אונטער די אומשטענדן אידעאָ־לאָגיש געוואָרן אומפֿאַרמיידלעך. צו וואָס זאָל מען זיך אַמפּערן צוליב ווערטער, ווען דער ענין איז אַבסאָלוט קלאָר. די פֿאַראיי־ניקטע שטאַטן קאָנען ניט פֿאַרלאַנגען, אַז דאָס פּראָבלעם פֿון קאַפּיטאַל און אַרבעט אין סאָוויעטן־רוסלאַנד זאָל רעגולירט ווערן ווי עס געפֿעלט זיי, די אַמעריקאַנער, אָבער זיי זענען באַרעכטיקט ניט מסכים צו זיין אויף איבערגעבן אַן אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַ־ניזאַציע אין די הענט פֿון אַ באָלשעוויסטישער אַגענטור.

האָט דער ענגלענדער, דער דירעקטאָר פֿונעם „אָפֿיס", ניט געוווסט, באַשטימענדיק אַ סאָוויעטישן וויצע־דירעקטאָר, אַז ער פּראָוואָצירט אַ גרויסן קאָנפֿליקט? האָט מאָרס, פֿאַרלאָזנדיק דעם פּאָסטן, ניט געוווסט אַז זיין נאָכפֿאָלגער גייט באַשטימען אַ סאָוויעט־מאַן אַלס זיין וויצע־דירעקטאָר? פֿאַרוואָס האָט ער ניט צוגע־

גרייט אויך אַ מאַן פון וואַטיקאַן אויף אַ צווייטן פּאָסטן? עס איז הפקר־דעמאָקראַטיע!...

די ענטפערס אויף די פראַגן זענען וויכטיק. ניט מר. מאָרס און ניט זיין נאָכפאָלגער האָבן ניט געהאַט קיין רעכט צו פּראָוואָ־צירן דעם קאָנפליקט, וואָס קאָן אויפרייסן די אינסטיטוציע, דער־פירן זי צו אַ פולשטענדיקן צוזאַמענברוך. אַזוי ווי די „אונעסקאָ", אַזוי ווי די „פּאַאָ" איז דער „אינטערנאַציאָנאַלער לייבאָר־אָפיס" געגרינדעט געוואָרן אַלס אַ ספּעציעלע אַגענטור פאַר אַרבעטס־פּראָבלעמען, פאַר סטימולירן טעכנישן פּראָגרעס, זיכערקייט און פאַרבעסערטע אַרבעטס־מעטאָדן, דאָס אַלץ אָן פּאָליטיק און פּאָלי־טישע קאָמפּליקאַציעס. אַריינפלאָנטערן דעם וואַטיקאַן און די סאָ־וויעט־אידעאָלאָגיע הייסט אין דעם פאַל אונטערגראָבן דעם יסוד פון דער אָרגאַניזאַציע, עלימינירן דעם הויפּט־צוועק צוליב וועלכן די אינסטיטוציע איז געגרינדעט געוואָרן. מער פון אַלץ זענען אַר־בעטס־פּראָבלעמען פאַרשידן אין קאָמוניסטישע לענדער און ניט־קאָמוניסטישע, וועלכע זענען כמעט שטענדיק אַנטי־קאָמוניסטישע. איז דאָך היינט גאַנץ קלאָר, אַז צוליב פּאָליטיק און פּאָליטישע די־פערענצן, האָט דער פעלקערבונד, דאָס הייסט, די אָנ"ו, פאַרלוירן זיין איינפלוס, זיין באַדייטונג און וועלכן עס איז ווערט. מיט רעכט אָדער מיט אומרעכט איז די סאָוויעטישע דעלעגאַציע אין דער אָנ"ו פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטער פון פּאָליטישן קאַמף, פון „פּראָ" און „קאָנטראַ" אָנשטאָט צו זיין אַן עלעמענט פון פאַר־שטענדיקונג און אויסגלייכן פון קאָנפליקטן.

ווי אומעטום ווו סאָוויעטן־רוסלאַנד פאַרנעמט אַן ערנסטן פּלאַץ, ווערט אויך דאָ געפירט אַן אינטענסיווע אַנטי־אַמעריקאַנישע קאַמפּאַניע. איז ניט קיין וווּנדער וואָס אַמעריקע וויל ניט מיט אירע גרויסע געלט־בייטראָגן שטיצן די קאַמפּאַניע קעגן אַמעריקע. דער „אינטערנאַציאָנאַלער לייבאָר־אָפיס" דאַרף זיך באַפרייען פון פּאָליטישע קאַמפּאַניעס כדי ער זאָל ווייטער קאָנען עקסיסטירן...

(„דער וועקער", נאָוועמבער 1972)

# קאָרן פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד

צוערשט אַ פּאָר אויטאָביאָגראַפישע דאַטעס וועגן דעם יחוס פון דעם שרייבער פון די שורות, וואָס זענען נייטיק פאַר דעם באַנעמען דעם ענין פון דעם היינטיקן קאָלאָסאַלן איינקויף פון ווייצן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע און פראַנקרייך פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד אין די קומענדיקע עטלעכע יאָר. עס איז די גרעסטע סענסאַציע צווישן די היינטיקע סענסאַציאָנעלע וועלט־געשעענישן: ווייץ פאַר רוסלאַנד !...

איך בין געבוירן אין אַ קליינעם קאָזאַק־שטעטל טעמריוק, אין צפון־קאַווקאַז, אין דער קובאַנסקאַיאַ אָבלאַסט, ווו די הויפּט־שטאָט האָט געהייסן יעקאַטערינאָדאַר, היינט קראַסנאָדאַר. די גאַנצע געגנט איז געווען פאַרבאָטן פאַר יידן, אָבער די פּאָר יידן, זייער ווייניק, וואָס האָבן געלעבט דאָרט בשעת רוסלאַנד האָט פאַרכאַפּט קאַווקאַז, האָט מען דערלויבט צו פאַרבלייבן.

ווען איך בין נאָך ניט געווען קיין צען יאָר אַלט האָט די משפחה אויסגעוואַנדערט אין דער קרים, אין דער זייער באַקאַנטער שטאָט קערטש, אַן אַלטע טערקישע פעסטונג ביים ים, ווו דער אַזאָוו־ים פאַראייניקט זיך מיט דעם ריזיקן שוואַרצן ים, ניט זייער ווייט פון סימפעראָפּאָל, סעוואַסטאָפּאָל און יאַלטאַ. אויפן וועג פון טעמריוק קיין קערטש פאָרט מען פאַרביי דעם מיס־טעריעזן רויבער־נעסט „טאַמאַן”. אונטער דעם נאָמען האָט דער גרויסער רוסישער דיכטער לערמאָנטאָוו אָנגעשריבן אַ באַרימטע נאָוועלע, אַן אמתע פּערל אין דער רוסישער ליטעראַטור. ווען

מיר פלעגן אַלס קינדער הערן דעם נאָמען טאַמאַן פלעגן מיר אויפציטערן.

די שטאָט קערטש איז אַמאָל, מיט אַ פּאָר טויזנט יאָר צוריק, געווען אַ רוימישע קאָלאָניע מיט אַ זייער גרויסן פּאַרקער. בכלל מיט אַ סך ראָמאַנטיק און מיט אַ זייער געמישטער באַפעלקערונג: אַרמעניער, גריכן, בולגאַרן, טערקן, רוסן און אַ גאַנץ גרויסער צאָל יידן און יידישע שולן *).

אויך אין היינטיקע צייטן איז אין דער שטאָט געווען גענוג ראָמאַנטיק, רוסישע ראָמאַנטיק. די גימנאַזיע, אַן אַלט־מאָדישע רוסישע גימנאַזיע מיט אַ ברייטן גריכישן און לאַטייניש פּראָגראַם, ווו איך האָב זיך געלערנט, האָט געענדיקט דער באַרימטער רוסי־שער רעוואָלוציאָנער זשעליאַבאָוו, געהאָנגען פאַר דער באַטייליקונג אין דעם מאָרד פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. זשעליאַבאָוו איז אַ הייליקער נאָמען אין דער געשיכטע פון דער רוסישער רע־וואָלוציע. אין דער שטאָט האָט געלעבט די יידישע משפחה גינז־בורג, צו וועלכער עס האָט געהערט די באַרימטע רעוואָלוציאָנערין סאָפיאַ גינזבורג, וועלכע האָט זיך באַטייליקט אין דעם פאַרזוך אומצוברענגען דעם צוג אין וועלכן ס'איז געפאָרן אַלעקסאַנדער דער דריטער. דער צוג האָט געהאַט אַ קאַטאַסטראָפע — אויף דער סטאַנציע באָרקי — אָבער דער צאַר און זיין פאַמיליע האָבן זיך געראַטעוועט. סאָפיאַ גינזבורג איז אַ סך יאָרן געזעסן אין דער שליסלבורגער פעסטונג, ביז זי האָט זיך באַגאָסן מיט נאַפט פון דעם קליינעם לעמפעלע און זיך אונטערגעצונדן. זי איז פאַרברענט געוואָרן...

איך וואָלט געקאָנט אָנגיין זייער לאַנג מיט דער „רוסישער ראָמאַנטיק" פון דעם מין, אָבער פאַר מיין הויפּט־צוועק איז גענוג נאָר צוצוגעבן, אַז אַזוי ווי גאַנץ דרום־רוסלאַנד איז דער טייל

---

*) בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן די דייטשן אויסגעמאָרדעט ביז צען טויזנט יידן.

אַן אמתער גן־עדן, זומער און ווינטער, אויפן וואַסער און אויפן לאַנד...

**
*

בייטאָג און ביינאַכט, זומער און ווינטער, האָט מען געקאָנט פאַרברענגען אין דעם גרויסן פּאָרט פון קערטש און אָבסערווירן דאָס פאַסצינירנדיקע בילד פון די גרויסע קאַרגאָ־שיפן אָנגעלאָדן מיט ווייץ באַוועגן זיך פון דעם אַזאָוו־ים אינעם שוואַרצן ים, אין דער ריכטונג פון דעם באָספּאָרוס און מיטללענדישן ים. עס איז געווען שווער צו פאַרשטיין וואָס פאַר אַ מאַסן ווייצן ס׳ווערט פּראָדוצירט אין דעם טייל פון רוסלאַנד און עקספּאָרטירט דורך די שיפן. די הויפּט־פירמע פאַר דעם איינקויף און עקספּאָרט פון דעם הערלעכן קאָרן איז געווען לואי דרייפוס אין פראַנקרייך. דער קאָרן האָט געהאָדעוועט מסתמא האַלב מערב־איראָפּע. אין אונדזער שטאָט גופא זענען געווען גרויסע לאַגערן מיט ווייצן, ביז אין זעק נאָר אָנגעשאָטן אין מאַסן.

אַרום דעם עקספּאָרט פון דעם רוסישן ווייץ זענען געווען פאַרשפּרייט אַלערליי לעגענדעס, ווי אַזוי ים־פּיראַטן און רויבערס פלעגן אין אַלטע צייטן באַפאַלן די שיפן און אויסרויבן זיי. דאָס זאָלן געווען זיין הויפּטזאַכלעך גריכן און אין אונדזער שטאָט זענען געווען זייער רייכע גריכן, די „אַריסטאָקראַטיע" און לוקסוס־פּאַלאַצן. מען פלעגט זיי זעלטן זען, די יורשים פון די אַמאָליקע ים־פּיראַטן, אין טייערע קאַרעטעס, מיט איינגעשפּאַנטע ווונדערבאַרע אַראַבישע פערד. מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב שטודירט אין בערלין אַגראָנאָמיע, האָב איך איין זומער געאַרבעט — צוליב פּראַקטיק — אויף אַזאַ גריכישן מאַיאָנטעק, וואָס איז געווען עטלעכע טויזנט דעסיאַטינעס גרויס. אויף דעם ריזיקן מאַיאָנטעק זענען געלעגן צעוואָרפן עטלעכע אָרעמע דערפער. עס איז געווען די צייט פון שניידן דעם ווייץ און אויך די צייט פון אַקערן נייע פעלדער, וועלכע האָבן זיך „אָפּגערוט" אַ פּאָר סעזאָנען און ניט געווען פאַרזייט. פאַרן שניט פלעגט מען ברענגען הונדערטער פויערים פון צענטראַל־רוסלאַנד. צופוס פלעגן זיי קו־

מען עטלעכע הונדערט מײלן און אַרבעטן װי שקלאַפֿן. פֿאַר דעם אַקערן האָט מען באַנוצט די אײגענע פּױערים און די טײערסטע פּלוגן מיט פֿיר אָדער זעקס פּאָר אָקסן אײנגעשפּאַנט.

סוף כל סוף בין איך פּשוט אַנטלאָפֿן פֿון דעם מאַיאָנטעק, ניט געקאָנט אױסהאַלטן פֿון די הערשנדע אומשטענדן, פֿון דעם אָפֿענעם רױב און גזילה...

עס איז געװען די עפּאָכע װען די אַגראַר־פֿראַגע האָט שטאַרק פֿאַרכאַפּט דעם אינטערעס פֿון אַלע אינטעלעקטועלע קרײזן, גאַנץ באַזונדערס די רוסישע אַגראַר־פֿראַגע. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טעאָרעטיקערס, די אור־מאַרקסיסטן, האָבן געלײגט דאָס גרעסטע געװיכט אױף דעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט, הגם די רוסי־שע עקאָנאָמיע איז נאָך געװען װײט פֿון אַן אמתער אינדוסטריאַ־ליזאַציע. די סאָציאַליסטן רעװאָלוציאָנערן האָבן ריכטיק באַטראַכט דאָס רוסישע פּױערטום אַלס דאָס צענטראַלע פּראָבלעם, װײל רוס־לאַנד איז געװען אַן אױסגעשפּראָכן אַגראַר־לאַנד. אָבער דאָס רו־סישע פּױערטום איז געװען אָפּגעשטאַנען, פֿאַראָרעמט, דעמאָראַ־ליזירט. מאַסן פֿונעם רוסישן פּױערטום, קורץ פֿאַר זײער באַפֿרײ־אונג אין 1861 פֿון שקלאַפֿערײ, זענען אַנטלאָפֿן פֿון זײערע בעלי־בתּים אין די װעלדער און געלעבט פֿון רױב. דער פֿאָטער פֿון אײ־נעם פֿון רוסלאַנדס גרעסטע שרײבערס, דאָסטאָיעװסקי, איז געװען אַ מיליטערישער דאָקטאָר. ער האָט געהאַט אַ קלײנעם מאַיאָנטעק אױפֿן לאַנד און אַ צאָל פּױערים. ער איז ניט געװען קײן גרױסער דאָקטאָר, אָבער ניט קײן קלײנער שיכּור. ער איז געװען אַזױ ברוטאַל מיט זײנע פּױערים, אַז זײ האָבן מער ניט געקאָנט אױס־האַלטן: זײ האָבן אים דערהרגעט...

דער צופֿאַל האָט געװאָלט, אַז איך זאָל האָבן אַ סך צו טאָן מיט דער רוסישער אַגראַר־פֿראַגע און מיט דעם פּראָבלעם פֿון אַגריקולטור בײ ײדן**), בײם פֿאַרענדיקן די „לאַנדװירטשאַפֿט־

---

**) אין דעם דריטן באַנד פֿון דער גרױסער ײדישער ענציקלאָפּעדיע אױף רוסיש איז געדרוקט אַ גרױסע אַרבעט פֿון דעם מחבר װעגן דער לאַגע פֿון די ײדישע קאָלאָניעס אין דרום־רוסלאַנד.

לעכע האַכשולע״ אין בערלין איז מיין לעצטע עקזאַמען־טעזע גע־
ווען די גרונד־יסודות פונעם רוסישן געמיינשאַפטלעכן ערד־באַזיץ,
אויף רוסיש: „מיר״. מיין פּראָפעסאָר, וועמענס נאָמען איך האָב
פאַרגעסן — עס איז געווען מיט קנאַפּע זיבן און זעכציק יאָר צו־
ריק — איז געווען אַ גרויסער עקאָנאָמיסט און אַ מחבר פון וויכ־
טיקע ווערק וועגן גרויס־גרונט־באַזיץ. ער איז געווען שטאַרק אי־
ריטירט וואָס איך האָב אויסגעקליבן אַזאַ גליטשיקע טעמע, אָבער
האָט עס פאָרט אַקצעפּטירט.

דער רוסישער „מיר״ איז געווען אַ מין פּריוואַטע פאָרעם
פון קאָמוניזם, אַ געמיינשאַפטלעכער ערד־באַזיץ פונעם דאָרף,
וואָס מען האָט יעדעס יאָר געטיילט צווישן די פּויערים, אָבער די
ערד האָט געהערט דעם דאָרף.

די ערשטע מערדערישע אַטאַקע אויף דעם „מיר״ האָט דורכ־
געפירט סטאָליפּין, דער פּרעמיער־מיניסטער, שפּעטער דערשאָסן
געוואָרן אין קיעוו פאַר די אויגן פון ניקאָלאַי דעם צווייטן, פון
דעם רעוואָלוציאָנער באָגראָוו (אַ ייד), וועלכער איז אין דער איי־
גענער צייט געווען אַן אַגענט פון דער געהיימער פּאָליציי (אָכראַנע).
די אידעע איז געווען, אַז די פּויערים וועלן בעסער אַרבעטן און
מער פּראָדוצירן אויב זיי וויסן אַז דאָס שטיקל ערד איז זייער
אייגנטום. אָבער די פּויערים האָבן ניט געוואָלט ווערן קיין אייגנ־
טימער, זיי האָבן ניט געוואָלט אַקצעפּטירן דאָס נייע געזעץ און
האָבן רעוואָלטירט. מען האָט איינגעפירט פעלד־געריכטן, מען האָט
געשאָסן, מען האָט געהרגעט. ס׳איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע מצד
דער רעגירונג. איינער פון די ערשטע קרבנות איז געווען סטאָ־
ליפּין אַליין.

אָבער דאָס וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט ניט דערגרייכט
האָבן די באָלשעוויקעס דורכגעפירט: זיי האָבן פאַרניכטעט דעם
„מיר״, די קאָמוניסטן האָבן צו נישט געמאַכט — אפשר אויף
שטענדיק — די רוסישע אַגריקולטור. ווען פאַרשווינען ווי כרוש־
טשעוו, איגנאָראַנטן, און ברוטאַלע אונטערוועלט־מענטשן ווי דזשו־
גאַשווילי־סטאַלין, אַ געבוירענער מערדער, נעמען זיך פאַרענט־

פערן אַ סאָציאַלע פּראָבלעם פאַר אַ לאַנד מיט הונדערט מיליאָן פּויערים, שפּילן זיך מיט „קאָלכאָזן" („קאָלעקטיוונאָיע כאָזייסטוואָ") און „סאָווכאָזן" („סאָוויעטסקאָיע כאָזייסטוואָ"), „טעאָרעטיקערס" ווי סוסלאָוו און נאָך אַזעלכע חברה־לייט — האָט געמוזט קומען דאָס וואָס ס'איז געקומען. דאָס ריזיקע לאַנד, וואָס האָט געהאַט גענוג קאָרן פאַר גאַנץ אייראָפּע שטייט היינט פאַר אַ הונגער־קאַטאַסטראָפע און די סאָוויעטישע פירערשאַפט פאַרזוכט צו ראַטעווען זיך אַליין מיט איינקויפן מיליאָנען טאָנען ווייץ אין אַמעריקע, אין קאַנאַדע און פראַנקרייך פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד גופא און, ווי עס ווייזט אויס, פאַר אינדיע, וועמען עס דראָט אַ הונגער, און אפשר אויך פאַר אַנדערע פאַרבינדעטע און פאַרקנעכטעטע קליענטן.

איך לייען די אָפיציעלע מעלדונגען אין די צייטונגען וועגן דעם איינקויף פון קאָרן אויפן חשבון פון סאָוויעט־רוסלאַנד און עס לעבן אויף ביי מיר די אומפאַרגעסלעכע בילדער פון די קאָר־גאָ־שיפן מיטן רוסישן קאָרן אויף דעם שוואַרצן ים. דער רוסי־שער פּויער האָט ניט פּראַקטיצירט קיין סאַבאָטאַזש, ער האָט אויך ניט געענדערט דאָס וועטער און דעם קלימאַט פונעם לאַנד. ער האָט נאָר געזאָגט צו דער באַנדע פון די „טעאָרעטיקערס" און אונטערוועלט־מענטשן אין דער ראָלע פון סאָציאַלע רעפאָרמאַטאָרס: שפּילט זיך, אָבער לאָזט מיך אַרויס פון שפּיל, טוט וואָס איר, איר חברה זשוליקעס ווילט, מיר וועלן שוין ווי עס איז באַשטיין אונדזער שטעטל, איידער מיר גייען אויס פון הונגער...

אַגריקולטור, דאָס אַקערן און פאַרזייען די פעלדער, דער שניט און דאָס דרעשן פאַרלאַנגען אַ פולשטענדיקע און פרייע אי־ניציאַטיווע פונעם פּויער, אַ פולשטענדיקע דעצענטראַליזאַציע אָבער די רוסישע קאָמוניסטישע כאַמסטוואָ, וואָס האָט געמאַכט פון גאַנץ רוסלאַנד אַ ק.ג.ב.־געפענגעניש, האָט דערפירט דאָס רוסישע דאָרף ניט נאָר צו אַ סטאַטוס פון אַ געפענגעניש, נאָר אויך צו אַ ווירט־שאַפטלעכן כאַאָס. איך וואָלט געוואָלט זיין אַ פאַלשער נביא, אָבער לויט מיין מיינונג האַלט די גרויסע הונגער־קאַטאַסטראָפע אין רוס־לאַנד ערשט אין קומען. „דער כאַם קומט!" האָט מיט אַ סך יאָרן

צוריק אויסגערופן דער גרויסער רוסישער שרייבער מערעזש־קאָווסקי, דער מחבר פון דער טרילאָגיע „קריסטוס און אַנטי־קריס־טוס". אויב לעניִן, וולאַדימיר איליטש, האָט מיט זיינע משוגענע אידעען וועגן סאָציאַליזם אין רוסלאַנד פריער פון אַלץ געוואָלט נקמה נעמען פאַר דעם געהאַנגענעם עלטערן ברודער זיינעם, איז סטאַלין און קאָמפּאַניע פּשוט געקומען אַלס אונטערוועלט־„רעוואָ־לוציאָנערן" און זיי האָט ניט אינטערעסירט דער גורל פון אַ הונדערט מיליאָן פּויערים. נאָך אַלעמען איז דאָס רוסישע דאָרף צוגעווווינט צו הונגערן פון צייט צו צייט. ניט נאָר מענער ווי הערצען, נאָר אפילו אַ טורגעניעוו האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן די אומענדלעכע כאַמסטוואָ פון די רוסישע מאַכט־האָבערס, צי זיי זענען שוואַרצע אָדער ווייסע אָדער רויטע. די לעצטע האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר די אכזריותדיקסטע. דאָס האָט דאָך דערפירט דערצו, אַז אַן אויסוווּרף ווי דזשוגאַשווילי־סטאַלין, גאָר ניט קיין רוסישער מענטש, האָט אין נאָמען פון רוסלאַנד געשלאָסן אַ פריינד־שאַפט־אָפּמאַך מיט אַדאָלף היטלער, אַ מאָנסטער פאַרברעכער.

איצט וועלן גיין הונדערטער שיפן, געלאָדן מיט קאָרן, מיט אַמעריקאַנער, קאַנאַדער און פראַנצייזישן ווייץ, קיין רוסלאַנד, ניט פון רוסלאַנד. אַלס אַ פּאַטראָן פון עטלעכע אַפריקאַנישע און אַראַ־בישע לענדער, פאַרקנעכט פון דער רוסישער מאַכט, אפילו אויך אינדיע, וואָס דערוואַרט הונגער, וועט רוסלאַנד מוזן זיי אויך פאַרזאָרגן מיט ברויט, מיט אַ סך ברויט. דערפאַר קויפט מאָסקווע איין מיליאָנען טאָנען ווייץ...

ווער וועט צאָלן ? האָט סאָוויעט־רוסלאַנד געלט ? ווי איז עס מיט דעם אַלטן חוב צו אַמעריקע, וואָס האָט דערקלערט צו די פילאַנטראָפּן פונעם קרעמל, אַז וועגן נייע קרעדיטן קאָן מען ניט רעדן, ביז דער אַלטער חוב ווערט ניט באַצאָלט, באַצאָלט און ניט „געסעטלט". וועגן דעם פאַרהאַנדלט מען בסוד סודות, אַ באַנקראָ־טירטע מלוכה פאַרהאַנדלט מיט אַ גרויסמאַכט, וואָס איז אויך אין אַ קלעם : שאַ, שטיל...

דאָס איז דאָס היינטיקע רוסלאַנד, כמעט פינף און פופציק

יאָר נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע, אונטער דער פירערשאַפט פון ברעזשניעוו, קאָסיגין און פּאָדגאָרני פּלוס ק.ג.ב....

**
*

די סאָוויעט־רעגירונג לאָזט פּובליצירן קורצע, כלומרשט ניט פון גרויסער וויכטיקייט מעלדונגען וועגן דעם איינקויף פון מי־ליאָנען טאָנען קאָרן אויפן פּאַל פון אַ הונגער־קאַטאַסטראָפע. עס האָט אָפּגענומען דאָס לשון ביי דער „טאַס״־אַגענטור און ביי דער „פּראַוודאַ״. ביידע זענען פאַרנומען מיט דעם דורכפאַל אין עגיפּטן, מיט די נייע אַוואַנטורעס אין סיריע און איראַק. ווער ווייסט, צי מען וועט ניט שליסן אַן אָפּמאַך מיט ליביע און סודאַן, ווו מען האָט געהאָנגען אַזוי פיל קאָמוניסטן וויפל מען האָט נאָר געקאָנט געפינען.

דאָס איז אַלץ אַ שפּיל פון די סאָוויעטישע אַגענטורן מיט איג־פאָרמאַציעס. די וויכטיקסטע פון די אַלע נייעס זענען די קורצע מיט־טיילונגען וועגן דעם איינקויף פון קאָרן...

(„דער וועקער״, יאַנואַר 1973)

# טעראָר — און די „פּאַראייניקטע פעלקער" *)

מען דאַרף אָנרופן די געשעעענישן פון די לעצטע חדשים מיט דעם נאָמען וואָס פאַרדעקט ניט און פאַרטוישט ניט זייער אינהאַלט, נאָר וואָס דעקט אויף די פאַרברעכערישע קאָנספּיראַציע. נאָך די בריוו מיט אויפרייס־שטאָף, נאָך דעם פאַרכאַפּן לופט־מאַשינען וואָס מען האָט אָנגעהויבן קלאַסיפיצירן אין די צייטונגען אונטער דעם נאָמען „פּיראַטעריי", אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ גאַנץ געוויינטלעכע און נאָרמאַלע טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, מעג מען דערוואַרטן בריוו מיט באַצילן און אַלערליי סם. אין אַלע גרויסע אייראָפּעאישע צענטרען, אין פּאַריז, לאָנדאָן, קאָפּענהאַגען, שטאָקהאָלם, רוים און זשענעווע געפינען זיך לעגאַליזירטע אָפיסעס פון דער אַראַבישער ליגע, וועלכע האָבן די שטיצע און די דעקונג פון די אַראַבישע אַמבאַסאַדעס און „פּראַקטיצירן" אָפן.

דאָס פאַרברעכן אין מינכען איז פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד פאַר די אויגן פון אַ ריזיקן אינטערנאַציאָנאַלן פאָרום. פון דעסטוועגן האָט מערב־דייטשלאַנד דערקלערט אַז עס וויל ניט זיין קיין צד אין דעם אַראַביש־יידישן קאָנפליקט און האָט פשוט באַפרייט די דריי מערדערס פון די ישראלדיקע אַטלעטן. די טענה

*) דער דאָזיקער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן איידער די אַראַבישע טעראָריסטן האָבן פאַרכאַפּט די סאַוד־אַראַבישע אַמבאַסאַדע אין כאַרטום, סודאַן, און האָבן דערמאָרדעט דעם בעלגישן און די צוויי אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטן.

פון די דייטשע הומאַניסטן איז אַ טענה, וואָס מען קאָן פאַרשטיין, אָבער דאָס פאַרברעכן איז דאָך געשען אין דייטשלאַנד און די גרעסטע דייטשע הומאַניסטן קאָנען ניט לייקענען אַז ס'איז געווען די פליכט פון דער דייטשער יוסטיץ צו משפטן די אַראַבישע מערדערס.

אין פראַנקרייך איז די לאַגע אַ סך ערגער. עס אַרבעטן אין פראַנקרייך הונדערטער טויזנטער אַלזשיריאַנער אַרבעטער און אַ סך פון זיי זענען שוין פראַנצייזישע בירגער. אין די פראַנציי־זישע אוניווערסיטעטן שטודירן טויזנטער אַלזשיריאַנער און אַנ־דערע אַראַבישע סטודענטן, צווישן וועלכע עס איז שוין דאָ אַ גרויסע צאָל פראַנצייזישע בירגער. דאָס איז אַ מין פּני, אַן אַדל פון מחמדאַנער, וואָס זייער האַרץ איז פול מיט פייער און פלאַם פאַר דעם „דזשיהאַד", פאַר דער הייליקער מלחמה קעגן יידן. די דאָזיקע פראַנצויזן פון אַלזשיריאַנער אָפּשטאַם באַטראַכטן זיך פאַר פּריווילעגירטע פראַנצויזן און די פּריווילעגיע באַשטייט הויפּט־זאַכלעך אין דעם רעכט צו פּראַקטיצירן פּאָגראָמהאַס קעגן יידן. אַלזשיר איז הונדערטער יאָרן לאַנג געווען דאָס לאַנד פון פערמאַ־נענטע גרויזאַמע פּאָגראָמען אויף יידן. אַדאָלף קרעמיע, דער גרויסער מנהיג פון דעם פראַנצייזישן יידנטום האָט זיי אָפּגעטאָן אויף טערקיש און זייענדיק ביי דער מאַכט דערקלערט אַלע אַל־זשיריאַנער יידן פאַר פראַנצייזישע בירגער. ער האָט דערמיט געטאָן אַ טובה די יידן, וואָס האָבן איצט פאַרלאָזן אַלזשיר און אויפגענומען געוואָרן אין פראַנקרייך אַלס גלייכבאַרעכטיקטע פראַנ־צייזישע בירגער. אַ רחמנות אויף די אַלזשיריאַנער אין אַלזשיר, וואָס האָבן מער ניט קיין יידן פאַר פּאָגראָם־צוועקן און די אַל־זשיריאַנער אין פראַנקרייך קאָנען זיך ניט לאָזן אַזוי ווילגיין ווי ביי זיך אין דער היים. זיי קאָנען נאָר ריין „אידעאָלאָגיש" מיט־מאַכן דעם שפּיל פון די אַראַבישע באַנדיטן. ס'איז אַ לאַנגע פינצ־טערע געשיכטע...

אַז בעלגיע און די שווייץ זענען אַ פּלאַץ פאַר דעם אָפּפאַל פון דעם נאָענטן אָריענט און מיטללענדישן ים איז קלאָר. די רע־

גירונגען נעמען אַן אַלע מעגלעכע מיטלען אויף צו היטן זייערע לענדער און רייניקן זיי, אָבער די אויפגאַבע איז זייער אַ שווערע.

עס ווייזט אויס, אַז בעסער און גרינגלעכער פון אַלעמען האָבן די דייטשן אָפּגערייניקט זייער לאַנד פון די אַראַבישע געסט, אָבער צום סוף האָבן זיי אָפּגעטאָן אַזאַ נבלה וואָס לייגט זיך פשוט ניט אויפן שכל.

איראָפּע איז טעראָריזירט. די אַמאָליקע שייכן און זייערע שקלאַפן אין די אַראַבישע וויסטעניִשן האָבן באַקומען ביי זיך אינסטאַלירט נאַפט־קוואַלן וואָס ברענגען אַריין פאַנטאַסטישע אוצ־רות מיט גאָלד און איסלאַם ווערט פּראָקלאַמירט פאַר דער פירנ־דער רעליגיע. פרייע וואַנדערונג עפנט טיר און טויער פאַר אַ פאַנאַטיזירטן המון, וואָס ווערט פאַרכאַפּט פון רוסישן „סאָציאַ־ליזם" און „קאָמוניזם". עס איז אַ פולשטענדיקער הפקר, דאָס וואָס די ענגלענדער רופן אָן אויף זייער שפּראַך אַ „פרי פאָר אָל", דאָס הייסט, טוט, חברה, וואָס איר ווילט, ווען איר ווילט, וויפיל איר ווילט. איז געשען אין אוגאַנדאַ, אַז אַ משוגענער סאָל־דאַט מיט דעם ראַנג פון אַ סערזשאַנט, אַמאָל אַ ליבלינג פון דער ענגלישער קאָלאָניאַלער אַרמיי, אַזוי צו זאָגן, אַ פיינער תלמיד פון די ענגלישע אָפיצירן, נאָך דער באַפרייאונג פון דעם לאַנד, פאַרכאַפּט די מאַכט, ווערט דיקטאַטאָר און הייסט קנאַפּע הונדערט טויזנט מאַן מיט ענגלישע פאַספאָרטן תיכף פאַרלאָזן דאָס לאַנד...

דער סערזשאַנט איז אָבער ניט אַליין. דער סערזשאַנט ווערט אויף אַ גאַנץ דעמאָנסטראַטיוון אופן געשטיצט פון דעם מושל פון ליביע, אַ יונגער אָפיציר, וועלכער איז אויך ניט אַליין, נאָר האָט עגיפּטן אַלס אַ פאַרבינדעטן. עגיפּטן איז איצט געקניפּט און געבונדן מיט סיריע, וועלכע באַקומט וואָפן פון סאָוויעט־רוסלאַנד. עס איז שווער צו זאָגן, ווו איז דער אָנהייב און ווו איז דער סוף פון דער קייט. עס איז אָבער ניט שווער צו זען אַז אַ קליינער פונק פון פייער וועט אַרויסרופן דאָ אַן אויפרייס און אַ מלחמה, וואָס זיי ווילן אויסמיידן, ווייל דאָס וואָלט געהייסן אַ וועלט־קאַטאַסטראָפע.

פאַר יידן איז דער גאַנצער ענין פון אַ ספּעציעלער באַדיי־
טונג, ווייל דער ווונטש צו פאַרניכטן מדינת ישראל און אויף
וויפיל ס׳איז מעגלעך אומצוברענגען יידן און רויבן יידיש פאַר־
מעגן איז דער איינציקער צוועק, וואָס פאַראייניקט די זין פון
איסלאַם. גראָד איצט האָבן אויפגעלעבט די לומדים פון איס־
לאַם און האַלטן אָפּ וויסנשאַפטלעכע קאָנפערענצן וועגן דער גרויס־
קייט פון מחמדס תורה. עס איז פאַרגעסן ריינאַקס זאָג, דעם
פראַנצייזיש־יידישן באַרימטן למדן, אַז דאָס וואָרט רעליגיע בינדט
זיך ניט בכלל מיט איסלאַם, וואָס איז פשוט אַ מישמאַש פון פּאָס־
טולאַטן פון פאַרשידענע רעליגיעס...

***

ניט וועלנדיק אַרויסרופן ביי יידן קיין פּאַניק מוזן מיר פאָרט
ריכטיק אָפּשאַצן די דראַמע וואָס שפּילט זיך אָפּ אין אַלע טיילן
פון אַפריקע. מיר פאַרגלייכן ניט די נישטיקע פיגור פונעם פשוטן
סאָלדאַט אין דער אַמאָליקער ענגלישער קאָלאָניאַלער אַרמיי
אין אוגאַנדאַ, מיט דעם מאַראָקאַנישן קעניג אויף וועלכן זיינע
אָפּיצירן האָבן אָרגאַניזירט אַן אמתע יאַגד מיט מיליטערישע עראָ־
פּלאַנען — און דאָס שוין נאָך דעם דורכפאַל מיט דעם מערדער־
לעכן רעוואָלט אינעם פּאַלאַץ און אַ הונדערט טויטע קרבנות —
אָבער מען מוז דאָך אָנערקענען, אַז האָבן פאַרטרעטער פון די
אַפריקאַנער און אַראַבישע לענדער אין דעם פעלקערבונד — די
אָנ״ו — איז אַ נאָנסענס, ווי אַ נאָנסענס עס איז געווען צו האָבן
או־טאַנט דעם בורמעזער אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אָנ״ו.

איז ניט די צייט געקומען צו זאָגן אָפן, אַז די גאַנצע קאָנ־
צעפּציע, אויף וועלכער דער היינטיקער פעלקערבונד (די אָנ״ו)
איז געשאַפן איז אין גרונט גענומען אַ פאַלשע? די פראַנצייזישע
פאָרמולע פון „עגאַליטע״ איז ניט ווערט אַן אויסגעבלאָזן איי.
מען קאָן פראָקלאַמירן מענטשן־גלייכקייט אַלס אַ הייליק געבאָט
אָבער מען קאָן ניט באַטראַכטן ווי גלייכבאַרעכטיקטע דעם פּרע־
זידענט פון טוניס בורגיבאַ מיט דעם צעדרייטן מושל פון ליביע,
קאַדאַפי, אָדער דעם, איר זאָלט מיר מוחל זיין, „גענעראַל אַמין״

פון אוגאַנדאַ און סער אַלעק היום, דעם אויסערן־מיניסטער פון ענגלאַנד. אַן אויסגעטראַכטע פאָרמולע, די שענסטע און איב־האַלטס־רייכסטע, איז איינס, און די רעאַליטעט, דיווירקלעכקייט, איז גאָר אַן אַנדערע זאַך. די זיצונגען פון דער אָנ״ו זענען פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ קלוב פון רעדנערס אָן שום רעזולטאַטן, לעצטנס אפילו אָן שום רעדנער־עפעקטן. דער נייער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אָנ״ו, דער עסטרייכער וואַלדהיים, האָט זיך געכאַפּט, אַז עס איז אוממעגלעך צו דיריגירן דעם אַפּאַראַט פון די טויזנטער אָנגעשטעלטע און ער באַמיט זיך אַריבערצופירן אַ טייל פון זיי קיין זשענעווע, אין דעם אייראָפּעאישן טייל פון דער אָנ״ו. דאָס וועט אָבער זיכער ניט העלפן. עס וואָלט געווען נאַטיר־לעכער און געזינטער איינצוטיילן די ריזיקע מאַשין לויט די קאָנ־טינענטן, כדי אויסצומיידן דעם היינטיקן מיש־מאַש. עס וואָלט געווען נויטווענדיק צו האָבן אַ געוויסן קאָנטראָל, אויב ניט סאַנק־ציאָנירן די כלומרשט לאָקאַלע פאַרהאַנדלונגען און רעגיאָנאַלע אָפּ־מאַכן צווישן פאַרשידענע לענדער, כדי צו וויסן ווו מען האַלט אין דער וועלט. היינט ווערט דאָס געטאָן בסוד סודות. אינדיע האָט אירע אייגענע געהיימע פאַרבינדונגען, פאַקיסטאַן ווידער האָט אירע אייגענע פריינד, רוסלאַנד, כינע און יאַפּאַן איז אַ געהיימע וועלט פאַר זיך, פאַרהאַנדלונגען אין העלסינקי און ווין זענען פאַרנומען מיט פּראָבלעמען פון שלום און מלחמה, אייגנטלעך ניט מיט שלום, נאָר מיט מלחמה.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז די אָנ״ו נאָר אַ טריבונע פאַר האַלטן רעדעס און אַלערליי האַלב־געהיימע אָרגאַניזאַציעס, ווי צום ביישפּיל, די אַראַבישע טעראָריסטן, געשטיצט פון די אַראַבישע לענדער, האָבן די פולשטענדיקע פרייהייט צו טאָן וואָס זיי ווילן. דאָס איז ניט קיין יידיש פּראָבלעם, הגם די סכנה איז גרעסער פון אַלץ פאַר יידן און ניט נאָר פאַר יידן אין מדינת ישראל. די גאַנצע וועלט איז אין אַ געפערלעכן צושטאַנד פלוצ־לינג פאַרכאַפּט צו ווערן פון אַ קאַטאַסטראָפע...

(„דער וועקער״, אַפּריל 1973)

# אינהאַלט*

זייט



---

*) די אַרטיקלען זענען אויסגעסדרט לויט דער כראָנאָלאָגיע פון זייער דערשיינען, אַ חוץ קליינע אויסנאַמען, וואָס זענען צווישן זיך טעמאַטיש פאַר־בונדן.

זייט

# ווערק פון וולאַדימיר גראָסמאַן

## י י ד י ש

גענאָרג בראַנדעס און פּעטער קראָפּאָטקין
אַמאָל און היינט
מענטשן און פּראָבלעמען

## ע נ ג ל י ש

פּאַן־דזשערמאַניק וועב (פּאַן־געׂרמאַניזם)
די פאָל איז קאָלינג (די ערד רופט)
דריי בענדער קאַנעדיען דזשואיש יירבוק
(קאַנאַדער יידיש יאָרבוך)

## ד ע נ י ש

קאַזאַקלאַנד
דע גאַמלע רוסלאַנד אָ דע ניע
(דאָס אַלטע רוסלאַנד און דאָס נייע)
פּאַריז (געקרוינט מיט אַ פּרייז)
קאָרסווייען (אויפן קרייצוועג), דראַמע.

### צוגעגרייט צום דרוקן:

„אָרט" — אינטערנאַציאָנאַל
„אָרט" אין שוועדן

